# די יוגענד געשיכטע
# פון אן־ארבייטערין

דערצעהלט פון איהר אליין

איבערזעצט

פון אלגין



פרייז 15 סענט

ארויסגעגעבען פון „די אידישע ארבייטער וועלט"

739 -- 12טע סטריט :-: :-: שיקאגא, איל.

# די יוגענד געשיכטע
פון
# אן־ארבייטערין

---

דערצעהלט פון איהר אליין

---

איבערזעצט פון אָלגין.

**פרייז 15 סענט**

ארויסגעגעבען פון די
„אידישע ארבייטער וועלט“
739 -- 12טע סטריט
שיקאגא, איлл.

## גענאָסע אויגוסט בעבעלס פארוואָרט צו דיעזעס ווערק.

די „יוגענד געשיכטע“ פון אדעלהייד פאפ איז ער־שיענען אָהן דעם נאָמען פון שרייבער. גענאָסע אויגוסט בעבעל שרייבט אין זיין פאָררעדע צו דיעזען ווערק פאָלגענדעס:

„נאָר איין חסרון געפין איך אין דער שריפט — וואָס די פערפאַסערין איז געוועזן צופיעל בעשיידען, און האָט ניט אויסגעזאָגט איהר נאָמען. איהר נאָמען נאַטירליך וועט ניט בלייבען קיין סוד, נאָר איך רעכען — דאָס ביכעל וואָלט זיך שנעלער פאַנאַנדערגעגאַנגען, ווען די, וועלכע די גאַנצע וועלט קען, וואָלט געזאָגט אָפען: „אָט דאָס בין איך אמאָל געוועזן און דאָס בין איך איצט. וואָס איך האָב געטהאָן — האָב איך גע־מוזט טהאָן, איהר אַנדערע קענט אויך אַזוי טהאָן, איהר מוזט נאָר וועלען“.

מיין וואונש איז, אַז די שריפט זאָל זיך פערשפריי־טען אין צעהנדליגע טויזענטער עקזעמפּלאַרען“.

# די יוגענד געשיכטע פון אַנ׳ארבייטערין.

---

מענשען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אין נאָרמאַלע בעדינגונגען, דערמאָנען געוועהנליך זייערע קינדער־יאָהרען מיט דאַנק און ריהרענדע ליעבשאַפט; אין די טעג פון שווערע און דריקענדע לײדען קוקט מען זיך ס׳רוב אום צוריק — אויף די שעהנע, גליקליכע, זאָרגען־פרייע יוגענד, און ניט איינמאָל רייסט זיך אפילו אַ זיפץ ארויס פונ׳ם טיעפען הארצען : אַך, וואו נעהמט מען דאָס וויעדער !

אין מיר דערוועקען מיינע קינדער־יאָהרען, ווען איך הויב זיי אָן דערמאָנען, גאָר אנדערע געפיהלען. איך האָב אין מיין קינדהייט ניט געוואוסט, וואָס הייסט ווארעמקייט, וואָס הייסט ליכט. איך האָב ניט געהאַט קיין רוהיגע היים, קיין פריעדליכע נעסט, וואו מוטער־ליעבע זאָל אָבהיטען און בעשיצען מיינע קינדערשע יאָהרען. און פונדעסטוועגען האָב איך יאָ געהאַט אַ מוטער, אַ געטרייע איבערגעגעבענע מוטער, וואָס האָט זיך מקריב געווען פאַר איהרע קינדער, וואָס האָט זיך ניט ערלויבט אָבּרוהען קיין איינציגען טאָג, קיין איינציגע שעה — שטענדיג געטריעבען פון דער נויט, שטענדיג טראַכטענדיג נאָר וועגען איינם : אַז מיר, קינדער, זאָלען ניט ליידען קיין הונגער, אַז מיר זאָלען אויסוואַקסען עהרליכע מענשען. וואָס איך געדענק יאָ פון מיין קינדהייט, איז אַזוי טונקעל און שווער, און עס זיצט אַזוי פעסט אין מיין זכרון, אַז איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פערגעסען. דאָס, וואָס ס׳רופט ארויס ביי קינדער אַ שטורעמדיגע פרייד, דאָס, וואָס ס׳ברייננגט זיי אריין אין גרויסע התפעלות : ליאַלקעס, שפיעלכלעך, מעהרכען, נאַשערייען, קריסטמאַס־בוימער — דאָס אַלעס האָב איך קינדווייז קיינמאָל ניט געהאַט. אין אונזער איין־איינציגען צימער האָט מען געארבייט, גענעסען, געשלאָפען און זיך געקריעגט — און דאָס צימער איז געווען מיין גאַנצע וועלט. איך קען זיך ניט דערמאָנען, אַז עמיצער זאָל מיר זאָגען אַ גוט וואָרט, אַז עמיצער זאָל מיר געבען אַ גלעט ; איך געדענק נאָר דעם שרעק, מיט

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

ווען איך פלעג זיך פערקלייבען אין א ווינקעלע אָהער אונטער'ן בעט, ווען עס פלעגט זיך אָנהויבען א רייסעריי. ווען דער טאטע פלעגט ברייגנען אהיים וועניג געלד און די מאמע פלעגט איהם אָנהויבען אויסרעדען פאר זיינע שלעכטע פיהרונג. דער טאטע איז געווען א שרעקליכער כעסן, פלעגט ער שלאָגען די מאמען, און זי האָט אָפט געמוזט האלב־נאקעט אנטלויפען און זיך בעהאלטען ביי די שכנים. פלעגען מיר אויף עטליכע טעג בלייבען אליין מיט'ן טאטען : יענער איז ארומגעגאנגען א אָנגערוקטער און מ'האָט זיך איהם ניט געטאָרט ווארפען אין די אויגען. עסען איז אין אזא צייט געווען וועניג־וואָס, שכנים פלעגען אויף אונז רחמנות האָבען און אונז אויסהעלפען, ביז די זאָרג וועגען די קינדער און דער בעל־הבית'ישקייט פלעגען ווידער ברייגנען די מאמע אהיים.

אזוינע סצענעס פלעגען זיך טרעפען כמעט אלע חודש, אמאָל נאָך אָפטער. איך בין געווען זעהר שטארק צוגעבונדען צו דער מוטער, פאר'ן טאטען האָב איך שטענדיג מורא געהאט און זיך געשראָקען, און איך געדענק ניט, איך זאָל צו איהם אמאָל רעדען אָדער ער זאָל זיך צו מיר ווענדען מיט א פּאָאָר ווערטער. עס האָט איהם פערדראָסען, וואָס איך, דאָס איינציגע מיידעלע צווישען אלע פינף קינדער, האָב געהאט שווארצע אויגען, אזוי ווי די מאמע.

איין קריסטמאס־אבענד געדענק איך נאָך איצט זעהר דייטליך, איך בין דעמאָלט נאָך ניט אלט געווען קיין גאנצע פינף יאָהר. שיער־שיער האָב איך דאָס יאָהר א קריסטמאס־בוימעלע בעקומען. די מאמע האט כאָטש איין מאָל געוואָלט ווייזען איהר יונגסטען קינד — דאָס הייסט מיר — וואָס איז אזוינס קריסטמאס. גאנצע וואָכען האט זי כסדר אָבגעשפּאָרט א קרייצער נאָך א קרייצער, כדי צו קענען מיר קויפען קליינע בלעכענע כלים. דאָס בוימעלע איז געווען אויסגעפוצט מיט קאָליריגע פּאפּיערענע קייטען, מיט בעגאָלדעטע ניס און מיט וואָלוועלע שפּיעלכעלעך. מיט'ן אָנצינדען די ליכטלעך האט מען געווארט אויפ'ן טאטען, וועלכער איז געגאנגען צום פאבריקאנט אָבטראָגען סחורה. ער האט געזאָלט ברייגנען געלד. ס'איז אָבער שוין געוואָרען זעקס א זייגער, נאָכדעם זיעבען, נאָכדעם אכט, און

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

דער טאַטע איז אַלץ ניט געקומען. מיר זיינען אַלע געווען הונ־געריג און האָבען געבעטען, מען זאָל אונז געבען עסען. ס'איז געווען אָנגעגרייט מאַהנדעלעך, עפּעל און ניס. מיר האָבען געגעסען אָהן דעם טאַטען און נאָכדעם האָב איך געמוזט זיך לעגען שלאָפען — און די ליכט אויפ'ן בוימעלע האָט מען אַלץ ניט אָנגעצונדען. די מאַמע איז געווען זעהר צעטראָגען און פאַר־דאגה'ט — איז דאָס איהר ניט געלעגען אין קאָפּ. איך בין געלעגען אין בעט און האָב ניט געקענט שלאָפען; איך האָב זיך אַזוי לאַנג געריכט אויף דעם היינטיגען יום־טוב, צום סוף איז פון איהם גאָר ניט געוואָרען. דער טאַטע איז געקומען אַהיים זעהר שפּעט; די מאַמע האָט איהם אויפגענומען ניט זעהר פריינדליך, האָט זיך אָנגעהויבען א צאַנקערייַ. ער האָט גע־בראַכט וועניגער געלד, איידער די מאַמע האָט גערעכענט; ער האָט געמוזט געהן צופוס אַנ'ערך צוויי שעה, איז ער אריינגע־גאַנגען אין א שיינק זיך אָנוואַרימען און האָט אויסגעטרונקען מעהר ווי ער האָט געקענט פערטראָגען. בעת'ן געפּילדער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין שטוב, האָב איך פון מיין געלעגער בגנבה ארויסגעקוקט אויפ'ן טאַטען און אויף דער מאַמען — און האָב דערזעהן, ווי מיין טאַטע האָט מיט א האַק צעבראָכען מיין בוימעלע — — — שרייען האָב איך מורא געהאַט, איך האָב נאָר געוויינט, געוויינט אַזוי לאַנג, ביז איך בין אנשלאָפען גע־וואָרען.

אויפ'ן אנדערען טאָג האָט מיר דער טאַטע, אויס רחמנות, געגעבען עטליכע קרייצער איך זאָל מיר קויפען בלעכענע כלים. גוטע מענשען האָבען מיר אויך געשענקט א ליאַלקע און אַנדערע שפּילכלעך, וועלכע זייערע קינדער האָבען שוין ניט געדאַרפט האָבען, ווייל זיי האָבען שעהנערע און פרעכטיגערע.

און נאָך איין קריסטמאַס געדענק איך. איך בין שוין דע־מאָלט געגאַנגען אין שול, האָט איינער א רייכער בעל־הבית פון א פאַבריק, וואו ס'האָבען געאַרבייט עטליכע הונדערט מענער און פרויען, געמאַכט א קריסטמאַס־אבענד פאַר אַלע קינדער פון דער שול. איך בין אויך געווען איינע פון די גליקליכע, וואָס האָבען בעקומען נאַשערייען און וואָלענע קליידער. דער גרויסער מעכטיגער טענענבוים האָט פערשפּרייט אַזוי פיעל ליכט, ווי

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

איך האָב נאָך זינט איך לעב ניט געזעהן, און די יום־טוב'דיגע סעודה האָט אונז אַלע געמאַכט זעהר אויפגעלעגט. ווי דאַנקבאַר בין איך געווען דעם גוטהערציגען רייכען מאַן, וועלכער האָט געזאָרגט פאַר אונז אָרימע קינדער. ווען די מאַמע איז שפּעטער געבליבען אַנ'אַלמנה און האָט געמוזט אַרבייטען ביי דעמזעלביגען פאַבריקאַנט צוועלף שעה אַלע טאָג פאַר דריי גולדען א וואָך, האָב איך נאָך ניט געקענט פערשטעהן, אז דערפון נעהמען זיך זיינע אַלע „חסדים“.

ערשט שפּעטער מיט יאָהרען האָב איך דאָס אָנגעהויבען פערשטעהן.

*　　*
*

מיין טאַטע האָט בעקומען עפּיס א שלעכטע חולאת — און אונז איז געוואָרען זעהר שווער צו לעבען. אין שפּיטאָל האָט ער ניט געוואָלט געהן, און אָהן א דאָקטאָר און רפואות האָט ער ניט געקענט אויסקומען. דער דאָקטאָר און די רעצעפּטען האָבען איינגעשלונגען כמעט דאָס גאַנצע פערדיענסט, און אונז איז געוואָרען אַלעמאָל ענגער און שווערער. אַלעמאָל, ווען מ'פלעגט מיך שיקען אין אַפּטייק, פלעגט די מאַמע זיך קלאָגען, ווען וועט דאָס שוין נעהמען אַנ'עק. איינמאָל איז דעם טאַטען געוואָרען אזוי שלעכט, אז מ'האָט געררופען דעם גלח, כדי ער זאָל זאָגען מיט'ן טאַטען ווידוי און איהם מיטגעבען די הייליגע זאַכען, וואָס מען גיט א מענשען פאַר'ן טויט. דאָס איז געווען פאַר מיר א גרויסע געשעהעניש. אַלע איינוואָהנער פון'ם הויז האָבען זיך געשטעלט אויף די קניה אין אונזער צימער, און מיר אויך בתוכם. ווייהרויך האָט אָנגעפילט די שטוב, און דער מאַמעס כליפּען האָט זיך געלאָזט הערען צווישען די תפלות. שפּעטער מיט עטליכע שעה איז דער טאַטע געשטאָרבען. די מאַמע האָט איהם קיינמאָל ניט געקענט פערגעסען, וואָס ער האָט פאַר'ן טויט ניט אויסגערעדט צו איהר קיין פריינדליך וואָרט און האָט אונז קינדער ניט געזאָגט קיין מוסר.

איך בין ניט געווען טרויעריג, פערקעהרט, ווען איך האָב געטראָגען די טרויער־קלייהער מיט'ן הוט און מיט דעם שלייער,

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳אַרבייטערין.

וואָס א פערמעגליכע פאַמיליע האָט אונז געליהען, האָב איך גיכער געפיהלט עפּיס א מין גאוה, וואָס איך בין אויך אַזוי שעהן אָנגעטהאָן. די מאַמע האָט איצט אליין געמוזט דערנעהרען פינף קינדער. דער עלטערער ברודער מיינער איז שוין דעמאָלט אַלט געוועזן 18 יאָהר, ער האָט אונז אָבער ניט געקענט העלפען, וואָרום די מלאכה, וואָס ער האָט זיך געהאַט אויסגעלערענט, האָט גראָד דעמאָלט אָנגעהויבען פערשווינדען פונ׳ם מארק, האָט ער ניט געקענט פערדיענען. ער האָט זיך בעשלאָסען זוכען זיין גליק אין פרעמדע ערטער און איז אוועק פון דער היים. די צוויי בריעדער, וואָס האָבען ביז אַהער געאַרבייט מיט׳ן טאַטען אין שטוב, האָט מען אָבגעגעבען צו בעלי־מלאכות זיך לערנען, דער יונגסטער צעהניעהריגער איז נאָך געגאַנגען אין שול.

די מאַמע האָט געהאַט א פעסטען כאַראַקטער; פון דער נאַטור איז זי געוועזן זעהר א פערשטענדליכע און האָט געהאַט איין וואונש — ווייזען, אז א מאַמע קען אויך אויפהאָדעווען קינדער. איהר איז דאָס אָנגעקומען זעהר שווער. וואָרום א חוץ הויז־אַרבייט האָט זי ניט געקענט קיין שום מלאכה. זי איז געבליעבען א יתומה זעהר פריה און צו זעקס יאָהר האָט זי שוין געמוזט געהן דיענען; אין א שול איז זי קיינמאָל ניט געגאַנגען און האָט דעריבער ניט געקענט ניט לייענען, ניט שרייבען. זי האָט אויך פיינט געהאַט די „ניי־מאָדישע געזעצען“, ווי זי האָט גערופען די שול־פפליכט*). וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, פלעגט זי זאָגען, אז פרעמדע מענשען זאָלען זיך מעגען אַריינמישען און זאָגען טאַטע־מאַמע א דעה, וואָס זיי זאָלען טאָהן מיט זייערע קינדער. אין דעם פּרט איז דער טאַטע מוסכם געוועזן מיט דער מאַמען, און מיינע בריעדערלעך האָבען איהם שוין ווען זיי זענען אַלט געוועזן צעהן יאָהר געמוזט העלפען ביי דער אַרבייט (ער איז געוועזן א וועבער). דריי יאָהר אין שקאָלע, האָבען מיינע עלטערן גערעכענט, איז אַריבער גענוג, און ווער ס׳האָט זיך ניט אויסגעלערענט גאָר ניט ביז צעהן יאָהר, וועט

---

*) אין עסטרייך און דייטשלאַנד זענען די עלטערן מחויב שיקען זייערע קינדער אין שול, אניט ווערען זיי בעשטראָפט. דאָס הייסט שול־פפליכט.

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

שפעטער אויך ניט ווערען קיין לייט. איצט האט די מאמע הען יונגסטען ברודער אויך געוואלט אבנעהמען פון שול, האט מען אבער גראד דעמאלט אנגעהויבען מעהר אכטונג געבען אויף די געזעצען וועגען שול־פפליכט, און די אדמיניסטראציע פון דער שול האט דעם ברודער ניט געוואלט בעפרייען. ערשט נאך פיעלע שתדלנות האט די מאמע זיך דערשלאגען, אז מ'האט איהם ארויסגעלאזט פון דער שול. מ'האט איהם צוגענומען פאר א אונטערהעלפער אין א פאבריק.

אזוי איז אוועק צווי יאהר. דער ברודער האט ביסלעכווייז פערדיענט, די מאמע האט געהארעוועט פון פריה ביז שפעט אין דער נאכט. איך האב געמוזט זארגען וועגען דער בעל־הבת'ישקייט. די גאנצע שטוב־ארבייט פלעג איך אבטהאן אין די שעה'ן, ווען איך בין געווען פריי פון דער שול. אויסגע־לערענט האב איך זיך אלע ארבייטען זעהר פריה. איך בין געווען שטאלץ, וואס די שכנים לויבען מיך, ווען איך שטעה ביי דער מולטער מיט וועש אדער איך פוץ די פארלאגע אדער איך שייל קארטאפעל צו מיטאג. איך האב געוואלט זיין א הילף צו מיין מוטער, אזוי אז אלע זאלען מיר דערפאר אבגעבען כבוד. אונזערע שכנים פלעגען לויבען מיין מאמע פאר איהר שטענדיגע הארעוואניע און פאר איהר מוטה, וואס זי וויל דורכ־אויס מאכען פון איהרע קינדער א תכלית. ס'זענען אבער גע־קומען שווערע טעג.

די אלגעמיינע ארבייטסלאזיגקייט איז געווארען גרעסער און גרעסער. מיינע בריעדער האבען פערלארען זייערע שטעלעס; די מאמע האט אויך אויפגעהערט פערדיענען. צום אונגליק האט דער יונגסטער ברודער זיך אויסגעגליטשט, געהענדיג א גאנג, וואס זיין בעל־הבית האט איהם געשיקט, און איז געפאלען אזוי שלעכט, אז ער האט אנגעהויבען קריינקען. א גאנץ יאהר איז ער געלעגען אין דער היים אויפ'ן קראנקען בעט, נאכדעם האט מען איהם געמוזט אבפיהרען אין שפיטאל. אוי האט מען דעמאלט געוויינט! ס'איז איהם אזוי שווער געווען זיך צו שיידען פון זיין ארימער היים, וואו מ'האט גאר אויף איהם ניט געקענט זיך אומקוקען ווי עס געהער צו זיין. גאנצע צווי יאהר איז ער נאך געלעגען, ביז דער טויט האט איהם בעפרייט פון

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

זיינע וועהטאגען. א גאנץ יאהר האט ער געמוזט ליעגען אויף א וואסער־קישען, כדי ס׳זאל איהם ניט אזוי וועה טהאן. עטליכע מאל האט מען איהם געמאכט אפעראציעס און כסדר אויסגעשניטען שטיקער ביין. מיר האבען איהם אזוי ווענינ געקענט העלפען. אונזער איינציגע טרייסט איז געווען, וואס פרעמדע מענשען האבען צו איהם מיטגעפיהל געהאט און האבען איהם געשענקט אלערליי מתנות. אויך די דאקטוירים און די פעלדשערינס האבען ליעב געקראגען דאס געדולדיגע, פרעהליכע יונגעל, וואס האט נאך מוטה געהאט צו זינגען ליעדער און צו מאכען פרעהליך אנדערע קראנקע אין דער צייט, ווען איהם אליין איז געווען אזוי שרעקליך שווער. ער איז אלט געווען פופצעהן יאהר, ווען מ׳האט איהם אויף קהל־שען חשבון בעגראבען אין א קהל׳שען קבר, וואו מען בעגראבט אלע קבצנים.

מיר האבען זעהר שטארק געליטען פון דער ארבייטסלאזיגקייט, קיינער פון אונזערע האט ניט פערדיענט גאר ניט. מ׳האט געהאפט אויף שניי : ווארום געוועהנליך דינגט מען ארבייטער צו אבשארען דעם שניי, וואלטען מיר געקענט פערדיענען עטליכע גראשען. איז אבער די דאזיגע האפנונג אויך ניט מקוים געווארען. אין דער צייט האט זיך געפונען ארבייט נאר פאר מיר — א קינד פון אכט יאהר. ווען איך פלעג קומען אהיים פון דער שול, וואס איז געווען זעהר ווייט פון אונזער שטוב, פלעג איך געהן צו א היים־ארבייטער און ביי איהם צונעהען קנעפ. דארט פלעג איך בלייבען ביז 9 א זייגער אויפדערנאכט ; שפעטער, ווען איך האב זיך גוט אויסגעלערענט די ארבייט, האב איך זי געמעגט טהאן ביי אונז אין דער היים. פערדיענט האב איך נאר עטליכע קרייצער, אהן זיי האבען מיר זיך אבער ביי אונזער שלעכטער לאגע בשום אופן ניט געקענט בעגעהן. די מאמע האט זיך ניט געשאנעוועט : גענומען וואס פאר אנ׳ארבייט ס׳האט זיך געטראפען. געהארעוועט מיט׳ן בלוטיגען שוויים ; זי האט אבער געמוזט אויסהאלטען, צוזאמען מיט׳ן קראנקען ברודער, וועלכער איז נאך דעמאלט געווען ביי אונז אין דער היים, גאנצע פינף נפשות, פינף הונגעריגע מענשען. האט מען זיך געכאפט פאר אלצדינג, וואו נאר מ׳האט געקענט בעקומען א פאאר גראשען : ווען ס׳איז געקומען נייאהר, האב איך געמוזט געהן צו די רייכע לייט פון אונזער

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

געגענד פון שטוב צו שטוב און זיי ווינשען א גוט יאהר; דערפאר פלעגט מען מיר געבען עטליכע קרייצער. אנדערע ארימע לייט זענען אבער אויך געפאלען אויפ'ן שכל אז מען קען אויף אזא אופן אוסניצען די קליינע קינדער, און אפט פלעגט זיך טרעפען, אז ווען איך בין אריינגעגאנגען אין א שטוב, האט זיך אקארשט די טיהר פערמאכט הינטער אנ'אנדער קליינעם נפש. פון דער הכנסה, וואס ס'האט געבראכט מיין וואנדערונג, האבען מיר בעצאהלט דירה־געלט.

אזוי זענען די ערינערונגען פון מיינע ערשטע קינדעריאהרען, און מיר דאכט, איך האב ניט איבערטריעבען, ווען איך האב געשריעבען, אז איך האב קינדוויז ניט געוואוסט וואס הייסט ווארעמקייט, וואס הייסט ליכט.

*     *
*

אין שול אריין האב איך ניט שטענדיג געקענט געהען, איך האב געמוזט פערדיענען, און אלעמאל ווען איך האב דורכגעלאזט די שול־צייט, האט דאס געהייסען, אז איך האב געארבייט א גאנצען טאג. סוף כל סוף האט מען פעראורטהיילט מיין מאמען צו א מעת־לעת ארעסט דערפאר, וואס איך קום ניט רעגעלמעסיג אין שול. איינמאל א שבת קומען זשאנדארמען און פיהרען זי אוועק אין תפיסה, ווארום זי האט פערשפעטיגט צו קומען פרייווילליג אבזיצען אין דער בעשטימטער צייט. די מאמע האט קיינמאל ניט פערגעסען די חרפה, וואס מ'האט איהר אנגעטהאן אומזיסט־אומנישט — איהר, א הארעפאשנער פרוי און א געטרייער מוטער. און ווי איך האב זיך געשעהמט — איז גאר שווער צו דערצעהלען. ס'איז מיר געווען א בזיון ארויסצוגעהן אין גאס, ווארום אומעטום האט מען גערעדט נאר פון דעם, אז צווי זשאנדארען האבען פערנומען מיין מאמען. אלע האבען פונדעסטוועגען געהאלטען, אז דאס איז א גרויסע עולה פון דער אדמיניסטראציע, ווארום די סבה איז אלעמען געווען זעהר גוט בעקאנט. דער לעהרער האט ניט איינמאל מוסר געזאגט דער מאמען, זי זאל מיך רעגעלמעסיג שיקען אין שול אריין. מ'האט געזאגט, איך האב גוטע פעהיגקייטען, און מ'האט גערעכנט,

# די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

עס קען פון מיר ווערען „עפּיס רעכטס“, ווען איך וועל כסדר לערנען. מ׳האָט אפילו געשיקט רופען מיין אפּעקון; יענער איז זיך אָבער געגאַנגען מיט דער שטה, אַז אָרימע קינדער דאַרפען זיך לערנען האָרעוועןאון פערטרויען אויף גאָט ברוך הוא, וועט זיי קיין בייז ניט געשעהען. אַלע זונטאָג האָב איך געמוזט קומען צו איהם מיט׳ן סדור אין דער האַנד — און ער פלעגט מיר זאָגען דרשות וועגען פרומקייט און גאָטס-פאָרכטיג-קייט און וועגען פאָלגען, וואָס גוטע פרומע לייט הייסען. אויב איך וועל אויסוואַקסען אזאַ פיין מיידעל, ווי ער און דאָס ווייב זיינס ווינשען, וועלען זיי מיר איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר לאָזען בירושה זייער ביסעל פערמעגען. אַזוי פלעגט ער זאָגען. אַזוי ווי איך בין אָבער אויסגעוואַקסען אַנדערש, ווי ער האָט געוואָלט, האָט דאָס ביסעל געלד בעקומען דער העררפאַסטאָר, וועלכער איז, ווי מ׳האָט געזאָגט, אַזוי אויך ניט געווען קיין קבצן. איך רעכען, דאָס געוויסען זיינס האָט איהם דוקא ניט שטאַרק געפּלאָגט.

*　　*

*

ווען איך בין אַלט געוואָרען צעהן יאָהר. איך בין נאָר וואָס אַריבערגעגאַנגען אין פיערטען קלאַס — האָבען מיר זיך איבער-געקליעבען אין שטאָדט. דאָ האָט מען מיך מעהר ניט פער-שריעבען אין קיין שול, און נאַטשאַלסטווע האָט, קענטיג, גאָר ניט געוואוסט, אַז איך בין דאָ אויף דער וועלט, וואָרום קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט, אַז איך געה ניט אין שול. פאַר וואָס דאָס איז אַזוי געווען, איז ניט שווער צו ערקלעהרען. די מאַמע האָט ניט געקענט שרייבען, און ווען מיר האָבען זיך אַריבער-געקליעבען אין שטאָדט, האָב איך געמוזט אויספילען די צעטלען, כדי צו איינמעלדען אונז אין דער פּאָליציי. איך האָב מיך געדאַרפט אריינשרייבען אין דער רובריק „קינדער“, אַזוי ווי איך האָב זיך שוין אָבער פאַר קיין קינד ניט געהאַלטען, האָב איך געלאָזט די רובריק ליידיג און בין געבליעבען ניט איינ-געמעלדעט. אַנדערע מענשען האָבען זיך אויך דערויף ניט אומגעקוקט.

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

„דו ביזט שוין א גרויס מיידעל און מוזט פערדיענען, ווי עס געהער צו זיין" — האט מיר די מאמע געזאגט. איך האב געהאט זעהר שטארק חשק צו לערנען ווייטער: ווערען א לעהרערין איז געווען מיין אידעאל, ס'וואלט אבער געווען א משוגע'נע פאנטאזיע צו רעדען וועגען דעם ביי אונזער לאגע — דאס האב איך שוין דאמאלט פערשטאנען מיט מיין קינדערשען שכל.

מיר האבען זיך אריינגעקליבען אין א קאמער צו צוויי אלטע לייט. אין דער קאמער איז געשטאנען צוויי בעטען: אין איינעם זענען געשלאפען די ביידע אלטע, און אין דעם אנדערען — איך מיט דער מאמען. מיך האט מען אבגעגעבען אין א ווערקשטוב, וואו איך האב זיך געלערענט שטריקען טיכער.. ארבייטענדיג פלייסיג גאנצע צוועלף שעה, פלעג איך פערדיענען פון 20 ביז 25 קרייצער א טאג*). ווען איך פלעג נאך מיטנעהמען ארבייט אהיים אויף ביי־נאכט, פלעג איך פערדיענען אביסעל מעהר. ווען איך פלעג אין דערפריה זעקס א זייגער לויפען צו דער ארבייט, זענען נאך אנדערע קינדער אין מיינע יאהרען געשלאפען רוהיג אויף זייערע געלעגערס, און ווען איך פלעג 8 א זייגער אין אבענד לויפען אהיים, פלעגט מען יענע לעגען זאטע און ציכטיגע שלאפען. ווען איך בין געזעסען אנגעבויגען איבער דער ארבייט און געשטריקט א שלייפעל צו א שלייפעל, זענען יענע געגאנגען שפאציערען אדער געזעסען אין שול. דעמאלט האב איך גערעכענט, אז אזוי דארף זיין, און האב ניט געפרעגט קיין קשיות, און נאר איין הייסער וואונש פלעגט זיך אלעמאל אויפהויבען אין מיין נשמה: *כאטש איינמאל זיך אויסשלאפען גוט*. שלאפען אזוי לאנג, ביז איך וועל אליין זיך אויפכאפען — קיין שעהנערעס און קיין בעסערס האב איך מיר גאר ניט געקענט מאלען, און ווען ס'פלעגט טרעפען דאס גליק — איך האב יא געמעגט שלאפען, איז דאס שוין גראד קיין גליק ניט געווען, ווארום דאס האט געהייסען ארבייטסלאזיגקייט אדער קראנקהייט. ניט איינמאל פלעג איך אויפדערנאכט שטריקען אזוי לאנג, ביז די

---

*) אנ'ערך 4—5 סענט.

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'אַרבייטערין.

פינגער פלעגען מיר שוין ווערען ווי הילצערנע, און ווען איך פלעג זיך לעגען שלאָפען, פלעג איך זיך אַלץ חזר'ן, אַז מען מוז אויפשטעהן וואָס פריהער, כדי זיך וויעדער נעהמען צו דער אַרבייט. אָפטמאָל האָט די מאַמע פאַרטאָג מיר אריינגעשטעלט א שטוהל אין בעט אריין, כדי די פיס זאָלען מיר כאָטש בלייבען וואַרים, און איך פלעג זיך אויפכאַפּען און נעהמען ווייטער שטריקען פון דעם אָרט, וואו איך האָב זיך נעכטען אָבגעשטעלט. שפּעטער מיט יאָהרען האָט א ביטער געפיהל זיך ניט איינמאָל אויפגעהויבען אין מיין נשמה, פאַר וואָס האָב איך קינדווייז גאָר ניט, אָבער טאַקי גאָר ניט פערזוכט פון קינדער־גליק און קינדער־פרייד. —

די צוויי אַלטע לייט, ביי וועלכע מיר האָבען געוואָהנט אין שכנות, זענען געווען זעהר פערדעכטיגע ברואים. די אַלטע האָט געלעבט דערפון, וואָס זי פלעגט וואַרפען אויף קאָרטען, און מיידלעך און ווייבער פלעגען קומען ביי איהר פרעגען, וואָס ס'וועט מיט זיי זיין שפּעטער. איך האָב זי אויך געבעטען מיר דערצעהלען, וואָס ס'וועט פון מיר ווערען, און זי האָט מיר אויסגעמאָלט מיין צוקונפט אין די שעהנסטע פאַרבען. די הויפּט־ראָלע האָט נאַטירליך געשפּיעלט דער מאַן און נאַטירליך דער רייכער מאַן. די דאָזיגע אַלטע וואָלט מיך געקענט אריינפיהרען אין אנ'אומגליק. זי האָט מיר (איך בין אַלט געווען עלפטהאַלבען יאָהר) געזאָגט אַלערליי קאָמפּלימענטען, געפּוצט מיך מיט זיידענע סטענגעלעך און מיר געגעבען צוקערקעס. די אַלע גוטע זאַכען, האָט זי געזאָגט, קען איך בעקומען שטענדיג, ווען איך וויל, אַבי די מאַמע זאָל דערפון ניט וויסען. זי האָט מיך אָנגערעדט צו טהאָן א סך אזוינע זאַכען, וואָס איך אַליין האָב ניט געוואָגט זיי צו טהאָן, וואָרום איך האָב געהאַלטען, אַז מען טאָר ניט.

צום גליק האָט די מאַמע זיך אומגעקוקט אויף דער אַלטער און מיר האָבען זיך אריבערגעקליבען אין א בעזונדערע קאַמער. דער יונגערער פון די בריעדער האָט איצט אויך אָנגעהויבען וואָהנען ביי אונז און האָט מיט זיך געבראַכט זיינעם א חבר, מיט וועלכען ער פלעגט שלאָפען אין איין בעט. אַט אזוי האָבען מיר אַלע פיער געוואָהנט אין איין ענגען צימער, וואו

# די יוגענד געשיכטע פון אנ’ארבייטערין.

ס’איז אפילו קיין פענסטער ניט געוועזן און דאָס ליכט פלעגט אריינדרינגען דורך די שויבען, וואָס זענען געווען אריינגעשטעלט אין דער טיהר. ווען איינמאָל האָט זיך געטראָפען, אַ בעקאַנטע דיענסטמיידעל האָט אָנגעוואָרען איהר שטעל, איז זי אויך געקומען צו אונז; זי איז געשלאָפען מיט דער מאַמען אין בעט און איך האָב געמוזט ליגען ביי זייערע צופוסענס און האַלטען די פיס אויף אַ צוגעשטעלטען שטוהל.

א גאַנץ יאָהר האָב איך געשטריקט. אינ’ם משך פון דעם יאָהר האָב איך זיך אָנגעזעהן אַ סך ווערק־הייזער; וואָרום קוים פלעגען מיר דערהערען, אַז ערגיץ וואו צאָהלט מען כאָטש איין קרייצער מעהר פאַר די טיכער, פלעג איך מוזען אַריבערגעהן אַהין. אָט אַזוי איז מיר אויסגעקומען וואַנדערן פון איין סביבה צו דער אַנדערער און זעהען פערשיעדענע מענשען. לאַנג אויף איין אָרט בין איך ניט געבליעבען. בעטראַכטענדיג די פאַמיליען פון מיינע בעלי־בתים, האָב איך געזעהען, אַז אומעטום לעבט מען נאָר פון אונז — אָרימע יונגע מיידלעך. ס’איז מיר ניט איינמאָל אויסגעקומען אַרבייטען ביי „פיינערע“ בעלי־בית’טעס: פרויען פון בעאַמטע און האַנדעלס־אָנגעשטעלטע; די „פיינקייט“ פון זייערע הייזער, די „לייטישקייט“ און אַנשטענדיגקייט פון זייער לעבענס־פיהרונג האָבען זיי געקענט דערהאַלטען נאָר דורך דעם, וואָס זיי האָבען אויסגעניצט די אַרבייטס־קראַפט פון אַזעלכע ווי איך. אומעטום בין איך געווען די יונגסטע, און כדי מען זאָל מיר ניט צאָהלען וועניגער, ווי די אַנדערע, פלעג איך געוועהנליך צו מיינע יאָהרען צולעגען נאָך אַ צוויי־דריי. שווער איז מיר דאָס ניט געווען, וואָרום איך בין געווען אַ געוויקסיגע און געהאַלטען האָב איך זיך פיעל ערנסטער, ווי קינדער אין מיינע יאָהרען. אַ חוץ דעם האָב איך גלאַט ניט געטאָרט אויסזאָגען די אמת’ע יאָהרען, וואָרום ס’וואָלט געווען אַ קשיא, פאַר וואָס געה איך ניט אין שול.

ס’איז מיר געגאַנגען דאָס צוועלפטע יאָהר, ווען די מאַמע האָט פאַר מיר געפונען אַ נייע אַרבייט. איך האָב זיך געזאָלט אויסלערנען אַזאַ מלאכה, וואָס מ’האָט נאָך דעמאָלט גערעכענט, אַז אַ פלייסיגער און פעהיגער מענש קען דורך איהר פערדיענען מעהר ווי דורך אַנדערע מלאכות. אַזוי ווי אָבער אָפיציעל בין

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

איך נאך ניט געווען תּטור פון שול-פליכט, האב איך געקענט אנקומען אין די לעהר-ע נאר צו א צווישען-מייסטערין. דאס איז געווען מיינע א קרובה. ביי איהר האב איך דאס יעדען טאג צוועלף שעה זיך געלערענט מאכען פון גלעזערנע קארעלען און זיידענע שנירלעך פערפוצונגען צו דאמען-קליידער. קיין בעשטימטען לוין האב איך ניט בעקומען; די קרובה פלעגט אויסרעכענען ביי יעדען ארטיקעל, וויפיעל מען קען אויסארבייטען אין א שעה, און פלעגט פאר יעדע שעה צאהלען 5 קרייצער. האט זיך איינער אויסגעלערענט ארבייטען פלינקער און האט בעקומען א מעגליכקייט צו פערהדיענען מעהר, פלעגט זי פערקלענערען דעם לוין. אהן אנ'אויפהער, ניט רוהענדיג איין איינציגע מינוט, פלעג איך ארבייטען דעם גאנצען טאג. אז פאר א קינד אין מיינע יאהרען איז דאס געווען אונמעגליך און אז אפילו א ערוואקסענער וואלט דאס ניט געקענט אויסהאלטען, דאס וועט פערשטעהן יעדערער, ווער עס ווייסט, וואס הייסט צוועלף שעה ארבייט אהער וואס הייסט אונאויפהערליכע ארבייט איבערהויפט. מיט וואס פאר א אומגעדולד פלעג איך קוקען אלע מאל אויפ'ן זייגער, ווען די צעשטאכענע פינגער פלעגען מיר שוין וועה טהאן און איך פלעג מיך שוין פיהלען צעבראכען פון קאפ ביז די פיס. און ווען איך פלעג שוין געהן אהיים, זומער ביי ליעבער ווארימקייט אדער ווינטער ביי עסעדיגער קעלט, פלעג איך נאך אפט טראגען ארבייט מיט זיך אויף צו ענדיגען ביי-נאכט. דאס איז מיר געווען שווערער ווי אלצדינג, ווארום דאס האט ביי מיר גערויבט דאס איינציגע פערגינען, וואס איך האב דאמאלט געהאט.

איך האב ליעב געהאט לעזען. איך האב געלעזען, ניט איבערקלייבענדיג, אלצדינג, וואס ס'האט זיך מיר געטראפען צו דער האנד, אלצדינג וואס ס'פלעגען מיר לייהען די בעקאנטע, וועלכע האבען אויך ניט געקענט אונטערשיידען צווישען גוטע און שלעכטע ביכער; איך האב געלעזען אלצדינג, וואס מ'האט געקענט בעקומען אין דער ביבליאטעק פון דער פארשטאדט פאר די צוויי קרייצער, וואס איך פלעג אבשפארען פון מיין עסען. אינדיאנער-געשיכטע, „שוידערהאפטע“ ראמאנען, פאמיליען-בלעטער — אלצדינג פלעג איך שלעפען אהיים. א חוץ רויבער-ראמאנען, וועלכע פלעגען מיך מעהר פון אלע ענטציקען, פלעג

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

איך בעזאנדערס לעבהאפט זיך אינטערעסירען מיט דעם שיקזאל פון אונגליקליכע קעניגינס. „רינאלדא רינאלדיני" דעם האב איך ליעב געהאט גאר אויף אנ'אנדער אופן, „קאטארינא קארנארא", „ראזא סאנדאר", „איזאבעלא פון שפאניען", „עוושעני פון פראנקרייך" — דאס אלעס האב איך געשלונגען מיט ברענענדיגען דורשט. „די ווייסע פרוי אינ'ם שלאס" פון וויען, די ראמאנען פונ'ם קייזער יאזעף, „די העלדין פון ווארט", „דער קייזער־זוהן און די בעדער־טאכטער" האבען מיר געגעבען געשיכטליכע קענטניסען. נאכדעם איז געגאנגען א סדרה יעזור־איטען־ראמאנען און נאכדעם א גאנצע רייה הונדערט־בענדיגע ראמאנען פון אנ'ארעם מיידעל, וואס האט גובר געווען אלע שרעקליכע און גרויזאמע הינדערנישען און האט סוף כל סוף חתונה געהאט מיט א גראף אדער לכל הפחות מיט א פאבריקאנט אדער א רייכען סוחר. איך האב געלעבט ווי אין א חלום. איך האב געשלונגען א העפט נאך א העפט; איך האב זיך דערווייטערט פון דער ווירקליכקייט און האב זיך אלעמאל פארגעשטעלט, אז דאס בין איך טאקי די העלדין פון מיינע ביכער. איך פלעג איבער־חזר'ן אין קאפ די ווערטער, וואס די העלדינען האבען געשפראכען, איך פלעג מיט זיי צוזאמען איבערלעבען זייער שרעק, ווען מען פלעגט זיי פערמויערען, לעבעדיגערהייט בעגראבען, פערגיפטען, דערשטעכען מיט א קינזשאל אדער פייניגען אהן רחמנות. איך בין שטענדיג געווען מיט די געדאנקען אין אנ'אנדער וועלט און האב ניט געזעהן די ליידען, וואס ארום מיר, און האב ניט געפיהלט מיינע אייגענע ליידען. אזוי ווי די מאמע האט ניט געקענט לעזען, האט זי ניט געקענט קאנטראלירען מיינע ביכער. צו דרייצעהן יאהר האב איך בעקומען ערגיץ די ווערק פון פ א ל ד ע ק א ק*); די פרעכע פראנצויזישע ערצעהלונגען האבען אויף מיר אבער געהאט אזא קליינע ווירקונג, אז איך האב נאכדעם איבערדערצעהלט זייער אינהאלט ווארט ביי ווארט ביז'ן קלענסטען פיצעלע און האב ניט פערשטאנען, פאר וואס לאכט מיין ברודער און זיין חבר דארט וואו ס'איז, נאך מיין מיינונג, גאר ניטא וואס צו לאכען.

*) א פראנצויזישער שריפטשטעלער, וועלכער שרייבט צו אפען וועגען די בעציהונגען צווישען די געשלעכטער.

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

איין אָרט געדענק איך נאָך איצט אויך. א מארקיז האָט אוועק־געפיהרט א יונג מיידעל צווישען די קוסטעס, און נאָכדעם איז געשטאַנען אונגעפעהר אזוי: „ווען זיי זענען ארויסגעקומען צוריק, איז דאָס מיידעל געוועזען בלייך און איהרע קניה האָבען געציטערט. א לעצטען בליק האָט זי געוואָרפען אויף דעם אָרט, וואו זי האָט אויף אייביג פערלוירען איהר אונשולד". די צוויי בחורים האָבען געלאַכט און געלאַכט און האָבען מיר ניט געוואָלט ערקלעהרען, פאַר וואָס.

דערציעהלען האָב איך געמוזט זעהר אָפט. איך פלעג דער־ציעהלען אלצדינג געננוי און האָב געקענט די דיאַלאָגען כמעט וואָרט אין וואָרט, אקוראט ווי איך וואָלט זיי געלערענט אויס־ווענינ. אלס ערצעהלערין בין איך געוואָרען כמעט „בעריהמט". זונטאָג אין אבענד פלעג איך מוזען קומען צו מיין מייסטערין און דאָרט דערציעהלען; אין דער הויז, וואו מיר האָבען גע־וואוינט, פלעגען פערשיעדענע פאַמיליען מיך איינלאַדען צו דער־ציעהלען, און די מאַמע און דער ברודער פלעגען מיך ממש ניט לאָזען לעבען — איך זאָל זיי אלץ דערציעהלען און דערציעהלען. ווען אלע פלעגען שוין ליעגען אין בעט, פלעג איך נאָך אלץ מוזען דערציעהלען, און ווען אלע זענען שוין געשלאָפען, בין איך גע־לעגען אנ׳אויפגערעגטע אין בעט און האָב ניט געקענט אנטשלאָ־פען ווערען. ריהרען זיך האָב איך ניט געטאָרט, וואָרום איך וואָלט אויפגעוועקט די מאַמע. האָב איך שוין יא געהאַט א פרייע שעה, וואָלט מיר אודאי אנגענעהמער געווען צו לעזען, איידער צו דערציעהלען.

זונטאָג פאַר האַלבען טאָג פלעג איך אָבטאָהן אלע ארבייטען אין אונזער אָרימער בעל־הבית׳ישקייט און נאָכדעם פלעג איך לעזען א גאַנצען טאָג ביז מ׳האָט אָנגעצונדען א ליכט. זוממער פלעג איך אוועקגעהן מיט׳ן בוך אויפ׳ן בית־עולם און דאָרט ליגען גאַנצע שעה׳ן אונטער א טרויער־ווערבע און ניט זעהען און ניט הערען גאָר ניט, וואָס עס טהוט זיך ארום מיר. די ז ו נ־ט אָ ג־א ר ב י י ט איז מיר דעריבער געווען שרעקליך פערהאַסט. און ס׳פלעגט דוקא טרעפען, אז מ׳האָט געמוזט ארבייטען זונטאָג אויך. אזא טאָג איז ביי מיר אין די אויגען געווען א פערלוירע־נער, און כאָטש איך פלעג צו וועטשערע בעקומען א בעסערען

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

ביסען און א גלעזעל וויין אדער ביער — אבער דאס איז מיר געוועזן א קנאפע טרייסט. —

צוויי יאהר בין איך געוועזן אין דער לעהרע און בין אויסגע־שטאנען אלצדינג, וואס עס שטעהט אויס א לערן־מיידעל די ערשטע יאהרען. בעזונדערס האט מיך געקרענקט, וואס די דאזיגע שלעכטע אומדערבארעמדיגע בעל־הבית׳טע איז נאך געוועזן א קרובה דערצו. וואו א לאך האט מען מיט מיר פער־שטעקט. שבת האב איך געמוזט אויסרייניגען און אויפראמען אינ׳ם גאנצען הויז, און נאך איצט קאכט אין מיר, ווי ס׳האט געקאכט דעמאלט, ווען איך דערמאן מיר, וואס מ׳האט פון מיר פערלאנגט און ווי מ׳האט מיך בעהאנדעלט. פון דעם קהל׳שען ברונען, וואס איז געוועזן ווייט פון דער שטוב, פלעג איך טראגען וואסער אין א שווערען הילצערנעם עמער. פון וואסער־לייטונג האט מען נאך דעמאלט ניט געוואוסט, און איך האב מיר גאר ניט געקענט פארשטעלען, אז ס׳וועט קומען א צייט, ווען מ׳וועט האבען אזא רחבות אין יעדער שטוב. אפט פלעגען פרעמדע מענשען אויף מיר רחמנות האבען און מיר העלפען טראגען. מיינע קרובים זענען געשטאנען אויף דעם שטאנדפונקט, אז איך מוז זיך געוועהנען צו אלצדינג, „וואָרום קיין פריצטע ועסטו דאך סיי ווי ניט ווערען", פלעגען זיי מיר זאגען.

ווי טיעף האב איך געהאסט די דאזיגע מענשען און ווי טיעף האב איך געהאסט בעזאנדערס זייערע צוויי קינדער, וואס פלעגען זיך אן מיר נוקם זיין און מיר אנטהאן די גרעסטע יסורים. זיי האבען אבגעשפעט פון מיין אָרימקייט, געלאכט וואס איך גיה באָרפיס. דאס לעצטע פלעגט מיך אליין זעהר קרענקען, נאר אזוי ווי פון אונזער שטוב ביז צו דער מייסטערין איז געווען נאר א פאאר טריט, האט די מאמע געהאלטען, אז זומער אין א וואכעדיגען טאג איז שיך אנ׳אויסבריינגעריי, בפרט נאך ביי אזא יונג קינד ווי איך. די מלאכה, וואס איך האב געלערענט, איז געווען זעהר שטארק אבהענגיג פון סעזאן; צוויי מאל אין יאהר פלעג איך עטלליכע וואכען גאר ניט האבען קיין ארבייט אדער האבען זעהר ווייניג. אין אזא צייט פלעגט די מאמע זוכען מיך וואו ניט איז צו פערדינגען; איך האב געמוזט ארויסגעהן און בעטען ארבייט. איך פלעג לייענען די שילדער איבער די גע־

שעפטען, און ווען מיר פלעגט זיך דאכטען, אז דא דארף מען ארבייטערינס, פלעג איך אריינגעהן אינוועניג. דאס איז געווען דאס שווערסטע. אט די קורצע פראזע: „איך בעט אייך זעהר, אפשר האט איהר ארבייט". נאך איצט שפיר איך דאס געפיהל פון ערנידעריגונג פונקט אזוי שארף ווי איך האב געשפירט דעמאלט, ווען איך פלעג ארויסרעדען מיין בקשה מיט אזא הכנעה און דאך מיט אזא גרויסער ערווארטונג. ניט זעלטען פלעג איך פריהער מוזען אויסווישען די טרעהרען, וואס האבען זיך געגאסען פון די אויגען אהן מיין ווילען, און ערשט נאכדעם פלעג איך קענען ריידען.

איינמאל, איך בין שוין אלט געווען דעמאלט דרייצעהן יאהר און האב אויסגעזעהן כמעט ווי א דערוואקסענע, בין איך אריינגעקומען בעטען ארבייט אין א קאנטאר פון א בראנזע־פאבריקאנט. א קליינער אלטער הערר — דער שעף זעלבסט — האט ביי מיר אויסגעפרעגט, וויפיעל איך בין אלט, ווי איך הייס און וואס עס טהוען מיינע עלטערן און האט מיר געהייסען קומען דעם נעכסטען מאנטאג. איך האב בעקומען א פלאץ צווישען צוועלף אנדערע יונגע מיידלעך. ענדליך האב איך זיך געפונען אין א ווארימען צימער — דאס ערשטע מאל נאך א לאנגער צייט! מ'האט מיר געוויזען, ווי צו מאכען פון רינגען קייטען, און אין א קורצער צייט האב איך זיך צוגעוועהנט צו דער ארבייט. דער שעף איז זיך מיט מיר בעגאנגען זעהר פריינדליך, איך בין אויך געווען די יונגסטע פון אלע ארבייטערינס, כ'האב אבער באלד אנגעהויבען פערדיענען מעהר, ווי איך האב פערדיענט ביי מיין קרובה. ס'איז דעריבער געבליעבען, איך זאל זיך אבזאגען פון דער לעהרע און בלייבען ביי'ם בראנזע־פאבריקאנט. צעהן חדשים כסדר האב איך דארט געארבייט. איך האב פערדיענט אויף שעהנע קליידער, פיינע שיך און די מאמע האט מיר ערלויבט קויפען נאך עטליכע אנדערע זאכען, מיט וועלכע עס פוצען זיך יונגע מיידלעך.

מיין שעף איז צו מיר געווען זעהר פריינדליך און איז זיך מיט מיר בעגאנגען בעסער ווי מיט די איבעריגע מיידלעך. ער האט צו מיר גערעדט ווי א טאטע צו זיין קינד און האט געזאגט, אז איך טהו זעהר גוט, וואס איך זוך ניט קיין פערגניגען און

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

הוליאנקעס, ווי מיינע איבעריגע חבר'טעס. יענע פלעגען זונטאָג געהען טאַנצען און פלעגען מיר נאָכדעם דערצעהלען. אין די פויזעס פלעגען זיי שמועסען מיט די יונגע אַרבייטער פון דער פאַבריק. און כאָטש איך האָב ניט פערשטאַנען דעם פשט פון זייערע געשפּרעכען, האָב איך דאָך געפיהלט, אז ס'איז ניט שעהן אזוי צו רעדען. מ'פלעגט אָפט פון מיר לאַכען, וואָס איך האלט זיך פון דערווייטענס, נאָר אזוי ווי איך בין שטענדיג גרייט געווען צו דערצעהלען מעשיות, פלעגט מען אויף מיר לאַנג ניט זיין ברוגז.

אין עטליכע חדשים אַרום האָב איך אין דער זעלבינער פאַבריק בעקומען אַנ'אַנדער סאָרט אַרבייט, וואָס מ'האָט פאַר איהר געצאָהלט בעסער. זי איז אָבער געווען שווערער. איך האָב געמוזט לייטען ביי א גאַז־אויוועלע, און דאָס האָט שעדליך געווירקט אויף מיין געזונד. מיינע באַקען זענען געוואָרען אלעמאָל בלייכער, א גרויסע מיעדקייט פלעגט זיך אויסגיעסען איבער אלע מיינע גליעדער, אלעמאָל פלעגט זיך מיר אָנהויבען דרעהען מיין קאָפּ און איך האָב געמוזט זיך אָנשפּאַרען, כדי ניט צו פאַלען.

נאָך א פאַקט האָט דעמאָלט מיך געמאַכט זעהר אונרוהיג. איך האָב שוין דערמאָנט, אז מיר האָבען ניט געוואוינט אַליין: ביי אונז פלעגט נעכטיגען דעם ברודער'ס א חבר. דאָס איז געווען א העסליכער, פרישטשעוואַטער, שווייגענדיגער מענש. פלוצלונג איז ער צו מיר געוואָרען זעהר פריינדליך. ער פלעגט מיר ברייננגען קליינע מתנות, פרוכטען, נאַשעריייען. אמאָל האָט ער מיר בעקומען ביכער. ניט איך, ניט די מוטער האָבען זיך ניט אומגעקוקט דערויף. מאַלע וואָס. איך בין דאָך דעמאָלט אַלט געווען סך הכל פיערצעהן יאָהר. איינמאָל פרייטאָג איז אָט דער שכן געקומען אַליין אַהיים און מיר האָבען זיך אלע געלייגט שלאָפען נאָך איידער דער ברודער איז געקומען. איך בין געלעגען נעבען דער מאַמען צוגעקוועטשט צו דער וואַנד. מסתמא בין איך נאָך ניט פעסט געשלאָפען, וואָרום איך האָב זיך פלוצלונג אויפגעכאַפּט מיט א שרעק־געשריי. איך האָב דערפיהלט איבער מיר עמיצענס א הייסען אָטעם, כ'האָב אָבער ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז. מיין געשריי האָט אויפגעוועקט

# די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

די מאמע. זי האט אנגעצונדען א ליכט און האט באלד פערשטאנען, וואס דא טהוט זיך. דעם שכן׳ס בעט איז געשטאנען נעבען אונזערן, אזוי אז זיינע פיס זענען אויסגעקומען נעבען אונזער צוקאפענס. האט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין בעט און זיך אריבערגעבויגען איבער מיר. איך האב געציטערט פאר שרעק מיט אלע אברים, און כאטש איך האב ניט געוואוסט, וואס דער מענש וויל, האב איך זיך אינסטינקטיוו געפיהלט, אז דאס איז עפעס ניט גוט. די מאמע האט איהם געזידעלט און ער האט כמעט גאר ניט געענטפערט. ווען דער ברודער איז געקומען, האבען זיי זיך שטארק צעאמפערט, דער ברודער האט געשריען — און מ׳האט דעם שכן געהייסען זיך זוכען אנ׳אנדער דירה. וואס איך האב געהאפט און געוואונשט, איז ניט גע־שעהן.. מ׳האט איהם ניט ארויסגעטריעבען תיכף אויפ׳ן שטעל, נאר מ׳האט איהם ערלויבט בלייבען ביז סוף וואך, כדי ער זאל זיך געפינען אנ׳אנדער ארט, וואו צו שלאפען און כדי ער זאל ניט אוועקגעהן אזוי פלוצלונג מיט חרפות און בזיונות. צוליעב אט דער אונפערשטענדליכער ווייכקייט פון מיין מוטער און מיין ברודער האב איך עטליכע טעג געלעבט אין איין שרעק. איך האב מורא געהאט צו אנטשלאפען ווערען, און אין שלאף פלעגען מיך מאטערען שרעקליכע חלומות. אין אנגסט פלעג איך ארום־קלאמערן די מאמע מיט מיינע הענד, כדי זיך צו בעהאלטען. מ׳האט מיך כסדר געזידעלט פאר מיינע „נארישקייטען" און ארויפגעווארפען די שולד אויף די ראמאנען, וואס כ׳האב גע־לייענט. מ׳האט מיר פערבאטען ווייטער צו לעזען.

עטליכע וואכען נאך אט דעם ערשיטערנדען צופאל בין איך פלוצלונג געפאלען אין אהנמאכט און בין לאנג ניט געקומען צו זיך. ווען דער דאקטאר האט מיך ענדליך אויפגעמונטערט, האבען זיך מיר אנגעהויבען פארשטעלען אלערליי שרעקליכע זאכען. דער דאקטאר האט געפונען, אז דאס איז א שווערער פאל, ער האט דאס געהאלטען פאר א נערוועז־קראנקהייט, און אין קליניק, וואוהין די מאמע האט מיך געפיהרט, האט מען זי אויסגעפרעגט, ווי ס׳האט געלעבט מיין טאטע און מיין זיידע, און ס׳האט אויסגעזועהען, אז טיילווייז בעשולדיגען זיי אין מיין קראנקהייט אויך דעם אלקאהאל, וואס מיין פאטער האט צופיעל געטרונקען. מיך האט מען געפונען זעהר אויסגעמאגערט און

בלוט-אָרעם און מ'האָט גע-עצה'ט, איך זאָל זיך פיעל בעוועגען אין פרישער לופט און זאָל גוט עסען. דאָס זענען געווען די רפואות, וואָס דער בעריהמטער פראָפעסאָר האָט פערשריעבען. ווי האָב איך געקענט פאָלגען זיינע עצות ? — — —

די נויט, די אַרבייט און די יסורים, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען ביז אַהער, זענען געווען גאָר ניט אנטקעגען דעם, וואָס ס'איז מיר איצט אויסגעקומען צו ליידען. אין דער בראָנזע-פאַבריק האָב איך ניט געטאָרט בלייבען, דאָס איז פאַר מיר סם — האָבען די דאָקטוירים געזאָגט. האָב איך ווידער געמוזט אָנהויבען זוכען אַרבייט, ווי נאָר ס'האָט אויסגעזעהן, אז מיין געזונד האָט זיך געבעסערט. איך האָב אָבער געלעבט אין הוילע שרעק. איך האָב מורא געהאַט אַרויסצוגעהן איבער'ן שוועל, ס'האָט זיך מיר כסדר געדאַכט, אז אָט אָט פאַל איך אין חלשות. שטאַרבען — דאָס איז געווען מיין שטאַרקסטער וואונש : רוהיג שטאַרבען. איך האָב אָבער געמוזט זוכען אַרבייט. ווען איך האָב געפונען אַרבייט און בין געשטאַנען ביי'ם וואַרשטאַט א האַלבען טאָג, פלעגט אויף מיר פלוצלונג אָנפאַלען א פחד. די מיטאָג-צייט פלעג איך איצט זיצען אין א פאַרק, איך האָב דאָך געדאַרפט האָבען א סך גוטע לופט ; דאָרט פלעג איך אויך עסען מיין מיטאָג, פרוכטען מיט ברויט אָדער א שטיק וואורשט — די „גוטע נאַהרונג", וואָס די דאָקטוירים האָבען מיר גע-עצה'ט. עסען איז איצט געווען וועניגער ווי פריהער, וואָרום איך האָב דאָך עטליכע וואָכען ניט פערדיענט גאָר ניט, און דעם דאָקטאָר, וואָס מ'האָט גערופען אין דעם ערשטען איבערשרעק, און דעם אַפּטייקער האָט מען געמוזט בעצאָהלען. קראַנקען-פערזיכערונג איז נאָך דעמאָלט קיין פפליכט ניט געווען.

אין דער בראָנזע-פאַבריק האָב איך ניט געטאָרט זיין, ווייל די אַרבייט האָט געמאַכט א תל פון מיין געזונד, האָב איך בעקומען אַרבייט אין א מ ע ט א ל - ד ר ו ק ע ר י י, וואו איך האָב געאַרבייט ביי א פרעס. אַלס לעצט-אָנגעקומענע אַרבייטערין האָב איך געמוזט שלעפען פון'ם קעלער דאָס ברען-מאַטעריאַל, און כסדר פלעגט מיך קוועלען דער פחד, איך זאָל ניט בלייבען חלשות געהענדיג אויף די קרומע טרעפ. איך בין

## די יוגענד געשיכטע פון אַנ'אַרבייטערין.

דאָרט געווען נאָר עטליכע טעג און מ'האָט מיר בשום אופן ניט געקענט איינריידען, איך זאָל דאָרט בלייבען. נאָכדעם האָב איך געקראָגען אַרבייט אין אַ פּאַטראָנען־פאַבריק. ווען איך בין שוין דאָרט געווען די דריטע וואָך, איז מיר איינמאָל געהענדיג אין גאַס געוואָרען שלעכט. פאַרבייגעהער האָבען מיך אונטערגעהאַלטען, ווען איך האָב זיך אָנגעהויבען וואַקלען. איך בין געבליעבען חלשות. ווען איך בין ווידער געקומען צו זיך, האָט מען מיך אָבגעפיהרט אַהיים. די מאַמע האָט זיך, נאַטירליך, זעהר דערשראָקען. איך האָב זי געבעטען מיך אָבפיהרען אין שפּיטאָל. דאָרט, האָב איך געהאָפט, וועל איך געזונד ווערען, אויב ס'איז איבערהויפּט מעגליך איך זאָל ווערען געזונד.

דריי וואָכען בין איך געווען אין שפּיטאָל — און ווי מערקווירדיג דאָס זאָל ניט קלינגען, די דריי וואָכען זענען געווען די בעסטע אין מיין דעמאָלסדיגען לעבען. אַלע זענען זיך מיט מיר גוט בעגאַנגען: די דאָקטוירים, די פעלדשערינס, די פּאַציענטען. איך האָב בעקומען רעגעלמעסיג גוטע שפּייז, געהאַט אַ בעזונדער בעט און שטענדיג ריינע וועש. איך האָב געהאָלפען אַרבייטען, וואו איך האָב געקענט, און דער דאָקטאָר פלעגט מיר ברייגנען ביכער. אין דער צייט האָב איך זיך בעקענט מיט די ווערק פון פריעדריך שילער און אַלפאָנס דאָדע. שילער'ס הראַמאַטישע געשיכטע און די דראַמע „די כלה פון מעסינא“ האָבען מיך אַריינגעבראַכט אין אַ בעזונדערע התפעלות. אויך „פראָמאָן דער יונגערער און ריסלע דער עלטערער“ פון דאָדע האָבען אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. פיער וואָכען האָב איך זיך געפיהלט זעהר גוט אונטער דער אויפזיכט פון די דאָקטוירים. נאָכדעם האָט מען מיך ערקלעהרט, אַז איך בין געזונד, און מ'האָט מיך אָבגעשיקט אַהיים.

קיין איינציג מאָל האָט זיך מיר ניט געטראָפען אין שפּיטאָל גאָר ניט. כסדר האָב איך זיך געפיהלט פריש און מונטער. איצט האָב איך ווידער גענומען זוכען אַרבייט. אָבער ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבען אַרומדרעהען זיך אַליין אין די גאַסען, האָט זיך אומגעקעהרט דער פריהערדיגער פּחד. קיין אַרבייט האָב איך ניט געקענט געפינען. גאַנץ פריה פלעג איך אַרויסלויפען פון דער היים, כדי צו זיין די ערשטע ביי די טויערען ס'איז אָבער אַלצדינג געווען אומזיסט.

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

די מוטער, וועלכע איז אין דער צייט פון מיין קראנקהייט צו מיר געווען זעהר צערטליך און האט מיך גערופען „מיין ארים אונגליקליך קינד" און האט מיך ניט אבגעשטויסען, ווי איהר שטייגער איז געווען, ווען איך פלעג זיך אנהויבען צו איהר טוליען און לאשטשען, איז איצט געווען ברוגז, וואס איך געפין ניט קיין ארבייט. זי האט אזוי שווער געהארעוועט. יעדען טאג, אהן אנ'אויפהער, אהן רוה האט זי זיך געמאטערט. זי האט געארבייט אין א וועבעריי; פון די גיפטיגע פארבען האט זי בעקומען וואונדען אויף די פינגער, אויף איין האנד האט זי געהאט עטליכע אייטערדיגע געשווירען, וואס האבען זעהר וועה געטהאן; פונדעסטוועגען האט זי כסדר געארבייט טאג־איין, טאג־אויס, פאר די עטליכע גראשען, וואס מען פלעגט איהר צאהלען. און יונג איז זי שוין ניט געווען. זי איז אלט געווען 47 יאהר, ווען זי האט מיך געהאט, איצט איז זי, הייסט עס, שוין אלט געווען 61, און אין איהר גאנצען לעבען האט זי ניט געהאט קיין איין רוהיגען טאג. ווען זי האט קיין ארבייט ניט געהאט, פלעגט זי ארומגעהן פעדלען, כדי צו ציהען דאס שטיקעל חיונה; זי איז געווען שטאלץ, וואס זי איז קיינמאל ניט שולדיג געבליעבען קיין דירה־געלד אדער קיין אנדערע חובות. דאס האט זי געהאט אזא טבע: ניט געוואלט זיין אבהענגיג פון אנדערע מענשען. און דא האט זי שוין א גרויס מיידעל, וואס וואלט איהר געקענט זיין א שטיצע, און דאס מיידעל פערדיענט ניט קיין גראשען. זי האט מיר אלעמאל אויפגעווארפען, אז איך געה ארום לעדיג, און האט מיך געזידעלט; ווייל זי האט שטענדיג געפונען ארבייט, ווען זי האט געדארפט, האט זי גע־רעכענט, אז איך מוז דאס אויך קענען.

אייגענטליך האב איך אלעמאל געפונען ארבייט. אין א פודעל־פאבריק, ביי א שיך־פאבריקאנט, ביי א פראנזען־פלעכטערין, אין א ווערקשטאט וואו מ'האט געמאלט אויף טירקישע שאלען גרינע קווייטען, און נאך אין אנדערע מלאכות האב איך געפרובט ארבייטען. אין אייניגע ערטער האט מען מיר, נאך עטליכע שעה ארבייטען געהייסען געהן, ווייל מ'האט געפונען, אז איך טויג ניט, אין אנדערע האב איך אליין געווארפען די ארבייט, ווייל איך האב דערוואוסט

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

וועגען א בעסערע שטעלע און האב געפרופט דארטען זיך פער־דינגען.

אזוי האט געדויערט דריי וואכען, ביז ס'האט זיך מיר ווידער אנגעהויבען דרעהען דער קאפ און איך בין איינמאל געפאלען חלשות און מ'האט מיך לאנג ניט געקענט אויפמונ־טערן. איך בין ווידער געגאנגען אין שפיטאל; איך בין געווען אזוי שוואך און מיעד, אז אין די גאסען, וואו מיר זענען דורכגע־גאנגען, האט מען זיך אויף מיר אומגעקוקט. עטליכע מאל האבען מיר געמוזט אריינגעהן אין א הויז, כדי איך זאל זיך אברוהען אויף די שטיינערנע טרעפ. ווען איך בין געקומען אין שפיטאל, האב איך געהאט פיעבער. דאס ערשטע עסען, וואס מ'האט מיר געגעבען, האב איך אויסגעבראכען, פונדעסטוועגען איז מיר אין עטליכע טעג ארום ווידער געווארען בעסער. ווידער האב איך בעקומען גוט צו עסען און האב געלעבט אין א גוטער סביבה — דאס, וואס איך האב אין דער היים ניט געהאט.

אין דער צייט האט זיך געטראפען אזוינס, וואס ערשט שפעטער מיט יאהרען האב איך געקענט פערשטעהען, ווי שרעק־ליך דאס איז פאר מיר געווען. מ'האט מיר אין שפיטאל ער־קלעהרט, אז ס'איז ניטא קיין האפנונג, איך זאל ווערען געזונד און זאל קענען רעגעלמעסיג ארבייטען, דעריבער מוז מען מיך אבשיקען אין אנ'אנדער אנשטאלט.

איך האב זיך געמוזט אנטאהן, זיך אריינזעצען אין שפי־טאל־וואגען, און אין עטליכע מינוט ארום בין איך שוין געזעסען אין דער קאנצעלאריע פון דער באגאדיעלניע*). איך בין דעמאלט אלט געווען פונקט 14 יאהר און 4 חדשים. וואס פאר א בעדייטונג עס האט די גאנצע זאך, האב איך דעמאלט ניט געוואוסט, איך האב נאר געוויינט, כסדר געוויינט, ווארום מיך האט געשראקען די סביבה, אין וועלכער איך האב איצט געלעבט. אין א גרויסע זאל, וואו ס'איז געשטאנען לאנגע

---

*) באגאדיעלניע — א מין הקדש, אנ'ארט, וואו מען האלט אויס אויף קהל'שען חשבון אלטע קראנקע מענשען, וואס זענען שוין ניט פעהיג צו דער ארבייט.

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

שורות בעטען איינס נעבען אנדערן און ס'האָבען זיך געפונען אַלטע, ס'רוב קראַנקע ווייבער, האָט מען מיר אָנגעוויזען אַ בעט און אַ שראַנק. די אַלטע ווייבער האָבען געהוסט און ניט געקענט כאַפּען דעם אָטעם, אייניגע זענען געווען זעהר אויפ־גערעגט און האָבען געפּלאַפּעלט אזוינע מאָדנע אומגעלומפּערטע זאַכען. ביי־נאַכט האָב איך ניט געקענט שלאָפען, ווייל איך האָב געהאַט פּחד; די אַלטע ווייבער זענען אויך געווען אונרוהיג און ניט אַלע זענען געלעגען אויף די געלעגערס. דאָס עסען איז אויך געווען אַ סך ערגער, ווי אין שפּיטאָל; איך האָב ניט געהאַט קיין שום ארבייט, קיין בוך, קיינער האָט מיך ניט געהאַט אין זינען. אין דעם גרויסען גאָרטען פלעג איך אויסזוכען די איינ־זאַמסטע ווינקעלעך, כדי צו קענען וויינען. אויפ'ן פינפטען טאָג האָט מען מיך גערופען אין קאַנטאָר און געפרעגט, צו האָב איך ניט עמיצען, ווער ס'זאָל פאַר מיר זאָרגען, וואָרום דאָ קען איך ניט בלייבען. מ'האָט מיר געזאָגט, אז אויב קיינער וועט מיך ניט אָבנעהמען, וועט מען מיך מוזען אָבשיקען אין די היימישע דאָרפס־קהלה, וואו מיין פאָטער איז געווען צוגעשריעבען.

די דאָזיגע „היימישע" דאָרפס־קהלה האָב איך ניט געקענט, איך בין קיינמאָל דאָרט ניט געווען און האָב ניט פערשטאַנען די שפּראַך, וואָס מ'האָט דאָרט גערעדט. איך בין געווען זעהר דערשראָקען, און ווידער האָט זיך אין מיר אויפגעהויבען דער וואונש: שטאַרבען און פּטור ווערען פון אַלצדינג. איך האָב גע־שטאַמעלט, אַז איך האָב אַ מוטער, וועלכע אַרבייט, און אַז איך אליין האָב אויך געאַרבייט פון צעהן יאָהר אָן. מ'האָט מיר געגעבען אַ קאַרטעל, איך זאָל שרייבען צו דער מאַמען, זי זאָל קומען וואָס גיכער מיך אָבנעהמען, אַניט וועט מען מיך אוועק־שיקען קיין בעהמען. אויף מאָרגען בין איך מיט דער מאַמען געגאַנגען אהיים. אָרימע מוטער! אַלצדינג האָט זי געמוזט פערזוכען אויף איהר לעבען.

שפּעטער מיט יאָהרען האָב איך זיך ניט איינמאָל געפרעגט, וואָס וואָלט פון מיר געוואָרען, ווען מען וואָלט מיך טאַקי אָב געשיקט אין די דאָרפס־קהלה אין בעהמען. ניט איינמאָל האָב איך אויך געטראַכט וועגען דעם פערברעכערישען ביוראָקראַ־טישען אַפּאַראַט. מען נעהמט אַ קינד, אַנ'אָרימע בעשעפעניש,

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

וועלכע האָט כסדר געאַרבייט און געהונגערט און ניט געוואוסט פון קינדער־פריידען, און מען זעצט עס אריין אין אַ הויז פון אַלטע און שוואכע. ווען ניט איינער פון די בעאמטע, וועלכער האָט קענטיג געהאט אַ קלאָהרען פערשטאנד, וואָלט איך געווים געמוזט איבערטראָגען זעהר פיעל אין דער פרעמד און מוטשען זיך לאַנגע יאָהרען אין אַ אומבעקאַנטען אָרט. איך פלעג ווערען ערבּיטערט און אויפגעבּראַכט ביז לעצט, ווען איך פלעג אַ טראַכט געבּען, אַז נאָר צוליעב אַ קליינעם צופאַל בין איך, יונגע ארבייטערין, וועלכע איז נאָךדעם געוואָרען אַ פאַלשטענדיג גע־זונד מיידעל און שפּעטער אַ געזונדע פרוי, ניט ארויסגעשיקט געוואָרען אין אַזאַ אָרט, וואו מען וואָלט יעדענפאַלס געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַנ׳איבעריגען פרעמדען מענשען.

וואָלט מיך דער בעאמטער ניט בעמערקט אויף מיינע איינ־זאַמע וואַנדערונגען אין גאָרטען און וואָלט ער זיך ניט פער־וואונדערט, וואָס איך בין אַזוי יונג, און וואָלט ער מיט מיר ניט אָנגעהויבען רעדען, וואָלט איך געהאט אויסצושטעהן ניט איין שווערע פּרוּף. איצט בין איך ווידער געווען אין דער היים און האָב געזאָלט זיך אָנהויבען לערנען נייהען וועש.

* *
*

מ׳האָט געהאָפט, אז איך וועל זיך אויסלערנען די מלאכה אין איין חודש, און אזוי ווי ס׳איז געווען אַ האָפנונג, אַז איך וועל נאָכדעם קענען בעסער פערדיענען, האָט די מאַמע ניט געזשאַלע־וועט דאָס לערען־געלד, וואָס די מייסטערין האָט פערלאַנגט. איך בין ווידער אָנגעקומען צו א צווישען־מייסטערין, ביי וועלכע ס׳האָבען געאַרבייט עטליכע מיידלעך. דער „הערר" האָט ניט געטאָהן קיין האַנד אין קאַלט וואַסער, ער איז דעם גאַנצען טאָג געזעסען אין קאָפע־הויז און דער ברויט־געבער איז געווען די „מאַדאַם". זי האָט עקספּלואַטירט די מיידלעך אומ־מענשליך. אין פיער וואָכען האָב איך זיך געזאָלט אויסלערנען נייהען, אָבער וואָס האָט מען מיר געגעבּען טהאָן? מיין מאַמע האָט פון זיך געצויגען די קליי, כדי מיך אויסלערנען די מלאכה. זי האָט געזעהן, אז איך זאָל זיין שעהן אָנגעטהאָן, זי האָט בע־

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

צאהלט דאס לערן־געלד אפריהער און האט מיך אויסגעהאלטען דעם גאנצען חודש. און איך? מיך האט מען אויסגעניצט פאר א ניאנקע, איך האב מיינע הענד ניט געפיהלט, אזוי פיעל האב איך געמוזט ארומטראגען דער מאדאמ'ס קינד, כדי דאס קינד זאל ניט שטערען מיט זיין געשריי די איבעריגע, פלעגט מען מיך אוועקשיקען פון'ם שטוב שפאציערען אויף גאנצע שעה'ן. מ'האט מיך געשיקט אין די קראמען איינקויפען, מ'האט מיר געהייסען וואשען געפעס און טהאן אלערליי אנדערע ארבייטען, וואס האבען צו דער מלאכה גאר ניט קיין שייכות. ערשט אין אנהויבען פון דער פיערטער וואך האט מען מיר געגעבען שלייפען לעבלעך, מאכען זוימלעך, לעגען פאלבען און ערשט נאכדעם האט מען מיר ערלויבט זיך זעצען צו דער מאשין, כדי צו מאכען נאטען אויף פאפיער. אט דאס זענען געווען אלע מיינע קענטעניסען, פון דעם האב איך איצט געדארפט ציהען מיין פרנסה און בעצאהלען דער מוטער פאר איהר טרחה.

די גוטע מייסטערין האט אבער גאר קיין חשק ניט געהאט איך זאל בלייבען אין איהר ווערקשטוב און זאל כאטש מיט דער צייט זיך אויסלערנען, דאס, וואס זי האט מיך געדארפט אויסלערנען פון אנהויב. פערקעהרט. זי האט געוואלט בעקומען א נייע ניאנקע פיר איהר קינד און נייע עטליכע גולדען פאר'ן „לערנען". זי האט דעריבער ערקלעהרט, אז זי האט ניט קיין ארבייט, און האט מיך אבגעשיקט אהיים. די מאמע איז געווען זעהר אויפגעבראכט, געלאפען צו דער מאדאם, גע־טענה'ט, מען זאל אומקעהרען דאס געלד אדער מען זאל מיך דערלערנען די מלאכה. די מאמע אליין האט אבער קיין צייט ניט געהאט צו לויפען אלע מאל צו דער מאדאם, ווארום יעדע שעה, וואס זי האט ניט געארבייט, האט זי אנגעווארען געלד. סוף כל סוף האב איך זיך געמוזט לאזען זוכען ארבייט אלס „וועש־נייטארין". ארבייט וואלט זיך דוקא געפונען, נאר ווי איך פלעג נעהמען א שטיקעל ארבייט אין האנד, פלעגט מען באלד דערקענען, אז איך קען ניט גאר ניט און ס'פלעגט ווערען אויס. ווידער האב איך געמוזט נעהמען, וואס ס'וועט קומען צו דער האנד.

אזוי ווי קיין שטענדיגע ארבייט האב איך ניט געקענט בעקומען, האט די מאמע גערעדט מיט דער קרובה, זי זאל מיך ווידער נעהמען צו זיך. עס איז אבער געווען גראד זעהר א

# די יוגענד געשיכטע פון אַנ׳אַרבייטערין.

שלעכט יאָהר, וואָרום די מאָדע האָט די קרעלען־פערפוצונגען ניט פערלאַנגט. די „סלעק“, וואָס פלעגט זיך געוועהנליך אָנהויבען סוף דעצעמבער, האָט זיך דאָס יאָהר אָנגעהויבען אין נאָוועמבער. פון אָנהויב פלעגט מען נאָר אַרבייטער וועניגער שעה אין טאָג, שפּעטער איז שוין גאָר ניט געווען קיין אַרבייט. בין איך ווידער געזעסען ביי דער מאַמען, און געווען בין איך דעמאָלט שוין אַ מיידעל פון קאַרגע פופצעהן יאָהר. איך האָב ווידער אָנגעהויבען וואַנדערן טאָג־איין, טאָג־אויס. אונז איז גראַד דעמאָלט געווען בעזאָנדערס ענג, וויל נאָך איינער פון אונזער משפחה איז געזעסען אָהן אַרבייט. דאָס איז געווען דער עלטערעם ברודער. דעם יונגערן האָט מען דעמאָלט פערנומען אין סאָלדאַטען, בעת דער עלטערער האָט זיך נאָר וואָס אומגעקעהרט פון דער קאַזאַרמע. ער איז געווען נאַקעט און באָרפוס, ניט געהאַט קיין גראָשען געלד אין קעשענע, דערפאַר האָט ער געהאַט אַ גרויסען אַפּעטיט צום עסען. און ס׳איז איהם געווען אַזוי שווער צו געפינען אַ אָרט, כאָטש ער איז גרייט געווען צו נעהמען, וואָס ס׳וועט זיך טרעפען. אויף אַ טאָג, צוויי, דריי פלעגט ער יאַ אַמאָל בעקומען אַרבייט, אָבער דאָס איז נאָר געווען צופעליג. און ער האָט דאָס געזאָלט זיין אונזער שטיצע! מיר האָבען זיך אַזוי געפרייהט, וואָס ער קומט אהיים. איצט איז ער געלעגען ביי אונז, דער געזונדער, קרעפטיגער מענש, נאָך זיין דריי־יאָהריגען דיענען דעם קייזער און דעם פאָטערלאַנד, און האָט ארויסגעקוקט, אַז זיין אַלטע מוטער און זיין האַלב־דערוואַקסענע שוועסטער זאָלען איהם געבען עסען. דעמאָלט האָב איך נאַטירליך וועגען דעם ניט געטראַכט. פערקעהרט, איך בין געווען שטאָלץ, וואָס מיינע ברידער האָבען כח צו דיענען דעם קייזער און וועלען אין דער צייט פון אַ מלחמה העלפען פערטהיידיגען דאָס פאָטערלאַנד.

אין די דאָזיגע שווערע צייטען האָט די מאַמע אויסגעפרופט אַלצדינג, וואָס ס׳איז נאָר געווען מעגליך. איך האָב פון איהר נאָמען געשריבען בקשות צום קייזער, צו די ערץ־הערצאָגען וואָס האָבען געהאַט אַ שם אַלס גוטע מענשען, און צו אַנדערע „בעלי־צדקה“. אַזוי ווי די מוטער האָט ניט געקענט ניט לייענען, ניט שרייבען, האָב איך געמוזט פערפאַסען די בקשות, און איך האָב דאָס געטאָהן אויף מיין אייגענעם שטייגער. איך האָב

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

פשוט דערציילט דעם אמת, וואס ביי אונז טוהט זיך. אנהויבען פלעג איך שטענדיג מיט אזא נוסח : „אזוי ווי מיין מוטער קען ניט שרייבען און אונז איז זעהר שלעכט". „פונ׳ם קייזער" האבען מיר בעקומען פינף גולדען, פון א עריץ-הערצאג און פון איינעם פון די בעלי־צדקה, וועלכער האט ספעציעל געשיקט זיין סעקרעטער צו זעהן, ווי מיר לעבען, האבען מיר אויך בעקומען צו פינף גולדען. דעם גרעסטען טהייל פון דעם געלד האבען מיר אויסגעגעבען אויף צו איינקויפען דעם ברודער די נויטיגע קליידער. אבער פון וואס האבען מיר געזאלט לעבען ? פיער גולדען פלעגט יעצט פערדיענען די מאמע, און דערפון האבען געזאלט אויסגעהאלטען ווערען דריי פארשוין.

איך האב געמוזט בעקומען ארבייט, ס׳זאל זיין וואס עס וויל זיך. די פאסירונגען, וואס הויבען זיך איצט אן, וועל איך קיינמאל ניט פערגעסען, און ס׳איז נאך ניט אוועק קיין יאהר איך זאל ניט דערמאנען דעם דעמאלטדיגען ערב־קריסטמאס.

* *
*

ס׳איז געווען א קאלטער בייזער ווינטער, און אין אונזער קאמער האט דער ווינד און דער שנעע געקענט אריין אהן שום שטערעניש. ווען מיר פלעגען אין דערפריה וועלען עפענען די טיהר, האבען מיר געמוזט פריהער צעהאקען דאס אייז, וואס איז אנגעפרוירען איבער נאכט, ווארום פון הויף איז דער אריינגאנג געווען גלייך אין אונזער קאמער, און די טיהר איז געווען א פראסטע גלעזערנע. די מאמע פלעגט אוועקגעהן האלב זעקס, ווארום זעקס פלעגט זיך אנהויבען איהר ארבייט. איך פלעג אין א שעה ארום ארויסגעהן זוכען ארבייט. וויעדער האט זיך אנגעהויבען דאס אלטע : „איך בעט ארבייט". הונדערטער מאל האב איך געמוזט איבער־חזר׳ן די דאזיגע ביטע. דעם גאנצען טאג בין איך געווען אין גאס. הייצען האבען מיר ניט געקענט, דאס וואלט געווען א אויספרייגעריי, פלעג איך פערברייגען דעם גאנצען טאג אין די גאסען, אין די קירכען, אויף דעם בית־עולם. א שטיק ברויט און א פאאר קרייצער אויף צו קויפען מיטאג פלעג איך מיטנעהמען פון אינדערפריה. אלע מאל, ווען מען פלעגט מיר ענטפערן, אז ס׳איז ניטא קיין ארבייט, און איך פלעג

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

מוזען פערלאזען דאס ווארימע צימער, פלעג איך זיך מיט געוואלט איינהאלטען איך זאל זיך ניט צעוויינען. מיט וואס א פערגעניגען וואלט איך זיך גענומען פאר יעדע ארבייט, אבי נאר זיין אין דערווארעם. פון דעם שנעע פלעגען מיינע קליידער ווערען נאס און מיינע גליעדער פלעגען ווערען פערגליווערט פאר קעלט. דערצו נאך איז די מאמע געווארען אלע מאל מעהר ברוגז דער ברודער האט געפונען ארבייט — אבשארען שניי, ער האט אבער בעקומען דערפאר אזוי ווייניג, אז ס'האט ניט געקלעקט אויף זיין עסען. נאר איך בין געוועזן אהן ארבייט.

אפילו אין די צוקער־געבעק־פאבריקען, וואס איך האט גערעכענט, אז פאר יום־טוב מוזען זיי זיין פערוואלגערט מיט ארבייט און מוזען דארפען א סך הענד — האב איך אויך קיין בעשעפטיגונג ניט געפונען. איצט וויים איך, אז כמעט די גאנצע קריסטמאס־ארבייט ווערט אבגעטאהן מיט עטליכע וואכען פאר קריסטמאס; אז פריהער מוזען די ארבייטערינס גאנצע וואכען לאנג ארבייטען טאג און נאכט און אז פונקט עטליכע טעג פאר יום־טוב זאגט מען זיי אב גאר אהן רחמנות. דעמאלט האב איך קיין שום פארשטעלונג ניט געהאט, ווי עס געהט דער פראדוקציאנס־פראצעס. ווי הארציג און פרום פלעג איך בעטען גאט אין די קירכען. איך פלעג אויסזוכען די בעזאנדערס בעריהמטע הייליגע. איך בין געגאנגען פון עמוד צו עמוד, געשטעלט זיך אויף די קניה אויף די קאלטע שטיינערנע פליטעס און געבעטען די „הייליגע מאריא", די „גאט'ס מוטער" און די „הימעל־קעניגין" און אנדערע הייליגע, וואס מ'האט געזאגט אויף זיי, אז זיי האבען א גרויסע מאכט אדער גרויסע בארעמהערציגקייט. איך האב זיי געבעטען, זיי זאלען מיר צושיקען ארבייט.

די האפנונג האב איך ניט פערלוירען און איינמאל האב איך זיך בעשלאסען אריינווארפען די פאאר קרייצער, וואס איך האב געהאט אויף מיטאג, אין פושקע צום „הייליגען פאטער". אין דעמזעלביגען טאג האב איך געפונען א בייטעלע מיט צוועלף גולדען. פאר גליק בין איך קוים געקומען צו זיך. איך האב געדאנקט אלע הייליגע פאר דעם חסד. אז אפשר האט אנ'אנדער ארימאן פערלוירען די צוועלף גולדען און אפשר וועט ער דערפון האבען די גרעסטע עגמת־נפש — דאס איז מיר גאר אויפ'ן גע־

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

דאנק ניט געקומען. צוועלף גולדען איז אין מיינע אויגען געוועזן אזא גרויסע סומע, אז איך האָב גאָר ניט געקענט זיך פאַר־שטעלען, אז אַ אָרימער מענש זאָל פערמאָגען אַזוי פיעל געלד. אז מען מוז געפונענע זאכען אָבגעבען אין דער פּאָליציי — האָב איך דעמאָלט ניט געוואוסט. איך האָב נאָר געזעהן די באַרעמ־הערציגע האנד פון די הייליגע אין דעם בייטעלע, וואָס איך האָב געפונען ליעגען אויפ׳ן וועג. אין דעם אבענד בין איך מיט אַ פריידיג־געשריי געפאלען דער מאמען אויפ׳ן האלז פאַר שמחה האָב איך קוים געקענט רעדען און נאָר די ווערטער „צוועלף גולדען“, צוועלף גולדען“ האָב איך ארויסגעשטאמעלט אין מיין גרויסער אויפרעגונג.

אין אונזער קאמער איז געוואָרען ששון ושמחה, און ווי כדי צו מאכען די שמחה פאַרפולל האָב איך אויף מאָרגען בעקומען א ידיעה פון דער ג ל אָ ז־פ אַ פּ י ע ר־פ אַ ב ר י ק, וואו איך האָב זיך געמעלדעט פריהער מיט עטליכע טעג, איך זאָל קומען צו דער ארבייט.

דאָס צימער, וואו איך האָב געארבייט, איז געוועזן אינ׳ם דריטען שטאָק פון א הויז, וואו ס׳האָבען זיך געפונען לויטער אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען. אויף אזא אופן האָב איך זיך בעקאַנט גאָר נאָהענט מיט דעם לעבען און די פיהרערכעצען פון אַ פאַבריק, און איך מוז זאָגען: אין ערגיץ האָב איך זיך ניט געפיהלט אזוי אונהיימליך, ווי דאָ. קיין זאך איז מיר ניט געפעלען. די שמוטציגע קלעפּיגע ארבייט, דער שווערער גלאָז־שטויב, די פיעלע מענשען, דער גראָבער טאָן און די שלעכטע פיהרונג פון די מיידלעך און אפילו פון די פערהייראטע פרויען, — אַלצדינג איז מיר געוועזן צואווידער.

דעם פאַבריקאַנטס ווייב, די פּריצטע, ווי מען פלעגט זי רופען, איז געוועזן די אייגענטליכע פערוואַלטערין פון דער פאַב־ריק און זי פלעגט רעדען פונקט אזוי, ווי די פאַבריק־מיידלעך. זי איז געוועזן א שעהנע פרוי, אָבער זי האָט געטרונקען בראַנפען, געשמעקט טאַבאַק און מיט די אַרבייטער געטריעבען גראָבע אונ־אנשטענדיגע קאַטאָוועסען. ווען דער פאַבריקאַנט, אַ זעהר קראַנקער מאַן, איז אליין איינמאָל געקומען אין פאַבריק, האָט זיך אָנגעהויבען צווישען זיי אַ שרעקליכע צאַנקעריי.

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

איהם האָב איך זעהר ליעב געהאַט. ער איז אין מיינע אויגען געווען אזוי גוט און אזוי עדעל, און אַלע תנועות און גענג פון זיין פרוי האָבען בעוויעזען, אז ער איז אונגליקליך. ער האָט געהייסען, מען זאָל מיר געבען א גרינגערע, אנגענעהמערע אר־בייט. ביז דעמאָלט פלעג איך נעהמען דאָס פייכטע, מיט קליי־בעשמירטע און מיט גלאָז־בעשאָטענע פּאַפּיער און עס הענגען אויף די שטריק, וועלכע זענען געווען איבערגעצויגען אין דער הויף. די ארבייט פלעגט מיך מאַכען זעהר מיעד און דער פאַב־ריקאַנט האָט מסתמא בעמערקט, אז דאָס איז ניט פאַר מיר. ער האָט געהייסען געבען צעהלען די בויגענס פּאַפּיער, וואָס זענען בעשטימט צו דער ארבייט. דאָס איז געווען זויבער און ס׳איז מיר זעהר געפעהלען. ווען ס׳איז ניט געווען וואָס צו צעהלען, פלעג איך מוזען טהאָן אַנ׳אַנדער ארבייט.

די פאַבריק איז געווען ווייט פון מיין וואָהנונג און צו מיטאָג האָב איך ניט געקענט געהן אהיים. פלעג איך בלייבען צוזאַמען מיט אַנדערע ארבייטערינס אינ׳ם ארבייטס־זאַל; מיר פלעגען ברייגען פון א נאָהענטער גאָר־קיך זופּ און אַנדער געריכטס, און קאַווע אויף ביי־טאָג האָבען מיר געהאַט פון דער היים. איך האָב זיך שטענדיג געזעצט אָן א זייט און געלייענט א בוך. ס׳איז ביי מיר דעמאָלט געגאַנגען א סדרה: „דער רויבריטער און זיין קינד״ — סך הכל 100 העפטען. די אַנדערע מיידלעך האָבען געלאַכט פון מיר און געשפּעט פון מיין „אונשולד״, ווייל איך פלעג ווערען פערשעהמט, הערענדיג זייערע שמועסען.

אָפט פלעגט מען רעדען פונ׳ם הערין בערגער, וועלכער איז געווען קאָמי־וואָיאַזשאָר ביי דער פירמע און האָט געזאָלט אין גיכען קומען פון וועג. אַלע מיידלעך האָבען כסדר גאָר געלויבט בערגער׳ן, אזוי אַז איך בין שוין אויך געוואָרען נייגעריג איהם צו זעהן. איך בין שוין געווען אין דער פאַבריק די דריטע וואָך, ווען ער איז געקומען. אַלע האָבען זיך געקאָכט, געדעדט ווי ער זעהט אויס, ווי אינטערעסאַנט ער איז. ער איז מיט דער בעל־הבית׳טע געקומען אין דעם זאַל, וואו איך האָב געאַרבייט. מיר איז ער גאָר ניט געפעלען געוואָרען. נאָכ׳ן מיטאָג האָט מען מיך געראָפען אין קאָנטאָר; הער בערגער האָט מיך געשיקט א גאַנג און האָט דערביי געזאָגט עפּיס א מגושם׳דיגען קאָמפּלימענט וועגען

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳אַרבייטערין.

מיינע „שעהנע הענד“. ווען איך בין צוריק געקומען, איז שוין געוועזן פינסטער, און איך האָב געדאַרפט דורכגעהן אַ לעדיג פּאַרהויז, וואו עס איז געווען האַלב־דונקעל, ווייל קיין לאָמפּ האָט דאָרט ניט געברענט, און נאָר פון דעם אַרבייטס־זאַל איז דורך אַ גלעזערנע טיהר אריינגעקומען אַ ביסעל ליכט. הערר בערגער איז געווען אין דעם פּאַר־הויז, ווען איך בין אריינגעגאַנגען. ער האָט מיך אָנגענומען פאַר די הענד און האָט מיך מיט גרויס פריינדליכקייט געפרעגט, ווי עס לעבט זיך מיר. איך האָב איהם געענטפערט דעם גאַנצען אמת און האָב איהם דערצעהלט פון אונזער אָרימקייט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אויף מיר רחמנות, ווייל איך בין אַזאַ וואויל מיידעל; ער האָט מיר פערשפּראָכען זיך סטאַרען, אַז מען זאָל מיר געבען מעהר שכירות. עס פערשטעהט זיך, אַז איך בין געווען איבערגליקליך, וואָס איך וועל מעהר פערדיענען; כּך־הכּל פלעג איך בעקומען אַלע וואָך צוויי גולדען 50 קרייצער, און דערפאַר האָב איך געמוזט אַרבייטען יעדען טאָג 12 שעה. איך האָב איהם אַרויסגעשטאַמעלט אַ דאַנק און האָב איהם צוגעזאָגט, אַז איך וועל זעהן ער זאָל ניט חרטה האָבען, וואָס ער האָט פאַר מיר געבעטען. נאָך איידער איך האָב פערשטאַנען, וואָס איז דאָ געשעהן, האָט מיך הערר בערגער אַ קוש געטהאָן. איך האָב זיך זעהר דערשראָקען, נאָר הערר בערגער האָט מיך געפּרופט בערוהיגען: „וואָס האָט איהר מורא; איך קוש אייך דאָך, ווי אַ פאָטער זיין קינד“. ער איז אַלט געווען זעקס און צוואַנציג יאָהר און איך קנאַפּע פופצעהן.

אנ׳אויפגערעגטע האָב איך זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט. איך האָב ניט געוואוסט, ווי אַזוי זאָל איך פערשטעהן דאָס, וואָס ס׳האָט זיך מיט מיר געטראָפען; דעם קוש האָב איך גערעכענט פאַר אַ בעליידיגונג, אָבער הערר בערגער האָט גערעדט מיט אַזאַ רחמנות, ער האָט מיר צוגעזאָגט מעהר שכירות! אין דער היים האָב איך דערצעהלט, וואָס ער האָט מיר פערשפּראָכען, אָבער דעם קוש האָב איך פערשוויגען, ווייל איך האָב זיך געשעהמט פאַר מיינע ברידער.

אויף מאָרגען איז אויף מיר אָנגעפאַלען איינע פון די חבר׳טעס — אַ יונג בלאָנד מיידעל, וועלכע איז מיר געוועזן

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

סימפאטישער פון אלע — און האט מיך אנגעהויבען זידלען. פ'טייטש, האט זי געזאגט, איך האב פערנומען איהר שטעלע ביי'ם קאמי־וואיאזשאר; ביז אהער, ווען ער האט געדארפט שיקען א גאנג אדער זיך מיט עמיצען שאפען, פלעגט ער זי אויסקלייבען; ער האט זי ליעב געהאט — האט זי געזאגט מיט טרערען אין די אויגען, און איצט איז איבער מיר אלצדינג געווארען אויס. אויך די איבעריגע מיידלעך האבען געזאגט דאס אייגענע; זיי האבען מיך גערופען צוויי־פנים'דיגע, און די בעל־הבית'טע גופא האט מיך געפרעגט, ווי קענען מיר געפעלען דעם „שעהנעם קאמי'ס" קושען. נעכטען אויף דער נאכט האבען זיי געקוקט דורך דער גלעזערנע טיהר און געזעהן אלצדינג, איצט האבען זיי דערפון געמאכט אזא מיאוס'ן פירוש.

איך האב זיי ניט געהאט וואס צו ענטפערן אויף זייערע שטיך־ווערטלעך און לצנות און האב שוין מיט אונגעדולד גע־ווארט, ווען וועט אריבער דער טאג. ס'איז געווען שבת, און ווען איך האב בעקומען די שכירות, איז ביי מיר געבליבען, איך זאל מעהר אין פאבריק שוין ניט קומען.

די מאמע און די בריעדער זענען דערויף ניט געווען מוסכם. מערקווירדיג. די מאמע, וועלכע האט אזוי געזארגט, אז איהר טאכטער זאל אויסוואקסען א לייטיש מיידעל, און האט מיר שטענדיג געזאגט מוסר און מיך געווארענט, איך זאל ניט רעדען מיט מאנספילען — „נאר מיט דעם בעשערטען מעג מען רעדען און איהם דערצעהלען אלצדינג", פלעגט זי זאגען — איז איצט אויך געווען געגען מיר. די מאמע און די בריעדער האבען גע־זאגט, אז איך מאך דעם חלום גרעסער פון דער נאכט: א קוש איז ניט קיין סכנה, און אויב איך וועל נאך דערצו בעקומען מעהר שכירות, איז אודאי א נארישקייט זיך אבזאגען פון דער שטעל. סוף כל סוף האט מען דעם גאנצען חטא ארויפגעווארפען אויף מיינע ביכער: זיי מאכען דאס מיך פאר אזא מיוחסת. די מאמע איז געווען אזוי אין כעס פאר מיין „עקשנות", אז זי האט ארויסגעווארפען אינדרויסען מיט האק און פאק די גאנצע ציערונג מיינע: „דאס בוך פאר אלע", „איבער לאנד און ימים", „צייט־כראניק" און אנדערע. „אזוי ווייט" האב איך שוין דעמאלט געהאלטען אין דער ליטעראטור. די ביכער האב איך,

נאטירליך, ווידער צוזאמענגעקליבען, אבער דעם אבענד האב איך שוין מורא געהאט צו לעזען, כאטש געוועהנליך פלעגט מען דעם אבענד אנטקעגען זונטאג מיר ערלויבען לעזען אביסעל שפעטער.

דער זונטאג איז ביי אונז געווען זעהר א טרויעריגער. מיר איז אזוי אויך געווען שווער אויפ'ן הארצען, און דערצו האט מען מיך נאך דעם גאנצען טאג געזיהעלט.

מאנטאג האט די מאמע מיך אויפגעוועקט, ווי דער שטייגער איז געווען. אוועקגעהענדיג צו דער ארבייט, האט זי מיר אנגעזאגט, איך זאל זיך ניט מאכען נאריש און זאל ניט פערגעסען, אז אין עטליכע טעג ארום געהט קריסטמאס. איך בין ארויסגעגאנגען פון דער שטוב, איך האב מיר געוואלט אנטאהן א כח און פארט געהן צו דער ארבייט. ביז צו דער טיהר פון דער פאבריק בין איך געקומען, נאכדעם האב איך זיך אומגעקעהרט. אזא גרויסען פחד האב איך געהאט פאר אונבעקאנטע געפאהרען, אז איך האב בעסער געוואלט הונגערן, איידער ליידען חרפות. ווארום א חרפה איז אין מיינע אויגען געווען אלצדינג, וואס ס'האט זיך מיט מיר געטראפען, דער קוש און די שטיך־ווערטלעך פון די חבר'טעס. א חוץ דעם האט מען מיר דערצעהלט, אז עס פיהרט זיך אזוי שטענדיג, אז איינע פון די ארבייטערינס איז ביי בערגער'ן א גאנצע חשובה; און דערביי בייטען זיך זיינע סימפאטיעס: ווען עס קומט א נייע, וועלכע געפעהלט איהם בעסער, מוז די אלטע איהר אבטרעטען די שטעל. ווערליג איך האב פערשטאנען פון זייערע רייד, בין איך דאס איצט ערוועהלט געווארען צו פערנעהמען די דאזיגע שטעל. — דערפאר האב איך זעהר מורא געהאט. איך האב אזוי פיעל געלעזען אין די ביכער, ווי מ'האט פערפיהרט אונשולדיגע און ווי עהרליכע מיידלעך זענען געפאלען, אז איך האב מיר פארגעשטעלט די שרעקליכסטע זאכען. איך בין אין פאבריק ניט געגאנגען.

וואס־זשע הויבט מען אבער צו טאהן? פון אנפאנג האב איך זיך גענומען זוכען ארבייט; איך וואלט גענומען, וואס ס'וואלט זיך געטראפען; דריי טעג פאר יום־טוב דינגט אבער קיינער ניט קיין נייע ארבייטס־קרעפטע. איך האב זיך ארומ־

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳אַרבייטערין.

געבלאָנקען דעם גאַנצען טאָג אין די גאַסען. און אַז ס׳איז געוואָרען נאַכט, בין איך ווי געוועהנליך געקומען אהיים. איך האָב ניט געהאַט דאָס האַרץ צו מודה זיין זיך, אַז איך בין ניט געוועז אין פאַבריק. די פאָלגענדע צוויי טעג האָב איך ווייעדער געטהאָן אזוי. קיין אַרבייט האָב איך אַלץ ניט געפונען, וויפיעל איך האָב ניט געזוכט. אַ טיעפער יאוש האָט מיך טיילמאָל אַרומגעכאַפּט, טיילמאָל פלעג איך ווייעדער האָפען, אַז איך וועל דורך עפּיס אַ צופאַל געהאָלפען ווערען. סך־הכל האָב איך דאָך געדאַרפט קנאַפּע צוויי גולדען, שכירות פאַר ניט קיין גאַנצע וואָך אַרבייט.

איך האָב אזוי פיעל מאָל געלעזען, אַז גאָט איז אַנ׳אַלמעכ־טיגער, אז ער העלפט אין דער צייט פון אַ נויט, אַז גוטע מעשים בעקומען זייער שכר, און נאָך אַזוינע זאַכען, אַז איך האָב זיך איינגערעדט: גאָט מוז מיר העלפען. דעריבער האָב איך זיך געשטעלט אויף די קניה פאַר דעם אַלטאַר מיט אַ הייסער תפלה, נאָכדעם האָב איך ווייעדער גענומען געהן איבער די גאַסען און זוכען; ס׳איז דאָך מעגליך געווען, אַז איך זאָל ווייעדער געפינען אַ בייטעלע מיט געלט און ברייגגען אהיים נאָך מעהר, ווי מ׳האָט זיך געריכט. איך האָב זיך אַרומגעדרעהט דאָרט, וואו די ווייבער האָבען זיך געשטופּט אַרום די פיש, איינקויפענדיג פאַר׳ן אָבענד. און כאָטש איך האָב ניט געוואוסט דעם טעם פון פיש, האָט זיך מיר פונדעסטוועגען קיין פיש ניט געגליסט, אַזוי גרויס איז געווען מיין האַרץ־קלעמעניש. געלד האָב איך געוואָלט. ווילדע געדאַנקען האָבען אַרומגעשוועבט אין מיין מח, אויס־פיהרען זיי האָב איך אָבער ניט געוואַגט. ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבען טאָג. מענשען זיינען געלאָפען אַהיים מיט די איינגעקויפטע זאַכען, כדי צוצוגרייטען זייערע ליעבע אַ גליק־ליכען אבענד. אומעטום האָט מען שוין געענדיגט די אַרבייט און אויף מיר האָט מען שוין אויך אַרויסגעקוקט אין דער היים. וואו האָב איך אָבער געזאָלט נעהמען געלד?

איז מיר אַריינגעקומען אַזאַ מין געדאַנק. איך האָב געהאַט א מוהמע, וועלכע האָט געדיענט ביי אַ גרעפין; די דאָזיגע מוהמע איז אין אונזערע אויגען געווען זעהר אַ גרויסע פריצטע: ס׳טייטש, זי האָט דאָך געדיענט ביי אַ גראַפינע. „די מוהמע

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

פון דער שטאָדט" — דאָס פלעגט מען ארויסרעדען ביי אונז מיט אזא גרויכען דרך ארץ, און ווען זי פלעגט אמאָל קומען צו אונז צו גאַסט, פלעגט מען איהר אָבגעבען זעהר פיעל כבוד און קוקען אויף איהר מיט אונגעוועהנליכען אַפּשיי. מ׳האָט זי גע־האַלטען פאַר א זעהר גאָטספאָרכטיגע דאַמע, און די קירך, וואו זי פלעגט דאַווענען, פלעגט פון איהר בעקומען א סך נדבות. אָט פון דער מוהמע האָב איך איצט געהאָפּט צו בעקומען הילף. איך האָב זי ניט געטראָפען אין דער היים, זי איז געווען אין קירך. בין איך זי געגאַנגען זוכען אין קירך, זי איז שוין אָבער געהאַט אוועקגעגאַנגען. וויעדער האָב איך זיך געשטעלט אויף די קניה און האָב געדאַווענט און געוויינט און געבליפּעט, און געבעטען גאָט און אַלע קדושים, זיי זאָלען וויך מאַכען צו מיר דאָס האַרץ פון מיין מוהמען. ווען איך זיך דערמאָן זיך איצט: קנאַפּע צוויי גולדען איך וואָלט דעמאָלט געהאַט, וואָלט איך גע־פּטר׳ט אַלע מיינע צרות און וועהטאָגען! דעמאָלט האָב איך נאָך ניט גע־וואוסט, וויפיעל געלד עס ווערט אויסגעבראַכט אויף נאַריש־קייטען, וויפיעל מענשען עס האָבען צופיעל, ווען אַנדערע געהען אוים אין דחקות. אין יענער צייט האָב איך נאָך ניט געקענט די דאָזיגע אונטערשיעדען אָדער איך האָב ניט געטראַכט, אַז דאָס איז אומגערעכט. איך האָב גערעכענט, אַז אַלצדינג דאַרף זיין אזוי ווי עס איז, וואָרום אַלצדינג איז פון גאָט.

די דאָזיגע עטליכע שעה, ווי איבערהויפּט אַלע צרות פון מיין קינדהייט און יוגענד וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען. און כאָטש ס׳איז פון דעמאָלט אָן שוין אוועק אזוי פיעל יאָהרען, קען איך נאָך איצט איך ניט פאַרבייגעהן נעבען וויינענדיגע קינדער, איך זאָל זיי ניט פרעגען, פאַר וואָס זיי וויינען. שטענ־דיג דערמאָן איך זיך דערביי אָן מיינע אייגענע טרעהרען, ווי איך האָב געוויינט און געהאָפּט אויף עמיצענס א גוט האַרץ. נאָך ווען איך בין געווען אנ׳ארבייטערין, האָב איך ניט איין גולדען צעשיינקט פרעמדע קינדער, וועלכע איך האָב געטראָפען וויינען אין גאַס און וועלכע האָבען מיר דערצעהלט זייער שווער האַרץ — —

אויף מיר האָט מען קיין רחמנות ניט געהאַט. מיין גאָטס־פאָרכטיגע מוהמע, ווען איך האָב זי שוין געטראָפען אין דער

היים, האָט מיר דוקא געגעבען קאַווע און פּוטער־געבעקס, אָבער די בקשה מיינע, ווען איך האָב זיך ענדליך געמאַכט האַרץ און איהר דערצעהלט אַלצדינג, האָט זי גאָר אָהן שום טענות זיך אָבגעזאָגט צו ערפילען. זי איז געווען דערביי שטרענג און אומדערבאַרעמדיג. זי האָט מיר געזאָגט, איך זאָל למען השם געהן אַ היים, וואָרום ס'איז דאָך יום־טוב, וועט מען אויף מיר אַרויסקוקען. איך האָב געבעטען און געוויינט, נאָר דאָס האָט זי ניט געריהרט; זי האָט מיר כסדר געזאָגט פרומע פסוקים: יעדער מענש דאַרף טראָגען מיט געדולד דאָס, וואָס ער האָט אַליין אויף זיך גענומען. דאָס איז געווען דאָס לעצטע וואָרט איהרס. העלפען האָט זי מיר ניט געוואָלט. וויעדער בין איך געשטאַנען אַליין אינמיטען גאַס. מענשען איז אויפ'ן גאַס שוין געווען ווייניג, דערפאַר האָבען די פענסטער געבלישטשעט אינ'ם גלאַנץ פון ליכט, און אין פיעלע הייזער האָב איך געקענט זעהן טענענבוימער.

אַהיים האָב איך בשום אופן ניט געוואָלט געהן. וואָס האָב איך אין דער היים געקענט זאָגען? מודה זיין זיך? איצט האָט זיך מיר אַליין אויסגעדוכט, אַז מיין פיהרונג אין די לעצטע טעג איז געווען ניט ריכטיג, ווי־זשע האָב איך דאָס געקענט דערצעהלען? היינט האָב איך מיר פאָרגעשטעלט, ווי די מאַמע וועט ווערען דערשראָקען, מיין אָרימע מאַמע, וועלכע האָט שטענדיג געמוזט בערעכענען יעדען קרייצער און וועלכע האָט אויף מיר געלעגט אַזוי פיעל האָפנונגען. איז דען מעגליך געווען, איך זאָל איהר איצט אָנטאָהן אַזוי פעל צרות און מאַכען צו נישט איהר האָפנונג? מיין חרטה און מיין פחד זענען געוואָרען אַלעמאָל גרעסער. הלואי וואָלט איך מיר בעסער פריהער אָנגעטהאָן אַ כח און געבליעבען אין פאַבריק, האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין. איצט האָט זיך מיר אַליין אויסגעדאַכט, אַז ס'איז פאָרט ניט געווען אַזוי שרעקליך, מיין מורא פאַר דעם קאָמי־וואָיאַזשאָר, מיין שעהמען זיך פאַר די אַרבייטערינס און מיין זאָרגען זיך, טאָמער איז דאָס ניט אָנשטענדיג. איצט האָב איך נאָר געפיהלט איינס: ווי שעהן עס וואָלט געווען, ווען איך וואָלט געקענט געהן אַהיים מיט מיינע שכירות. איך האָב זיך גענומען געהן צום טייך, און געטראַכט האָב איך דערביי, אַז ס'איז גרינגער צו

שפּרינגען אין וואַסער אריין, איידער צו גערן אהיים מיט מיין שולד.

ווען איך בין געגאַנגען איבער איינער פון די רייכסטע גאַסען צום טייך צו, וויינענדיג כסדר און כליפּענדיג אויף א קול, אזוי אַז מיין גאַנצער קערפּער האָט זיך געוואָרפן, האָט מיך אָבגע־שטעלט א עלעגאַנטער הערר. ער האָט מיך געפרעגט, וואָוהין געה איך אזוי שפּעט און וואָס וויין איך. דאָס איז געווים די העטונג, האָב איך מיר געטראַכט, דאָס האָט איהם גאָט מיר צוגעשיקט! אַלע האָפנונגען האָבען זיך ווידער ערוואַכט אין מיר און איך האָב איהם דערצעהלט פון מיינע ליידען. צוויי גולדען מוז איך האָבען, אַניט קען איך ניט קומען אַהיים. ווי ליעב און פריינדליך דער הערר האָט צו מיר גערעדט. צעהן גולדען וועט ער מיר געבען, איך זאָל נאָר געהן מיט איהם, וואָרום ער האָט ביי זיך קיין געלד ניט. איך וויים ניט, וואָס ס'האָט מיך דעמאָלט געראַטעוועט, וואָרום כאָטש מיין נויט איז געוועז גרויס, בין איך דאָך אין זיין וואָהנונג ניט געגאַנגען. ער האָט מיך געוואָלט אריינפיהרען, האָב איך זיך געבעטען, ער זאָל מיר ערלויבען וואַרטען ביי'ם טויער, ביז ער וועט מיר אַרויס־טראָגען דאָס געלד. ער האָט מיך אָנגעהויבען בעטען, איך זאָל געהן מיט איהם, און האָט אפילו פערזוכט מיך אריינשלעפּען מיט געוואַלט, ווי מען שלעפּט איינגעשפּאַרטע קינדער. איך האָב זיך אַרויסגעריסען און בין אנטלאָפען. עס האָט מיך אַרומ־געכאַפּט אַזאַ גרויסע אימה, די אויגען, מיט וועלכע דער הערר האָט אויף מיר געקוקט, האָבען מיך אזוי דערשראָקען, אַז איך האָב גאָר ניט געטראַכט און האָב גענומען לויפען צו אונזער שטוב צו. דאָרטען האָב איך בעגעגענט מיין ברודער, וועלכער האָט מיך שוין געזוכט אַ שטיק צייט און האָט אָקאָרשט געוואָלט געהן אין פאַבריק פרעגען וועגען מיר.

זאָל איך דערצעהלען ווייטער, ס'אַראַ יום־טוב איך האָב געהאַט? ווי די מאַמע און דער ברודער האָבען בשום אופן ניט געקענט בעגרייפען מיינע געפיהלען, ווי זיי האָבען ניט געקענט פערשטעהען מיין אויפפיהרונג און האָבען מיר ניט געוואָלט פערצייהען? זיי האָבען געזאָגט, אַז איך בין אַ שלעכטע און אַ פוילע. איך — פויל! אין די יאָהרען, ווען אנדערע קינדער

שפּיעלען זיך נאָך מיט ליאַלקעס און זיצען אויף דער שול־באַנק און מען היט זיי און מען שיצט זיי, אַז ס'זאָל זיי קיין בייז ניט טרעפען, האָב איך שוין געמוזט פערזוכען דעם טעם פון פּראַקטישען לעבען, טראָגען דעם אייזערנעם יאָך פון אַרבייט. אין די יאָהרען, ווען אַנדערע קינדער באָדען זיך נאָך אין דעם לויטערען גליק פון קינדהייט, האָב איך שוין פערגעסען דעם קינדערשען געלעכטער און נאָר איין געפיהל האָט געלעבט אין מיין נשמה, אַרבייטען — דאָס איז געווען מיין גאַנץ לעבען.

די לאַסט פון אָט דער קינדהייט האָט געדריקט אויף מיין געמיט א צייט מיט יאָהרען. ווען איך בין נאָך געווען גאָר יונג פלעג איך שוין אַרומגעהן א ערנסטע, אַ פערזאָרגטע און האָב ניט געוואוסט פון פרעהליכקייט. ס'האָבען געמוזט געשעהען אַ סך וויכטיגע זאַכען, ס'האָבען געמוזט גרויסע פּאַסירונגען טרעפען אין מיין לעבען, ביז איך בין ביסלעכווייז געקומען צו זיך.

*　　*
*

איך האָב ווידער געפונען אַרבייט, איך האָב זיך געכאַפּט פאַר אַלצדינג, וואָס ס'האָט זיך געטראָפען, כדי צו ווייזען, אַז איך וויל אַרבייטען. איך האָב דורכגעלעבט אין דער צייט ניט וועניג. סוף כל סוף איז מיר דאָך געוואָרען בעסער. מ'האָט מיך רעקאָמענדירט אין אַ קאָרק־פּאַבריק, וועלכע האָט געהאַט זעהר א גוטען שם. ס'האָבען דאָרט געאַרבייט 300 אַרבייטערינס און אַנ'ערך 50 אַרבייטער. איך בין אָנגעקומען אין אַ גרויסען זאַל, וואו עס האָבען געאַרבייט 60 ווייבער און מיידלעך. פאַר די פענסטער איז געשטאַנען 12 טישען און ביי יעדען טיש איז געזעסען 4 מיידלעך. אונזער אַרבייט איז געווען — סאָרטירען די אויסגעאַרבייטע סחורה, אַנדערע אַרבייטערינס האָבען געצעהלט די קאָרקעס און נאָך אַנדערע האָבען געשטעלט אויף זיי די שטעמפּעלס פון דער פירמע. מיר האָבען געאַרבייט פון זיעבען אינדערפריה ביז זיעבען אויף דער נאַכט. אויף מיטאָג האָבען מיר געהאַט א שעה פּויזע, ביי־טאָג — אַ האַלבע שעה. אין דער וואָך, ווען איך האָב אָנגעהויבען אַרבייטען, איז געווען איין טאָג יום־טוב, ווען די פּאַבריק איז גע־

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

שטאנען, פונדעסטוועגען האב איך בעקומען שכירות פאר א גאנצע וואך. מ'האט מיר פון אנפאנג געצאהלט פיער גולדען, ווי מען פלעגט צאהלען אלע נייע־אנגעקומענע. א חוץ דעם האט מען מיר צוגעזאגט, אז אויב איך וועל טויגען צו דער ארבייט, וועט מען מיר אין עטליכע חדשים ארום מוסיף זיין 50 קרייצער. די דאזיגע הוספה האב איך בעקומען שוין אין זעקס וואכען ארום און שפעטער מיט א האלב יאהר האט מען מיר אנגעהויבען צאהלען פינף גולדען א וואך; נאכדעם האב איך געהאט אלע וואך זעקס גולדען.

איך האב זיך געהאלטען כמעט פאר א גביר'טע. איך האב אויסגערעכענט, וויפיעל איך וועל קענען אבשפארען אין עטליכע יאהר, און האב געבויעט לופט־שלעסער. אזוי ווי איך בין געווען צוגעוואהנט צו גרויסע דחקות, וואלט איך גערעכענט פאר א אויסבריינגעריי אנהויבען מעהר אויסגעבען אויף עסען. אבי איך האב ניט געפיהלט קיין הונגער, מיט וואס הער מאגען איז געווען אנגעשטאפט — האט מיך קיינמאל ניט אינטערעסירט. דערפאר האב איך זיך געוואלט שעהן קליידען. ווען איך וועל געהן זונטאג אין קירך אריין, זאל קיינער ניט הערקענען, אז איך בין א פאבריק־ארבייטערין. ווארום איך האב זיך געשעהמט מיט מיין ארבייט. ארבייטען אין א פאבריק איז ביי מיר געווען א נייע זאך. ווען איך האב זיך נאך געלערנט ביי מיין קרובה, האב איך שטענדיג געהערט, אז די פאבריק־ארבייטערינס זעען ניט לייטיש, צעלאזען און פערדארבען. מ'האט זיי שטארק געזידעלט אונטער די אויגען, און איך האב איבערגענומען די דאזיגע פאלשע מיינונג. איצט בין איך אליין געגאנגען אין א פאבריק, וואו עס איז געווען אזוי פיעל מיידלעך.

די ארבייטערינס זענען צו מיר געווען זעהר צוגעלאזט, זיי האבען מיר אויפ'ן פריינדליכסטען אופן געוויזען, ווי אזוי צו ארבייטען, און האבען מיך בעקאנט געמאכט מיט די פיהרערכצען פונ'ם זאל. די מיידלעך, וואס האבען געארבייט אינ'ם סארטיר־זאל, זענען געווען די חשוב'סטע פונ'ם גאנצען פערסאנאל. זיי פלעגט אויסקלייבען דער פאבריקאנט אליין, בשעת אין מאשינען־זאל פלעגען די מייסטערס דינגען די אר־

בייטס־קרעפטען. אין די איבעריגע צימערן האבען געארבייט מענער מיט פרויען צוזאמען, אין אונזער זאל איז געווען נאר פרויען. מענער פלעגען דיענען אלס הילפס־ארבייטער, ווען מ'האט געדארפט ארויסטראגען אין הויף אריין די שווערע קעסטלעך מיט סארטירטער, איבערגעצעהלטער און געשטעמפעלטער סחורה. אונז'ער מיטאג האבען מיר געגעסען אין פאבריק. ווען דער וועטער איז געווען שעהן, פלעגען מיר זיך אויסזעצען אויף די קעסטלעך מיט סחורה אין הויף (דער הויף האט געהאט א גלעזערנעם דאך). אום ווינטער האט מען אונז ערלויבט עסען אין מאשינען־זאל. אינ'ם סארטיר־זאל, וואו ס'וואלט אונז געווען פיעל בעקוועמער, האבען מיר ניט געטארט עסען, ווארום די סחורה וואלט נאכדעם געשמעקט נאך אונזערע „שפייזען".

די ארבייטערינס, וואס האבען געוואהנט ניט ווייט פון דער פאבריק, פלעגען געהן אהיים עסען, און זיי איז געווען בעסער ווי אנדערע, ווייל זיי האבען געהאט ווארעם געקעכטס. עטליכע וואכענפלעג איך געהן עסען צו בעקאנטע. דאס איז געווען פאר מיר אנ'אמת'ע מאטערניש. איך פלעג מוזען געהן שנעל 25 מינוט, נאכדעם פלעג איך וואס גיכער איינשלינגען דאס הייסע עסען און ווידער לויפען אהן אנ'אטעם אין פאבריק. צו דער ארבייט פלעג איך קומען א פערסאפעטע, ווי עמיצער וואלט זיך נאך מיר געיאגט. לאנג אויסהאלטען האב איך דאס ניט געקענט און פלעג שוין בעסער ווידער בלייבען אין פאבריק.

ווי טרויעריג עס איז דאס לעבען פון די ארבייטערינס און וויפיעל דחקות עס קומט זיי אויס צו לײדען, קען מען זעהן אויף די פרויען פון אט דער פאבריק. דא זענען געווען די בעסטע ארבייטס־בעדינגונגען — דאס האבען מודה געווען אלע. אין ערגעץ האט מען ניט געצאהלט אזוי פיעל לוין און די ארבייטערינס פון אנדערע פאבריקען פלעגען אונז מקנא זיין. די עלטערן זענען געווען גליקליך, ווען זיי האבען אריינגעגעבען זייער 14־יעהריגע, נאר וואס פון דער שול בעפרייטע טאכטער אין אט דער פאבריק. יעדערער האט זיך געסטארעט, דער בעל־הבית זאל מיט איהם זיין צופריעדען אויפ'ן בעסטען אופן, כדי מען זאל איהם ניט אבזאגען. עס פלעגט אפילו טרעפען,

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'אַרבייטערין.

אַז פרויען פלעגען איינריידען זייערע מאַנען — מענשען וואָס האָבען יאָהרענלאַנג זיך געלערענט, ביז זיי האָבען זיך אויסגעלערנט אַ מלאכה — אַז זיי זאָלען זיך דאָ פערדינגען פאַר פשוט'ע הילפס־אַרבייטער, וואָרום אַזוי איז מען געווען זיכערער מיט פרנסה. און פונדעסטוועגען איז אפילו דאָ, אין דעם „גן־עדן", דאָס עסען פון די אַרבייטערינס געווען זעהר שלעכט. ווער עס פלעגט צו מיטאָג־צייט בלייבען אין פאַבריק, פלעגט זיך קויפען פאַר עטליכע קרייצער וואורשט אָדער קעז־אַבשניצלעך אין אַ געשעפט פון קעז. אָפטמאָל פלעגט מען עסען פוטער מיט ברויט און אַביסעל וואָלוועלע אויבס. איינינע פלעגען טרינקען אַ גלאָז ביער און איינטונקען דעם ברויט. ווען עס פלעגט שוין עקלען פון אָט דעם עסען, פלעגט מען זיך קויפען עפּיס אין אַ רעסטאָראַן. פאַר פינף קרייצער זופּ אָדער סאַלאַט. געקאָכט איז די זופּ געווען ס'רוב זעהר שלעכט, די שמאַלץ האָט געהאַט אַ שרעקליכער ריח, עס פלעגט אונז אָפט ווערען צו־ווידער, אַז מיר פלעגען אויסגיסען דאָס געקעכטס און בעסער עסען טרוקענע ברויט. טרייסטען פלעגען מיר זיך נאָר מיט דעם געדאַנק וועגען דער קאַווע, וואָס מיר פלעגען ברייננען אויף ביי־טאָג פון דער היים.

אָפט פלעגט דער בעל־הבית דורכגעהן אין הויף, ווען מיר פלעגען עסען מיטאָג. ער פלעגט זיך ניט איינמאָל אָבשטעלען און פרעגען, וואָס מיר עסען עפּעס „גוטס". אויב ער איז געווען זעהר שטאַרק אויפגעלעגט, אָדער די אַרבייטערין, צו וועלכער ער האָט זיך געווענדעט, איז געווען אַ שעהנע און האָט פערשטאַנען ווי צו מאַכען אַ רחמנות־פּנים, פלעגט ער איהר שענקען געלד, זי זאָל זיך קויפען עפּיס בעסערס. מיך פלעגט דאָס שטענדיג שטאַרק פערדריסען. ווען ער האָט מיך געפרעגט, פלעג איך כסדר זאָגען, אַז דאָס עסען איז גוט.

מיר האָבען אויך געפרופט געהן אין אַ גאָר־קיך. פאַר אַכט קרייצער האָט מען געקענט בעקומען זופּ און גרינס. פאַר נאָך אַכט קרייצער פלעגען מיר אָפט אין צווייען קויפען אַ שטיקעל פלייש. איך בין אויך אַ צייט געגאַנגען אין גאָר־קיך, ווען איך בין נאָך אַמאָל געוואָרען קראַנק און דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דער עיקר איז גוט עסען. ווען ס'איז מיר אָבער געוואָרען

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

בעסער און איך האב בעקומען מעהר כחות, האט מיר ווידער באנג געטאהן אויסגעבען אזוי פיעל געלד. איך האב דאך געוואלט אבשפארען עטליכע גראשענס, כדי איך זאל האבען אין דער צייט פון א נויט.

בעסער עסען האבען בכלל געקענט נאר אזוינע מיידלעך, וואס זייערע קרובים האבען זיי געהאלפען. אזוינע איז אבער געווען זעהר ווייניג. ס׳רוב פלעגען די ארבייטערינס פון זייער פערדיענסט נאך אונטערשטיצען טאטע־מאמע אדער זיי פלעגען צאהלען פאר אויסהאלטען זייערע קינדער. וויפיעל קרבנות פלעגען ברייננגען אזוינע מאמעס! א קרייצער צו א קרייצער פלעגען זיי זאמלען, כדי צו קויפען עפיס זייערע קינדער אדער כדי צו ברייננגען א מתנה דער פרוי, וואו די קינדער האדעווען זיך, אפשר וועט זי אויף זיי בעסער אכטונג געבען. געווען אזוינע ארבייטערינס, וואס האבען נאך געמוזט זארגען פאר זייערע ארבייטסלאזע מאנען און האבען הערינבער נאך ווייניגער געקענט טראכטען וועגען זיך. ווארום די גאנצע שטוב־הוצאה איז געלעגען אויף זייערע פלייצעס.

איך האב זיך אויך צוגעקוקט צו דער „לייכטזיניגקייט“ פון די פאבריק־מיידלעך, וואס מען רעדט פון איהר אזוי פיעל. געווים, די מיידלעך פלעגען געהן טאנצען, פלעגען שפיעלען ליעבעס; איינינע פלעגען זיך פון דריי א זייגער פערדינגען אין א טעאטער, כדי אין אבענד האבען דרייסיג קרייצער אויף א בילעט. זומער פלעגען זיי געהן שפאצירען הינטער׳ן שטאדט און פלעגען שעה׳ן־לאנג וואנדערן צו־פוס, כדי צו איינשפארען די פאאר קרייצער פאר א טראם־בילעט. דערפאר וואס זיי האבען געזעהן אביסעל גרינס, פלעגען זיי נאכדעם עטליכע טעג בעצאהלען מיט מידע פיס. דאס אלעס קען מען רופען לייכטזיניגקייט, ווען מען וויל, מען קען עם אפילו רופען צעלאזענקייט, זאגען, אז ס׳ליעגט די מיידלעך נאר הוליאנקעס אין קאפ, אבער ווער וועט האבען דערצו דעם מוטה?

ביי מיינע חבר׳טעס, די פעראכטעטע פאבריק־ארבייטערינס, האב איך אפט געזעהן אונגעוועהנליכע אפפערוויליגקייט. ווען אין א פאמיליע פלעגט זיך מאכען א גרויסע נויט, פלעגען זיי זיך צונויפלעגען מיט זייערע קרייצערס, כדי צו העלפען די

נויטהבעדירפטיגע. ווען זיי פלעגען אבארבייטען אין פאבריק צוועלף שעה און איינינע זענען נאך א שעה כסדר געגאנגען אהיים, האבען זיי זיך נאך אליין אין הער היים גענייהט וועש, כאטש זיי האבען זיך דאס קיינמאל ניט געלערענט. זיי פלעגען צעטרענען זייערע אלטע קליידער, כדי נאך דעם מוסטער צושניידען זיך א נייעס און עס נאכדעם נייהען זונטאג אדער אין אבענד.

אין די פויזען אינמיטען דער פאבריק־ארבייט פלעגט מען אויך זיך ניט פערגינען צו רוהען. אבעסען די עטליכע ביסען האט געדויערט נאר א פאאר מינוט, נאכדעם פלעגט מען ארבייטען זאקען, שטריקען אדער העקלען וואס ניט איז. און כאטש מ'האט אזוי געהיט יעדען גראשען און מ'האט אזוי פלייסיג געארבייט, איז מען פונדעסטוועגען געווען ארים און מען פלעגט ציטערן, טאמער וועט מען חלילה אנווערען די ארבייט. אלע פלעגען זיך מכניע זיין און איבערטראגען פון דער אדמיניסטראציע אלערליי בעליידיגונגען, כדי נאר ניט צו פערליערען די שטעל, כדי ניט צו בלייבען אהן ברויט.

עס פלעגט ניט זעלטען טרעפען, אז איינע פון די מיידלעך האט בעזונדערס נושא חן געווען אין די אויגען פון א אויפזעהער. פלעגט ער זיך מיט איהר אנהויבען בענעהמען אנדערש ווי מיט אלע. וואס זי האט געטאהן, איז געווען ניט גוט, איבערגעהן פון א קלענערען געהאלט אויף א גרעסערען איז פאר איהר שוין געווען אונמעגליך, מען פלעגט איהר אלעמאל אויסרעדען פאר דער שלעכטער ארבייט. מען פלעגט זי סטראשען, אז מען וועט זי אינגאנצען אבזאגען, און דאס אונגליקליכע מיידעל איז געווען ווי א חיה, וואס ס'יאגט זיך נאך איהר דער יעגער, ביז זי פלעגט ניט אויסהאלטען און אליין פערלאזען די פאבריק.

פון איינינע אזוינע זענען נאכדעם ארומגעגאנגען קלאנגען. מ'האט בסוד־סודות איבערגעגעבען, אז מ'האט די אדער יענע געזעהן אין געווויסע גאסען אנגעטאהן אין שרייענדיגע קליידער, אדער אז זי האט זיך ארויסגעבויגען פון'ם פענסטער, כדי צו פערנארען מאנספערשוינען. מען פלעגט אזוינע האלטען פאר געפאלענע און זיי זידלען, און איך בין אויך אויף אזוינע געוועזן

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

אויפגעבראכט. קיינע פון אונז האט זיך ניט געפרעגט, וואס וואלט געווען, ווען דאס מיידעל וואלט פון אנהויב אן ניט ארויס־געוויזען קיין פעסטקייט און וואלט זיך אונטערגעגעבען דעם ווילען פונ'ם אויפזעהער?

פון בעהאלטענער און עפענטליכע פראסטיטוציאן האב איך נאך דעמאלט ניט געוואוסט גאר ניט, איך האב נאך אפילו דאס ווארט ניט געהאט געהערט. שפעטער, ווען איך האב בעסער אנגעהויבען פערשטעהן אורזאכע און ווירקונג, האב איך אנגע־הויבען אנדערש טראכטען אויף וועגען אט די מיידלעך, בע־זאנדערס ווען איך האב מיט דער צייט בעטראכט אייניגע עלטערע ארבייטערינס, וואס מ'האט אויף זיי געזאגט, אז זיי פערנעהמען א בעסערע שטעל ווייל זיי האבען נאהענטע בעצי־הונגען צו איינעם פון דער אדמיניסטראציע, אדער ווען איך פלעג זעהן, ווי איינע פון די ארבייטערינס הויבט אן זיך קריגען מיט דעם אויפזעהער הערפאר וואס ער רוהפ'ט זי, ווייל זי איז איהם שוין נמאס געווארען און ער וויל שוין „בעגליקען" אנ'־אנדערע.

דעמאלט האב איך ווייניג געטראכט וועגען אט די זאכען, איך האב זיך נאר געסטארעט ערפילען מיין ארבייט ווי עס געהער צו זיין און זיך מיט קיינעם ניט זאטשעפען. בפרט אז אין דעם זאל, וואו איך האב געארבייט, פלעגען אזוינע זאכען ניט פאסירען; פון אונזער אויפזעהער האבען מיר קיינמאל ניט געהערט קיין פריינדליך, מענשליך ווארט. ער איז געווען א טיראן פונ'ם ערגסטען סארט און אויף די ארבייטערינס האט ער מסתמא געקוקט ווי אויף א סטאדע שקלאפינס. קלאגען זיך אויף איהם האט קיינער ניט געטמייעט. ער האט זיך גע־רעכענט פאר דעם חשוב'סטען אין דער פאבריק, און ער איז טאקי געווען איבערגעגעבען זיין בעל־הבית מיט לייב און לעבען. אז ער איז אמאל אליין געווען אנ'ארבייטער אין דער אייגענער פאבריק, האט ער מסתמא שוין געהאט פערגעסען.

מיינע בריעדער האבען דערווייל חתונה געהאט און האבען געמוזט זארגען יעדערער פאר זיין פאמיליע. איך אבער האב בעשלאסען קיינמאל ניט פערלאזען די מאמע און האב געוואלט בריינגען דערצו, אז זי זאל פערשפארען ארבייטען. אז קיין

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

גרויסע קאפיטאלען וועל איך ניט אבשפארען — דאס האב איך איצט שוין פערשטאנען, אבער פאר דער מאמען האב איך גע־וואלט זארגען און א פאאר גראשען האב איך געוואלט אבשפא־רען, טאמער וועט זי קראנק זיין, זאל זי פערשפארען ליעגען אין שפיטאל, ווארום פאר א שפיטאל האט זי זעהר מורא גע־האט. ווי אלע ארבייטערינס, האב איך זיך געפיהלט גליקליך, וואס איך ארבייט אין דער דאזיגער פאבריק, און איך האב זיך געהיט מיט אלע כחות, אז מען זאל אין מיר ניט געפינען קיין חסרונות.

„א גוטער בעל־הבית" — דאס איז געווען די אלגעמיינע מיינונג וועגען מיין „ברויט־געבער". אבער גראד אן דעם פאבריקאנט קען מען זעהן, וואס פאר א גוט געשעפט עס איז די עקספלואטאציע פון מענשליכער ארבייט. ער, וועלכער האט טאקי באמת מעהר געטהאן פאר זיינע ארבייטער, איידער אנ־דערע אונטערנעהמער, ער, וועלכער פלעגט צאהלען זיינע קראנק־געווארענע ארבייטער און ארבייטערינס לאנגע וואכען זייערע גאנצע שכירות, כאטש זיי האבען ניט געארבייט, ער, וועלכער פלעגט די קרובים פון זיינעם א געשטארבענעם ארבייטער שענ־קען גרויסע סומען געלד און האט איבערהויפט ניט אבגעזאגט קיינעם, ווען מען פלעגט זיך צו איהם ווענדען אין א נויט, — ער איז פונדעסטוועגען רייך געווארען דורך די פראדוקטיווע ארבייט פון די מענער און פרויען, וועלכע זענען געווען פערנומען אין זיין פאבריק.

ווי אזוי איך בין פארט געווארען אין אט דער פאבריק, א סאציאל־דעמאקראטקע, וועל איך שפעטער דערצעהלען. דער־ווייל האב איך זיך ניט געהאלטען פאר אנ'ארים מיידעל. די זונטאגדיגע סעודה איז געווען כיד המלך. פאר צוואנציג קרייצער פלעגען מיר קויפען פלייש און איך פלעג קאכען. שפעטער, ווען מיין לוין איז געווארען גרעסער, פלעגט אום זונטאג ביי אונז זיין „נאך" בעסער, איך פלעג נאך בעקומען א גלעזעלע פערצו־קערטען וויין דערצו.

נאר איינס האט מיר געפעהלט, אז איך זאל שוין זיין גאר איינגאנצען צופריעדען. אלע מיינע חבר'טעס זענען שוין געווען

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

קאָנפירמירט*) ; זיי האָבען הערצעהלט, ווי שעהן ס'איז צוגעגאַנגען ביי דער קאָנפירמאַציע און וואָס פאַר אַ מתנות זיי האָבען בעקומען פון זייערע קוואַטערס. איך בין אָבער נאָך ניט געווען קאָנפירמירט, ווייל מיין מאַמע איז געווען צו שטאָלץ, אַז זי זאָל געהן בעטען עמיצען זיין אַ קוואַטער. קויפען מיר פאַר אייגענע געלד דאָס ווייסע קלייד און אַלע אנדערע זאַכען, וואָס מען דאַרף דערצו האָבען, האָט זי ביי'ם בעסטען ווילען ניט געקענט ; האָט מען דאָס אַלץ אָבגעלעגט. ווען ס'איז געשטאַנען אין די צייטונגען, אַז אַנ'אָרים קינד האָט אין די קאָנפירמאַציאָנס־טעג געפונען אַ בארעמהערציגען קוואַטער אָדער אַ קוואַטערין, פלעגט מיר די מאַמע עצה'ן, איך זאָל זיך אויך שטעלען נעבען דער קירך, אפשר וועט עמיצער זיך אויף מיר אומקוקען, אָדער איך זאָל וואַרטען, ביז איך וועל פערדיענען אזוי פיעל, אז איך זאָל זיך אליין קענען קויפען אלצדינג.

ווען איך בין שוין אַלט געווען זעכצעהן יאָהר און דער ערשטער מאַנספערשוין האָט מיר גערעדט וועגען חתונה האָבען, האָב איך געהאַט אַ הארבען תירוץ: ס'טייטש, איך בין נאָך ניט קאָנפירמירט. איך האָב גערעכענט, אַז יעדע אמת'ע קריסטין מוז פריהער קאָנפירמירט ווערען, איידער זי וועט מעגען טראַכטען וועגען חתונה. איצט בין איך שוין אַלט געווען 17 יאָהר און האָב מעהר ניט געוואָלט וואַרטען. אַ יונגע הבר'טע מיינע, וועלכע איז געווען אַ פערמעגליכען מאַנ'ס אַ כלה, האָט זיך אויסגערופען, אַז זי וועט זיין מיין קוואַטערין. אויף אויסצאָהלען האָב איך מיר געקויפט אַ שעהן לייכט קלייד, עלעגאַנטע שיך, אַ זיידענעם שירם, פיינע הענדשקעס און — די קרוין פון אַלצדינג — אַ הוט מיט בלומען. דאָס איז געווען אַ שמחה ! הערצו דאָס פאָהרען אין אנ'אָפענער קארעטע, די צערעמאָניע אין קירך, דעם בישאָפ'ס גלעט איבער דער באַק, נאָכדעם דער שפאַציער־גאַנג הינטער'ן שטאָדט, אַ חוץ דעם אַ סדור, עטליכע ניצליכע מתנות. איצט ערשט האָב איך זיך געהאַלטען פאַר אַ פאָלקאָם דערוואַקסענע מיידעל.

---

*) קאָנפירמאַציע — אַ מין בר־מצוה־צערעמאָניע ביי קריסטען. קאָנפירמירט ווערען אי יונגלעך, אי מיידלעך.

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

די מאמע האט אויפגעהערט געהן ארבייטען, זי האט פערדיענט ביסלעכווייז אין דער היים און האט אכטונג געגעבען אויף דעם בעל־הבית'ישקייט. מיר האבען איצט שוין געהאט א צימער מיט צוויי פענסטער, און מיט אונז האט ווידער געוואהנט דער יונגערער ברודער — אבער שוין אהן א חבר. לייענענדיג זונטאג א בוך, האב איך געקענט זיצען ביי א פענסטער — און דאס האט מיך געמאכט איבערגליקליך. איצט האב איך שוין געלייענט בעסערע ביכער, אויך קלאססיקער. א גרויסען איינדרוק האבען אויף מיר געמאכט די געדיכטע פון לענוי. „אננא“ האב איך אויסגעלערענט אויף אויסווענדיג, נאכדעם „קלארא הערבערט“, נאכהעם די „אלביגענזער“. פון וויעלאנד'ס „אבעראן“ האב איך געטרוימט טאג ווי נאכט; אויך שאמיסא'ס „לייבען־כלה“ האב איך אויסגעלערענט אויף אויסווענדיג. געטהע האט מיך דעמאלט נאך ניט אריינגעבראכט אין התפעלות, איך האב איהם געהאלטען פאר „אונמאראליש“ און איניגע זיינע עפיגראמען*) האב איך איינגאנצען מבטל געווען אין מיין הארצען, ווייל זיי האבען מיר אויסגעזעהען „אונזיטליך“. ערשט שפעטער מיט עטליכע יאהר האבען די „וואהלפערוואנדשאפטען“ ערוועקט אין מיר א איינטערעס צו געטהע'ן. די „וואהלפערוואנדשאפטען“, ווי אויך די „איפיגעניע“ און די „נאטירליכע טאכטער“, האב איך געלייענט אפטער פון אלע זיינע ווערק.

אויך פיזיש בין איך געווארען שטארקער און האב געקענט מעהר אויסהאלטען. איך בין געווען בלייך, אבער וועלכע פון מיינע חבר'טעס איז ניט געווען בלייך? כאטש איך בין געווען איינגאנצען געזונד, האב איך זיך פונדעסטוועגען ניט געקענט בעפרייען פון דער ערשיינערונג אן מיין פריהערדיגע קראנקהייט. די טונקעלע שאטענס פון דער פריהערדיגער צייט האבען מיך פערפאלגט נאך איצט אויך, און צווייטענס האב איך שרעקליך הערפון געליטען. די מינדסטע זאך פלעגט אין מיר דערוועקען א מורא, טאמער הויבט זיך שוין ווידער אן דאס אלטע. א

---

*) עפיגראמען זענען קורצע געדיכטע, און וועלכע ס'איז פאראן א סאטירע אויף עמיצען אדער אויף עטוואס.

ליאדע ציטערן פון א ברעם, א פלימערן פאר די אויגען איז ביי מיר שוין געוועזן א סימן, אז אט קעהרט זיך אום די אמאליגע קרענק. גאנצע טעג פלעג איך זיך ניט קענען בעפרייען פון דעם פחד. א דערשראקענע פלעג איך זיך אויפכאפען ביי־נאכט און ארומקלאמערן די מוטער מיט מיינע הענד. יענע האט געליטען צוזאמען מיט מיר. שכנות האבען גע־עצה'ט פערשיעדענע מיט־לען, „סימפאטישע מיטלען", ווי מען רופט אט די אלע נארישע סגולות. ס'האט אבער אויך ניט געהאלפען. איך פלעג גאנצע וואכען ארומגעהן מעלאנכאליש ; הערפון האבען די חבר'טעס געדרונגען, אז איך לייד פון פערבארגענעם ליעבעס־קומער. די סבה פון מיין אומעטיגקייט האב איך זיי קיינמאל ניט דער־צעהלט, איך האב וועגען דעם ניט געוואלט רעדען ; איך האב מיר אריינגענומען אין קאפ אריין, אז טאמער דערצעהל איך דאס, וועל איך ערשט אויף אנ'אמת ווערען קראנק.

אזוי ווי צווישען אונזערע בעקאנטע האט מען ניט איינמאל גערעדט, אז עולה־רגל זיין אין א הייליגען קלויסטער איז די בעסטע רפואה געגען אלע צרות און שלעק, האב איך אויך בע־שלאסען אויספרובען דאס דאזיגע מיטעל. איך האב געוואלט בעטען גאט, ער זאל מיך אינגאנצען בעפרייען פון מיין קראנק־הייט און ער זאל מיר ווייזען א סימן, אז ער האט אנגענומען מיין הייסע תפלה. מיר זענען געגאנגען צו־פוס דריי שעה צו דעם ארט, וואו עס האט זיך געפונען דאס בעריהמטע הייליגע בילד. איך בין געוועזן פול מיט די פרומסטע געפיהלען.

נאר איין זאך האב איך ביי מיר ניט געקענט פועל'ען. א כלל איז געווען, אז איידער מען געהט צו צו דעם הייליגען בילד, וואס ס'טהוט די אלע וואונדער, מוז מען פריהער זיך מתודה זיין פאר'ן גלח אין אלע זינד און איינעהמען דאס הייליגע ברויט*). דאס איז מיר אבער געווען שרעקליך צוּווידער — און איך האב עס בשום אופן ניט געקענט טהאן. פונדעסטוועגען בין איך הורכגעגאנגען דעם גאנצען לאנגען וועג אויפ'ן ניכטערען הארצען, ווארום געניעסען דאס הייליגע ברויט האט געמעגט נאר דער, וואס האט אין דעם טאג נאך ניט געהאט גאר ניט

*) א סימוואל פון קריסטוס'עס בלוט און פלייש.

אין זיין מויל. ווען איך האב זיך געשטעלט אויף די קניה צו מתודה זיין זיך פאר'ן גלח, האב איך ניט געוואוסט, וואס איך זאל זאגען; דער גלח האט געווארט, איך זאל איהם דערצעהלען מיינע עבירות, איך האב זיך אבער ניט געקענט דערמאנען אן קיין שום עבירה. ענדליך האט דער גלח מיר אנגעהויבען שטעלען פראגען. איניגע פון זיי אזוינע מיאוס'ע, וועלכע האבען מיך צעמישט און בעליידיגט. אויף אלע פראגען האב איך געענטפערט מיט ניין און האב בעקומען פון איהם א קליינע שטראף: אבזאגען א געוויסע צאהל תפלות. איך האב אבגעזאגט אלצדינג, וואס ס'האט געדארפט, דאס הייליגע ברויט האב איך אבער ניט איינגענומען. כאטש איך בין דעמאלט נאך געווען פרום און האב געגלויבט אין דער שלמעכטיגקייט פון גאט און אין אלע קדושים און בין געווען איבערצייגט, אז די הייליגע זענען מליצי־יושר פאר אונז, זינדיגע מענשען, פונדעסטוועגען האב איך ניט געגלויבט, אז דאס הייליגע ברויט זאל קענען טהאן וואונדער. אינסטינקטיוו האב איך שטענדיג געפיהלט א ווידער־ווילען און א צווייפעל צו די אלע אויסערליכע פארמען. דער־פאר האב איך אבער זעהר הארציג תפלה געטהאן פאר דעם געקרייציגטען יעזוס'ן, וועלכער איז געלעגען אין זיין קבר אין א נישע*). פאר דער נישע איז געווען א גרויסער טומעל. אלע זענען ארומגעקראכען אויף די קניע און האבען געקושט די ערטער, וואו די צוועקעס האבען דורכגעבערט דעם הילצערנעם משיח'ן. איך האב אויך געטהאן דאס זעלביגע און האב צו־געפרעסט מיינע ליפען צו די אייגענע ערטער, וואס פאר מיר האבען שוין פיעלע הונדערטע מענשען, געזונדע און קראנקע, זיי בעריהרט אין דעם דאזיגען טאג.

אין די קארידארען האב איך זיך געוואונדערט איבער די בסים, וואס זענען געשטאנען אין דעם דאזיגען הייליגען ארט. ווערקסטערנע, זילבערנע און גאלדענע הענד זענען געווען אויסגע־שטעלט אין א גרויסער צאהל: דאס האבען דאנקבארע מענשען זיי „געאפפערט" דערפאר, וואס ס'איז זיי אויסגעהיילט געווארען

---

*) נישע — א מין פערטיעפונג אין א וואנד פון א בנין.

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

א קראנקע האנד, פון וועלכער זיי האבען זיך שוין געהאט מיאש געווען. דא האט מען אויך געקענט זעהן קוליעס — צום אנדענקען פון געזונדגעווארענע הינקענדיגע פיס. פערשיעדענע בילדער האבען פארגעשטעלט די סצענעס, ווי מענשען ווערען געראטעוועט: דא פאלט א קינד פון א הויכען שטאק, אבער די היילינע יונגפרוי מאריא קומט איהם צו הילף, און דאס קינד דערגרייכט צו דער ערד געזונד און אהן א מום; דא ברענט א הויז און א קינד ווערט ארויסגעראטעוועט פון דעם פייער דורך דער וואונדערבארער הילף פון דערזעלביגער מאריא (נאטירליך. ניט דורך דעם מוטה און דער אפפערוויליגקייט פון די פייערלעשער; דארט זענען פערד צעפלאשעט געווארען און פאהרען איבער א קינד, דאס קינד בלייבט אבער אונבעריהרט. אומעטום האב איך געקענט בעטראכטען די פערשיעדענע נדבות, וואס געהאלפענע מענשען האבען אהער געבראכט: דא א דאנק פאר מציל זיין פון טויט; דארט א דאנק פאר אויסהיילען פון א קרענק, נאך ווייטער א דאנק פאר אבראטעווען פון באנקראט, אדער פאר א גליקליך געשלאסענעם שידוך. פאר די אלע וואונדערבארע מעשים האבען די גליקליכע געאפפערט רייכע מתנות; אויף די ווידמונגען האט מען געקענט לעזען די געשעהענע נסים.

איך קען ניט זאגען, אז איך בין דעמאלט איינגאנצען ריין געווען פון צווייפעל: איך אליין האב דאך אזוי פיעל מאל געבעטען גאט און קיין הילף האב איך ניט בעקומען. פונדעסטוועגען האב איך אויך געקויפט א ליכטעל און עס אוועקגעשטעלט פאר דעם היילינען בילד; איך האב נאך ניט געוואוסט, אז ווער עס וויל, אז זיין ליכט זאל איהם טאקי זיין פאר א קרבן, דער מוז שטעהען די גאנצע צייט און אכטונג געבען, ביז עס וועט איינגאנצען אויסגעברענט ווערען. שפעטער בין איך געוואהר געווארען, אז איין ליכט פערקויפט מען עטליכע מאל און אז ניט נאר די ליכט־פאבריקאנטען מאכען דערביי גוטע געשעפטען, נאר אויך די קירכע גופא לעקט אב פון דעם מסחר א פעטעןביינדעל.

דער „צענטראל־פונקט" פון דעם היילינען ארט איז דאס בילד פון „גאט'ס מוטער", וועלכע טהוט אט די אלע וואונדער. צום בילד פיהרען עטליכע טרעפ; ארויפגעהן אויף די טרעפ

מעג מען נאר אויף די קניה. אויף יעדען טרעפעל שטעלט מען זיך אב און מען זאגט א תפלה. נאר אויף אזא אופן קען מען האפען, אז ס'וועט ערפילט ווערען די בקשה, וועלכע מען בעט ביי דער הייליגער מאריא. איך האב געזעהן, ווי די ווייבער זענען געקראכען אויף די קניה פון טרעפעל צו טרעפעל, און האב אליין אויך אזוי געטהאן. ווי אויסגעפוצט די מאריא איז געווען! זילבער, גאלד און פערעל — אזא גרויסען רייכטהום און אזא פראכט האב איך נאך קיינמאל ניט געזעהן. אלצדינג האט אויף איהר געגלאנצט און געפונקעלט. צוגעהן אבער נאהענט צו דער מאריא האט מען ניט געקענט: דורך גראטעס איז זי מיט אלע איהרע אוצרות געווען אבגעצאמט פון דעם עולם, אז קיינער זאל זי הלילה ניט בעריהרען. נאר פון דער וויטענס האט מען געקענט מיט תפלה און תחנונים הויבען די אויגען צו דער הייליגער מוטער, וועלכע איז פולל מיט ליעבע און דערבארמונג. אט אזוי, שטעהענדיג פאר דעם גלאנץ פון די טהייערע דימענטען און בריליאנטען, האב איך געדארפט ארויסזאגען מיין טיעפסטען וואונש און מיין פערבארגענעם פערלאנג. און דער ביי זאל דער מענש ניט טראכטען פון דער אויסענוועלט, אלע זיינע געדאנקען, אלע זיינע חושים זאלען זיין פערזונקען אין גאט און מאריא. ס'איז קיין וואונדער ניט, וואס שווערע צווייפלען האבען גענאגט מיין הארץ ווען איך בין אהיים געקומען. מיינע אויגען האבען מיט אזא אינטערעס געקוקט אויף מאריא'ס רייכע ציערונג, אז איך האב מורא געהאט: מיין תפלה האב איך געזאגט אהן דער נויטהיגער כונה.

דאס עולה־רגל זיין האט טאקי ניט געהאלפען: מיין פחד האט זיך ניט פערקלענערט. איך האב געוואלט פרובען נאך אמאל, און מיר זענען אוועק צו אנ'אנדערן הייליגען ארט, וועלכער האט געהאט א שם פון זעהר א גוטען און איז ניט געווען אזוי רייך פערפוצט ווי דער ערשטער. א הייליג ארט פאר ארימע לייט! און א הייסען זונטאג'דיגען טאג אים יולי האבען מיר פיער א זייגער אין דער פריה זיך געלאזט אין וועג אריין. פינף שעה האט געמוזט דויערן אונזער וועג. געהענדיג האבען מיר זיך ניט ערלויבט נעהמען אין מויל אריין א טראפען וואסער; איך האב געוואלט פייניגען מיין גוף, תשובה טהאן, כדי מיין בקשה זאל ווערען ערפילט. מיעדע, הונגעריגע און

# די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

דארשטיגע, פונ׳ם קאפ ביז די פיס בעדעקט מיט שטויב, זענען מיר אנגעקומען אין דעם ארט. טויזענטער מענשען האבען זיך פערזאמעלט דעם פארמיטאג. ניט נאר די קירכע, אפילו אלע אכסניות זענען געווען פול אנגעפאקט מיט מענשען. בעת׳ן דאווענען אין דער קירכע, וואו ניי מתנות וואנדערער זענען אלע מאל אנגעקומען מיט זייערע פאהנען, איז געווען אזא שטיקעניש און א טומעל, אז וועגען תפלה טהאן מיט אמת׳ער רעליגיעזע כונה האט גאר ניט געקענט זיין קיין רעדע. איינציגע זענען געקומען, די אנדערע ארויסגעגאנגען, פון אלע זייטען האט מען זיך געשטופט און געשטויסען. פלוצלינג א געשריי „ראטעוועט" און נאך א גרעסערער טומעל. ווארום מ׳האט געמוזט אלעמאל ארויסטראגען די, וואס האבען גע־חלש׳ט אין דער שרעקליכער אטמאספערע. אומעטום קאליקעס, וואס האבען זיך קוים מיט צרות געשלעפט אויף זייערע קוליעס; האלב־בלינדע, וואס האבען געהאלטען שירעמס פאר די קראנקע אויגען; שוואכע קינדער אויף די הענד פון זייערע מוטערס; ווייבער אין די לעצטע חדשים, וועלכע האבען געבעטען, זיי זאלען איבערקומען בשלום; אנדערע, עקרות, וואס האבען געהאפט, אז זיי וועלען הא געבענשט ווערען מיט קינדער. אלע אינמיטען אט דעם טומעל. פון אלע זייטען א שטופעניש, א רייסעריי, א האגעל קללות. — נאכדעם איבערפילטע רעסטאראנען, וואו מ׳האט געטרונקען און געליארעמט אהן א שעור. מיר איז דאס געווען ווידריג און מיאוס, און איך האב מעהר ניט געוועלט עולה־רגל זיין אין ערגעץ. נאך איז מיין גלויבען ניט געווען ערשיטערט, אבער איך האב גערעכענט, אז אין דער היים קען מען בעטען גאט פיעל שעהנער, איידער אין אזא סביבה, וועלכע האט מעהר דערמאנט אן דעם ליארעם און דעם טומעל פון א דארפישען יריד, איידער אן גאט׳ס א טעמפעל.

*  *

*

איך האב געלייענט ניט נאר ראמאנען און ערציעהלונגען, איך האב, ווי שוין אויבען דערמאנט, אנגעהויבען צו לעזען אויך קלאסיקער און אנדערע גוטע ביכער. אויך מיט די געזעלשאפט־ליכע געשעהענישען האב איך זיך לעבהאפט אינטערעסירט. נאך

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

ווען איך בין געווען א לערן־מיידעל, פלעג איך מיר אפט ניט פערגינען דעם וואַרימעס, כדי בעסער פאַר'ן געלט צו קויפען א צייטונג. אָבער ניט נאָר די נייעסען האָב איך געלעזען, מיך האָבען ניט ווענינער אינטערעסירט אויך די פּאָליטישע לייט־אַרטיקלען. איצט, ווען איך האָב געהאט א שטענדיג פערדיענסט, פלעג איך מיר רעגולער קויפען א צייטונג, וועלכע איז ארויסגעגאַנגען דריי מאָל אין וואָך. דאָס איז געווען א שטרענג קאַטוילישע בלאַט, וואָס האָט זיך זעהר שלעכט פערהאַלטען צו דער נאָר וואָס אויפגעקומענער אַרבייטער־בעוועגונג. דערפאַר האָט דאָס זיינע לעזער ערצויגען אין רייך־פּאַטריאָטישען און רעליגיעזען גייסט. אין מיר האָבען שוין דעמאָלט געקעמפפט צוויי וועלט־אַנשויאונגען. פון איין זייט האָב איך מיך שטאַרק אינטערעסירט מיט אַלצדינג, וואָס עס טוהט זיך אין די קעניג־ליכע פאַמיליען, און וועגען די מעשים פון די הערצאָגען און דער לאַגע פון די פּרינצעסינס האָב איך געהאַט גענויערע ידיעות, ווי וועגען אזוינע זאַכען, וואָס האָבען געהאַט א שייכות צו מיין אייגענעם לעבען און צום לעבען פון מיינע בעקאַנטע. צוזאַמען מיט שפּאַניען האָב איך בעוויינט אַלפּאָנס דעם 12־טען, און דאָס בילד, וואָס ס'איז געשטאַנען אין מיין צייטונג, ווי די קעניגין מאַריאַ קריסטינע ערשיינט פאַר איהרע אונטערטהאַנען מיט דעם קינד אויף די הענד, האָב איך בעהאַלטען, ווי עפּיס א טהייערע זאַך. צוליעב אַלעקסאַנדער פאָן באַטטענבערג האָב איך געווינשט רוסלאַנד קריעג און מפּלות, און אויך דעם פירשט פון בולגאַריען האָב איך לאַנג געהאַלטען אין מיין בילדער־גאַלעריע. דער טויט פון דעם עסטרייכער קרוין־פּרינץ האָט מיך אזוי אָנגעריהרט, אַז איך האָב געוויינט גאַנצע טעג. אָבער ניט נאָר די געשעהענישען אין די קעניגליכע פאַמיליען האָבען מיך ערשיטערט, אויך די פּאָליטישע אינטריגען האָבען אין מיר שטענדיג ערוועקט א אינטערעס. איין אַרטיקעל, וואו ס'האָט זיך געשמועסט וועגען דער מעגליכקייט אָדער אונ־מעגליכקייט צו אָנהויבען א קריעג מיט רוסלאַנד, האָט מיך אריינ־געבראַכט אין פּאַטריאָטישע התפּעלות. איך האָב שוין געזעהן, ווי מיינע בריעדער קומען צוריק פון דער מלחמה מיט חעם רוהם פון גרויסע העלדען; מיר אליין האָב איך ניט געווינשט קיין בעסערס, ווי די ראָלע פון דער „העלדין פון ווערט", וועגען וועל־

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

כער איך האָב געלייענט אין אַ ראָמאַן, אַז דער קייזער ווילהעלם דער 1־טער האָט איהר געגעבען פאַר איהרע העלדישע מעשים דאָס „אייזערנע קרייץ“.

פון דער אנדערער זייט האָב איך שוין דעמאָלט געהאַט געלעזען די געשיכטע פון דער פראנצויזישער און פון דער וויענער רעוואָלוציאָן, וועלכע איך האָב געליהען ביי מיינע אַ חבר'טע'ס פאָטער. קיין בעשטימטע מיינונגען האָב איך אָבער נאָך ניט געהאַט אַ לאַנגע צייט. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען אינ'ם פאָליטישען לעבען אַ שטאַרקע אַנטיסעמיטישע שטרע־מונג, האָב איך אַ געוויסע צייט סימפּאַטיזירט דער דאָזיגער ריכטונג אויך. שולדיג איז געווען אַ פלוגבלאַט וועגען דעם „ווי דאָס פאָלק ישראל דערגרייכט צו מאַכט און הערשאַפט איבער אַלע פעלקער“, וועלכעס האָט אויף מיר געמאַכט זעהר אַ גרויסען רושם. צוזאַמען מיט אַלע אנדערע שרעקליכע מעשים, וואָס מ'האָט אויסגעטראַכט וועגען די יודען, בין איך דאָ גע־וואָהר געוואָרען אויך וועגען די בבא־מעשה, אַז יודען קוילען קריסטען צוליעב רעליגיעזע צוועקען. איך האָב געלייענט, אַז די יודען ווילען שענדען די „טעכטער פון די גוים“, כדי צו שוינען זייערע אייגענע ווייבער און טעכטער. די דאָזיגע בע־הויפּטונג האָט אויף מיר געווירקט שטאַרקער ווי אַלע אַנדערע. כדי צו העלפען קעמפּפען געגען די יודען, האָב איך בעשלאָסען מעהר ניט צו קויפען מיינע קליידער אין דעם יודישען געשעפט, וואו איך פלעג ביז אַהער קויפען. מיינע חבר'טעס האָב איך אָנגערעדט, זיי זאָלען אויך אַזוי טהאָן.

אין דער צייט האָט אויך אַ אַנאַרכיסטישע גרופּע געפיהרט איהר אַרבייט. אייניגע געהיימניספולע מאָרדען, וועלכע האָבען זיך דעמאָלט געטראָפען, האָט מען אַרויפגעלעגט אויף די אנאַר־כיסטען, און די פּאָליציי האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט, כדי צו פערפאָלגען די אַרבייטער־בעוועגונג, וועלכע האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבען פערשטאַרקען. דאָס אַלעס האָב איך פער־פאָלגט מיט אַ ברענענדיגען אינטערעס. אַלע איבעריגע נייעסען, וואָס מען זאָגט געוועהנליך, אַז צוליעב זיי לייענען ווייבער צייטונגען, האָבען מיך כלל ניט אויפגערעגט, איך פלעג זיי קוים איבערקוקען פון יוצא וועגען. — מיט די פּראָצעסען פון די

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

אנארכיסטען האב איך, פערקעהרט, זיך לייהענשאפטליך אינטערעסירט. איך האב געלייענט אלע רעדעס, און אזוי ווי צווישען די אנגעקלאגטע זענען געוועזן, ווי דער שטייגער איז געוועהנליך, אויך סאציאל־דעמאקראטען, וועלכע מ'האט געוואלט טרעפען מיט דעם משפט, האב איך זיך בעקענט מיט זייערע אנשויאונגען. דאס האט מיך אריינגעבראכט אין התפעלות. יעדער איינציגער סאציאל־דעמאקראט, מיט וועלכען איך האב זיך בעקענט דורך די צייטונגען, האט אויסגעזעהן אין מיינע אויגען ווי א גאט. אז איך אליין קען ווערען א קעמפפערין אין זייערע רייהען — דאס איז מיר גאר ניט אריינגעקומען אויפ'ן געדאנק. אלצדינג, וואס איך האב וועגען זיי געלעזען, האט זיך מיר פארגעשטעלט אזוי הויך און ערהאבען, אז ס'וואלט מיר אויסגעקומען אומגעלומפערט אפילו צו טראכטען, אז איך, אונוויסענדע, אונבעקאנטע, ארימע בעשעפעניש, וועל קענען נעהמען מיט דער צייט א לעבהאפטען אנטהייל אין זייערע שטרעבונגען און אין זייער קאמפף.

עס האבען זיך אנגעהויבען ארבייטער־אונרוהען; די ארבייטסלאזיגקייט איז געווארען גרעסער, גאנצע אינדוסטריען זענען געשטאנען, און די פאליציי האט געגלויבט, אז מיט בעליידיגונג און פערפאלגונג וועט זי גובר זיין די אונצופריעדענהייט און די נויט, וועלכע זענען געוואקסען פון טאג צו טאג. זי האט פערמאכט פראפעסיאנעלע פעראיינען און קאנפיסקירט זייערע קאסעס. דאס האט, נאטירליך, פערשטארקט די אויפרעגונג, און עס האבען זיך אנגעהויבען גאסען־דעמאנסטראציעס. ווען די דעמאנסטראציעס האבען זיך איבערגע־חזר'ט א פאאר מאל, האבען סאלדאטען פערנומען די „געפעהרליכע“ גאסען. „ביקס ביי'ם פוס“ און „הויך אויפ'ן פערד“ האט מען זיי אויסגעשטעלט איבער'ן שטאדט. איך בין נאך דער ארבייט געלאפען אהן אנ'אטעם צו דעם ארט, וואו ס'האבען זיך אבגעשפיעלט די געשעהענישען. מיין אויפרעגונג איז געוועזן זעהר גרויס. פאר'ן מיליטער האב איך מיך ניט געשראקען, און ערשט ווען מ'האט אנגעהויבען „אברייניגען“ די גאס, האב איך פערלאזען מיין פלאץ.

אין דער צייט האב איך זיך מיך בעקאנט מיט אנ'ארביי־

טער, וועלכער איז געווען זעהר אינטעליגענט. ער איז ניט געווען גלייך צו מיינע איבעריגע בעקאַנטע. ער איז פיעל אַרומגעפאָהרען איבער דער וועלט, געלעבט אין רוסלאַנד און אין ענגלאַנד, איצט איז ער געקומען אַהיים. ער איז געווען מעהר געבילדעט, ווי אַנדערע אַרבייטער, וואָרום ער האָט געענדיגט אַ מיטעל־שול, און נאָר מחמת זיינע עלטערן האָט זיך געטראָפען אַ געלד־קאַטאַסטראָפע, האָט ער געמוזט ווערען אַנ'אַרבייטער. דאָס איז געווען דער ערשטער סאָציאַל־דעמאָקראַט, מיט וועלכען איך האָב זיך בעקענט. אָפיציעל האָט ער אָבער צו דער פּאַרטיי ניט געהערט, ער איז ניט געווען קיין מיטגליעד אין קיין שום פעראיין און האָט נאָר געלייענט די שריפטען פון דער פּאַרטיי. פון איהם האָב איך בעקומען אַ סך ביכער, מיט איהם האָב איך געקענט רעדען וועגען אַלצדינג, וואָס איך האָב געטראַכט און געפיהלט. ער האָט מיר אויך ערקלעהרט דעם אונטערשיעד צווישען סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם. פון איהם האָב איך דאָס ערשטע מאָל דערהערט, וואָס הייסט אַ רעפּובליק, און הגם איך האָב ביז אַהער געטרוימט וועגען מלכים און פּרינצעסינס, בין איך תיכף געוואָרען אַ אָנהענגערין פון דער רעפּובליקאַנישער מלוכה־פאָרם. איך האָב אַלצדינג געזעהען אַזוי נאָהענט, אַלצדינג האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַזוי קלאָהר, פּראָסט און פערשטענדליך, אַז איך האָב ממש געצעהלט די וואָכען, וואָס זענען נאָך געבליעבען ביז דער אומענדערונג פון דער מלוכה־און געזעלשאַפטס־אָרדנונג.

פון דעם אַרבייטער האָב איך אויך בעקומען די ערשטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונג. ער פלעגט זי ניט קויפען רעגעלמעסיג, נאָר אַזוי, ווען ס'פלעגט זיך טרעפען — ווי עס טהוען, צום בעדויערן, זעהר פיעל אַרבייטער. איך האָב איהם אָבער געבעטען, ער זאָל מיר בריינגען יעדע וואָך, און האָב אַליין אויך זי אָנגעהויבען רעגעלמעסיג קויפען. די טהעאָרעטישע אַרטיקלען האָב איך ניט געקענט אין אָנהויב פערשטעהן, אָבער דאָס, וואָס מ'האָט געשריעבען וועגען די ליידען פון די אַרבייטער, האָב איך זעהר גוט פערשטאַנען און אויפגעפאַסט, אין ערשט דערפון האָב איך זיך אויסגעלערענט צו פערשטעהן און צו בעאורטהיילען מיין אייגען לעבען. איך האָב זיך אויסגעלעהרנט צו פערשטעהן, אַז אַלצדינג, וואָס איך האָב איבערגע־

טראגען, איז ניט געווען קיין גאט־זאך, נאר ס'האט זיך גענומען פון דער אונגערעכטער געזעלשאפטס־ארדנונג. די בעשרייבונגען, ווי ווילקירליך מען ניצט אויס דעם געזעץ געגען די ארבייטער, פלעגען אין מיר דערוועקען א זודיגען צארן. די אבשאפונג פון די אויסנאהם־געזעצען, וועלכע האבען שווער געדריקט די סאציאל־דעמאקראטען, האט אין מיר ארויסגערופען א גרויסע פרייד, כאטש איך האב דעמאלט צו דער פארטיי נאך ניט געהערט און קיינער האט מיך ניט געקענט. אפילו אויף פערזאמלונגען בין איך קיינמאל ניט געווען, איך האב גאר ניט געוואוסט, אז פרויען ווערען צוגעלאזט אויף פערזאמלונגען; א חוץ דעם האב איך געהאלטען פאר אונאנשטענדיג, אז א מיידעל זאל געהן אליין אין א רעסטאראן. איך פלעג דאך אויסמיידען יעדע פערוויילונג, יעדע הוליאנקע, אבי ניט צוזאמענצוקומען זיך מיט אזא געזעלשאפט, וואס איז מיר ניט געווען צום הארצען. אויך די מאמע פלעגט מיר ניט אויפהערען צו חזר'ן, אז „א וואויל מיידעל זוכט מען אב אין דער היים אויך". בין איך מיר שטענדיג געזעסען אין דער היים מיט א בוך אדער מיט א האנדארבייט און בין אין ערגעץ ניט געגאנגען. אבער, האלב אונבעוואוסט, האט זיך שוין געוועקט אין מיין נשמה א מעכטיגע בענקשאפט, ס'האט מיך שוין געצויגען צו בעגעגענען זיך מיט מענשען, וועלכע דענקען ווי איך און פיהלען ווי איך.

אין דער פאבריק בין איך געווארען אנ'אנדער מענש, זיינט מיינע געדאנקען האבען אויפגעהערט זיין אזוי אומעטיג־סענטימענטאל. פריהער האב איך מיך געהאלטען אן א זייט פון מיינע חבר'טעס, כדי זיי זאלען ניט ווערען מיט מיר חבר־לאפ. פון אנפאנג האט מען דאס געהאלטען פאר שעהמעוודיגקייט, מ'האט גערעכנט, איך האב מורא; שפעטער, ווען מיין האלטונג האט זיך ניט געביטען, האט מען געזאגט, איך בין א גדלנ'טע. אזוי ווי איך בין אבער צו אלעמען געווען פריינדליך און האב זיך קיינמאל ניט אבגעזאגט, ווען מ'האט געדארפט העלפען א נייטבעדערפטיגער חבר'טע, האט מען זיך צוגעוועהנט צו מיר און מ'האט מיך ניט געטשעפעט. אויך די ארבייטער, וועלכע פלעגען טרייבען קאטאוועס מיט די מיידלעך אין הויף בשעת די פויזען, האבען מיך סוף כל סוף געלאזט צורוה. נאטירליך האט מען מיך גערופען גדלנ'טע הערפאר וואס איך האב זיך ניט

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

בעטהייליגט אין די שטיפערייען און האָב ניט געוואָלט הערען מיט די מענער. „זי רעכענט, מסתמא“ אז זי וועט נעהמען א גראף“, פלעגט מען זאָגען ניט איינמאָל.

איצט, ווען איך האָב געהאט א ציעל פאר זיך, ווען איך בין געווען פול מיט דעם געדאנק, אז אלע מענשען מוזען וויסען דאס, וואס ס'איז מיר געוואָרען בעוואוסט, איצט האָב איך זיך אויפגעהערט האלטען פון דער וויטענס און פלעג דערצעהלען מיינע חבר'טעס אלצדינג, וואס איך האָב געלעזען וועגען דער ארבייטער־בעוועגונג. פריהער האָב איך אויך ניט איינמאָל דערצעהלט מיינע חבר'טעס, ווען מען פלעגט מיך בעטען. אָבער אנשטאט אַ נ ע ' ס א מעשה אָדער די געשיכטע פון אַ וועלכער ניט איז קעניגין, פלעג איך זיי איצט דערצעהלען פון אונטער־דריקונג און עקספּלואטאציע. איך האָב זיי דערצעהלט פון רייכקייטען, וועלכע זענען אנגעזאמעלט אין די הענד פון יחידים, און פון שוסטערס, וועלכע נייהען שטענדיג שיך און געהען אליין באָרוויס, אָדער פון שניידער, וועלכע האָבען ניט קיין קליידער. אין די פויזעס האָב איך געלייענט די ארטיקלען פון דער סאָציאל־דעמאָקראטישער צייטונג און האָב ערקלעהרט, אויף וויפיעל איך האָב אליין געוואוסט, וואס הייסט סאָציאליזם. מיט גרויס היטץ האָב איך פערטהיידיגט דעם סאָציאליזם, ווען איך פלעג הערען, אז מען שטעלט איהם אויף איין שטופע מיט דעם אנארכיזם.

מיין טהעטיגקייט איז ניט געבליבען אונבעמערקט; די אדמיניסטראציע פון דער פאבריק האָט זיך אנגעהויבען צו־קוקען און רעדען וועגען מיר. איך האָב זיך אָבער בעמיהט מיט אלע כחות, אז מען זאָל ניט האָבען קיין אויסרייד אויף צו זידלען מיך, איך האָב זיך געהיט מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיגקייט, אז די אדמיניסטראציע זאָל ניט האָבען קיין תירוץ. פריהער פלעג איך, גלייך ווי אנדערע ארבייטערינס, קומען צו שפּעט אין פאבריק, איצט פלעג איך זיך קיינמאָל ניט פערשפּעטיגען. מיין ארבייט האָב איך ערפילט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמ־קייט; אינסטינקטיוו האָט אין מיר זיך געוועקט דער געדאנק, אז ווער עס וויל דיענען א גרויסער זאך, דער מוז אויך אין קליי־ניגקייטען ערפילען זיין חוב. איך וואָלט דעם געדאנק דעמאָלט

# די יוגענד געשיכטע פון אַנ׳אַרבייטערין.

נאָך ניט געקענט אויסדריקען אין קלאָהרע ווערטער. פּאַקטיש אָבער האָט ער שוין געלעבט אין מיר און מיר אָנגעוויעזען אַ וועג. ווען איך פלעג בשעת דער פויזע איבערגעבען מיינע חבר׳טעס דעם אינהאלט פון דער צייטונג און מיט לעבהאַפטע, וואַרימע ווערטער זיי ערקלעהרען דעם פּשט, פלעגט זיך טרעפען ניט זעלטען, אַז איינער פון די ביורא־אָנגעשטעלטע פלעגט פאַר־ביינגעהן און שאָקלען מיט׳ן קאָפּ, זאָגענדיג צו זיינעם אַ חבר: „דאָס מיידעל רעדט ווי אַ מאַן“.

מיין צייטונג האָב איך מיר איצט אליין געקויפט יעדע וואָך. ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל אריינגעגאַנגען אין דעם ביוראָ, וואו מ׳האָט פערקויפט דאָס סאָציאַל־דעמאָקראַטישע בלאַט, האָב איך מיך געפיהלט, אַקוראַט ווי איך געה אריין אין אַ טעמפּעל. און ווען איך האָב אריינגעטראָגען מיינע ערשטע צעהן קרייצער פאַר׳ן וואהל־פאָנד אונטער׳ן פּסעוודאָנים „פּעסטער ווילען“, האָב איך זיך שוין געפיהלט, אַז איך בין אַ גליעד פון אַ גרויסער קעמפּפער־מחנה, כאָטש איך האָב נאָך ניט געהערט צו קיין שום פעראיין און האָב ניט גערעדט מיט קיין איינציגען סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַ חוץ מיין ברודער׳ס אַ חבר.

אזוי ווי איך האָב שטענדיג געלייענט אין מיין צייטונג: „פערשפּרייט אייער צייטונג!“ „בעקומט נייע אַבאָנענטען!“ האָב איך זיך געסטאַרעט עפּיס טהאָן אין דעם פּרט. ווען איך האָט אָנגעהויבען נעהמען יעדע וואָך צוויי עקזעמפּלאַרען, נאָכ־דעם הריי, נאָכדעם גאַנצע צעהן, האָט מיין שטאָלץ גאָר ניט געהאַט קיין שעור. געהענדיג נאָך דער צייטונג, האָב איך זיך שטענדיג געפיהלט אין אַן יום־טוב׳דיגער שטימונג. איך פלעג אָנטהאָן דאָס שעהנסטע קלייד, אַקוראַט ווי פריהער ווען איך פלעג געהן אין קירכע.

פון רעליגיאָן איז אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צייטונג געשטאַנען וועניג, פונדעסטוועגען האָב איך זיך בעפרייט פון אַלע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען. דאָס איז געשעהען ניט מיט איין מאָל, נאָר ס׳האָט זיך געטהאָן פּאַמעליך אַ לאַנגע צייט. איך האָב שוין ניט געגלויבט אין גאָט און אין יענע וועלט, פונדעסטוועגען פלעגט זיך נאָך אין מיר הערוועקען אַ ספק, אפשר איז פאָרט עפּיס דאָ. אין דעמזעלביגען טאָג, ווען איך

# די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

האב זיך געסטארעט הערוויזען מיינע חבר׳טעס, אז די מעשה וועגען ששת ימי בראשית איז ניט מעהר ווי אנ׳אויסגעטראכטע זאך און אז ס׳איז ניטא איבער דער וועלט קיין אלמעכטיגער גאט, אניט וואלטען אזוי פיעל מענשען ניט געליטען אומזיסט אזעלכע שווערע יסורים, אין דעמזעלביגען טאג, ליגענדיג פאר׳ן שלאף אין בעט, האב איך ווידער צונויפגעלעגט די הענד צום דאווענען און האב אויפגעהויבען די אויגען צום בילד פון דער הייליגער מאריא. „אפשר פארט“, האב איך ניט ווילענדיג געטראכט אלעמאל אויף דאס ניי. אבער זאגען עמיצען, אז איך האב נאך אזעלכע צווייפעל, דאס וואלט איך ניט געטהאן בשום אופן. די שילדערונגען פון סיבירען און די שרעקליכע בילדער פון שליסעלבורג, וועלכע זענען בעקאנט געווארען אין חדר ברייטער וועלט און וועגען וועלכע איך האב געלייענט אין מיין צייטונג, האב איך אויסגעניצט צו בעווייזען מיינע חבר׳טעס, אז ווען ס׳וואלט געווען א גאט אויף דער וועלט, וועלכער גיט אכטונג אויף די מעשים פון די מענשען, וואלטען אזעלכע שרעקליכע זאכען ניט געווען מעגליך.

מיינע סאציאל־דעמאקראטישע איבערצייגונגען זענען געווארען אלץ פעסטער און איך האב געמוזט זעהר פיעל אויסשטעהן אין פאבריק. דער אויפזעהער פון דעם זאל, וואו איך האב געארבייט, איז שטענדיג געווען א בייזער און א אכזר, וועלכער פלעגט זיך בעגעהן מיט די ארבייטערינס, ווי אנ׳אמת׳ער טיראן. איצט האב איך אויף איהם געקוקט, ווי אויף א מערדער. דאס איז געווען דער ערשטער מענש, וואס איך האב איהם געהאסט פונ׳ם גאנצען הארצען, און הגם ס׳איז שוין אוועק א סך יאהרען זינט איך האב זיך בעפרייט פון זיין ממשלה, פיהל איך נאך איצט אויך די אלטע ערביטערונג און דעם אלטען האס, ווען איך טהו א טראכט וועגען איהם. אויב אינ׳ם משך פון דער צייט איז די לאגע אין דער פאבריק געווארען ערגער אין פיעלע פרטים, איז ער מעהר פון אלע געווען דערביי שולדיג. איז ער אויף עמיצען געווארען אין כעס, ס׳מעג אפילו זיין נאר דערפאר, וואס יענער האט זיך געפרופט פערענטפערן, ווען מ׳האט איהם אומזיסט־אומניישט געזויחלט, — האט ער איהם געקענט אזוי לאנג רודפ׳ן, ביז ער האט פון זיין לעבען אין פאבריק געמאכט אנ׳אמת׳ען גהינום. אויף

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

מיר האט ער ביז אהער ניט געהאט קיין געלעגענהייט זיך אומ־צוקומען. איצט האט ער אבער בעמערקט, אז איך האב אנ־איינפלוס אויף די חבר'טעס, און דאס איז איהם ניט געפעלען. ער האט זיך צו מיר גענומען, ווי זיין שטייגער איז. ער האט אנגעהויבען אכטונג געבען אויף מיר און בעזונדערס אויפמערק־זאם קאנטראלירען מיין ארבייט. פריהער פלעגט ער קומען נאר איינמאל אין טאג א קוק געבען, ווי איך ארבייט, אפטמאל פלעגט ער מיך גאר אינגאנצען דורכלאזען. איצט האט ער אנגעהויבען קומען צעהן מאל א טאג. קיין איינציגע מינוט בין איך ניט געווען זיכער, אז ער וועט ניט קומען און ניט אנהויבען זיך פארען מיט מיין ארבייט און געפינען חסרונות. ווען איך פלעג אויפשטעהן און זיך געהן נעהמען א גלאז וואסער, פלעגט ער געהן הינטער מיר און ווארטען, ביז איך וועל אויס־טרינקען, כדי ווידער צו בעגלייטען מיך צום טיש. יעדען טריט, יעדע בעוועגונג מיינע האט ער אבגעהיט. איינמאל האט דער בעל־הבית זיך געווענדעט צו מיר און געזאגט, אז מיין אויפזעהער איז מיט מיר ניט צופריעדען. „פערגעסט ניט, אז איהר האט אנ'אלטע מוטער", האט ער מיר געגעבען אנצוהער־רעניש. די ערשטע מינוט בין איך געווען אזוי איבערראשט און צעמישט, אז איך האב איהם ניט אבגעענטפערט גאר ניט. אז איך בין אבער געקומען צו זיך, האב איך זיך געשטארקט צו טרעפען איהם נאך א מאל און האב איהם געבעטען, ער זאל מיר זאגען, מיט וואס איז דער מייסטער אונצופריעדען. איך האב איהם אנגעוויזען דערויף, אז וויפיעל מאל מען קאנטרא־לירט מיין ארבייט, האט מען קיין איינציגען מאל אין איהר קיין חסרון ניט געפונען. דער פאבריקאנט — פאר מיין „ברויטגעבער" האב איך איהם שוין לאנג ניט געהאלטען — האט געקוקט אויף מיר א פאאר מינוט און איז אוועקגעגאנגען מיט די ווערטער: „גוט, ארבייט נאר ווי איהר האט געארבייט ביז אהער".

וועגען דער „פרויען־פראגע" האב איך נאך אלץ קיין שום בעגריעף ניט געהאט. אין מיין צייטונג איז וועגען דעם ניט געשטאנען גאר ניט, און אנ'אנדער פרעסע, א חוץ דער סאציאל־דעמאקראטישער, האב איך דעמאלט שוין ניט געלעזען. איך האב אויך ניט געקענט קיין איינציגע פרוי, וועלכע זאל זיך

אינטערעסירען מיט פּאָליטיק. אויף מיר האָט מען געקוקט, ווי אויף אנ'אויסנאַהם, און איך אַליין האָב אויך אַזוי וועגען זיך געטראַכט. די סאָציאַלע פראַגע, ווי איך האָב זי דעמאָלט פערשטאַנען, איז אין מיינע אויגען געווען אַ מענער־פראַגע, און די פּאָליטיק, האָב איך גערעכענט, איז אויך נאָר אַ מאַנסבילשער עסק. איך פלעג נאָר טראַכטען, אַז ס'וואָלט גוט געווען, ווען איך וואָלט געווען אַ מאַנסביל, וואָלט איך אויך דאָס רעכט געהאַט צו פערנעהמען זיך מיט פּאָליטיק. אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטען ווילען זיך דערשלאָגען פאַר די פרויען גלייכע רעכטע מיט די מענער, בין איך צום ערשטען מאָל גע־וואָהר געוואָרען, ווען איך האָב צוליעב אַ פאַרטיי־צוזאַמענ־פאָהר, געלייענט דאָס סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פּראָגראַם. ווי אַזוי אָבער די פרויען קענען אַליין אַרבייטען, כדי צו העלפען פערווירקליכען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע שטרעבונגען — דאָס האָב איך דעמאָלט ניט געוואוסט. איינמאָל בעגעגען איך אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צייטונג אַזאַ מין אַרטיקעל:

„די פרוי אינ'ם 19־טען יאָהרהונדערט", אַזוי האָט מען אָנגערופען אַ גרויסען באַל־מאַסקאַראַד, וועלכער איז פאָרגעקומען צוליעב צדקה־צילען. דער הויפּט־פּונקט פון דער גאַנצער אָריגינעלער פאָרשטעלונג איז געווען: „די פרוי אַלס פערדיענערין". מען דאַרף האָבען די אונפער־שעמטהייט, די נאַרישע חוצפה פון אונזערע „בעלי־צדקה", כדי צו נעהמען דעם שמערצליכסטען פּונקט פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען קערפּער, די אייטערדיגע וואונדע, וואָס האָט אין זיך אַליין אַריינגעזאַפּט דעם גאַנצען עלענד פון דער הייניטיגער מענשהייט, און מאַכען פון דעם אַ יום־טוב, אַ באַל־מאַסקאַראַד! „די פרוי אינ'ם 19־טען יאָהרהונדערט", די שקלאַווין, וועלכע האָט אויפ'ן מאַרק אַ דאָפּעלטען ווערט: אַלס אַרבייטסקראַפט צו ווערען עקספּלואַטירט און אַלס ווייב צו בעפריעדיגען די קויפער'ס תאוה, — די פרוי פונ'ם 19־טען יאָהרהונדערט אַלס קע־ניגין פון אַ באַל! — מען האָט פאָרגעשטעלט די פרוי, אַלס פערדיענערין; אָבער צי האָט מען דאָרט אין דעם זאַל אפשר געזעהן די שמוציגע אָבגעלאָזענע ציגעל־שלעגערינס אפשר האָבען אויף זיי געקוקט מיט פערגעניגען די

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

דירעקטארען פון די אקציען־געזעלשאפטען ? אדער אפשר זענען אין דעם זאל געווען די שפיצען־ארבייטערינס, וועלכע ארבייטען פאר 30 קרייצער זעכצעהן שעה אין טאג, און אפשר האבען דאס זיי געזאגט קאמפלימענטען די עקספלוטאטאטארס זייערע, די „בעשיצער" פון דער שפיצען־פאבריקאציאן ? אדער אפשר האט מען דארט געקענט זעהן די שקלאווינס פון די שפינערייען און וועבערייען, און די בעלי־בתים האבען טאקי דא אויפ'ן שטעל געפרופט זיי בעווייזען די נוצליכקייט פון נאכט־ארבייט ? אדער זענען דארט אפשר געווען די ארימע פרויען, וועלכע שטעהען אין א פאבריק פון צוועקעס און ארבייטען מיט זייערע פארגרעבטע און אבגעפראטענע הענד — — אלע געטרעטען מיט די פיס, אלע אויסגעמוטשעט, אויסגעהונגערט, געיאגט ביז צום טויט — — אדער האט זיך אפשר די עדעלע געזעלשאפט געפרופט „פארשטעלען" די לעהרערינס, וועלכע זענען ניט מעהר ווי הויז־שקלאווינס, פונקט ווי דיענסט־מיידלעך און אלע זייערע סארטען זענען און געלערענטע שקלאווינס, — ביידע אבהענגיג פון א פרעמדען קאפריז, ביידע פעראכטעט און בעליידיגט דורך אט דער „וואהלטהעטיגער" געזעלשאפט ? און ווי האט מען זיי פארגעשטעלט די יעניגע פרנסה פון „דער פרוי אינ'ם 19־טען יאהרהונדערט", וועלכע הייסט פראסטיטוציאן, פראסטיטוציאן „געהייליגט דורך חופה וקדושין" און פראסטיטוציאן אפענע, אויף די גאסען ? — ווען דאס גאנצע שפיעל וואלט ניט געווען קיין מיאוס'ער ליגען, קיין צבועק'ישע נארעריי, ווען נאר איין איינציגער שטראהל פון דעם ריינעם אמת וואלט אריינגעדרונגען אין דעם גרויסארטיגען זאל, ווען מען זאל באמת געווען דערזעהען דאס בילד פון „דער פרוי אינ'ם 19־טען יאהרהונדערט", ווי זי איז, וואלט די גאנצע געזעלשאפט געמוזט ערוואכען פון איהר שכור'ן חלום, וואלט זי זיך צעלאפען אין פחד און בזיון. — זיי זענען אבער בלינד ! און וואו זיי זענען ניט בלינד, האבען זיי ליעב די פערבלענדונג. ווי וואלטען זיי דען אנדערש געקענט

# די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

לעבען, ווען ניט אט די בלינדהייט, וועלכע זיי שאפען זיך אליין!"

דאס האב איך געליינט אין דער סאציאלדעמאקראטישער ציימונג, אין מיין ציימונג, ווי איך פלעג זי רופען מיט פרעהליכען שטאלץ. די ווירקונג איז ניט צו בעשרייען. איך בין ניט געשלאפען גאנצע נעכט; ווי א ליכט איז מיר אויפגעגאנגען פאר די אויגען, און איך האב אלץ כסדר געקלעהרט וועגען דעם, וואס איך האב געליטען. מיין אויפרעגונג האט גאר ניט געוואלט פערשווינדען, און אלצדינג אין מיר האט זיך געריסען צו ארבייט. דאס געלעזענע האב איך בשום אופן ניט געקענט איינהאלטען אין מיר, די ווערטער האבען זיך ממש אליין געבעטען פון די ליפען: איך האב מיר אלץ אויסגעמאלט, ווי איך וואלט גערעדט. אין דער היים בין איך ארויפגעקראכען אויף א שטוהל און האב געהאלטען א רעדע, פונקט ווי איך וואלט דאס געטהאן, ווען ס׳וואלט מיר אויסקומען רעדען אויף א פערזאמלונג. „א געבוירענע רעדנערין" — האט גע־פסק׳נט מיין ברודער׳ס פריינד. ער פלעגט מיר ברייגען ביכער פון דער ביבליאטעק פון דעם ארבייטער־פעראיין, וואו ער איז דער־ווייל געווארען א מיטגליעד. איך אליין האב איהם אנגעהערט דערצו. „ווען איך וואלט א מאן געווען", האב איך ניט איינמאל געזאגט. אז איך, אלס א מיידעל, קען אויך עפּיס אויפטהאן אין דער סאציאליסטישער בעוועגונג אדער איבערהויפּט אינ׳ם פּאליטישען לעבען, האב איך נאך דעמאלט ניט געוואוסט. קיינמאל האב איך ניט געהערט און ניט געליינט, אז פרויען זאלען געהען אויף פערזאמלונגען, און אלע אויפרופען פון „מיין ציימונג" זענען אויך געווען געווענדעט נאר צו די מענער. אין דער צייט איז פארגעקומען דער פּאריזער סאציאליסטען־קאנגרעס, וועלכער האט בעשלאסען דעם 1טען מאי אלס דעמאנסטראציע פאר אנ׳אכט־שעה׳דיגען ארבייטס־טאג, און איך בין נאך אלץ געווען אליין און האב ניט געקענט גאר ניט טהאן פאר „דער זאך". דאס וואס איך האב דערצעהלט מיינע חבר׳טעס און דאס וואס איך האב פערשפּרייט די ציימונג, איז אין מיינע אויגען אזוי נישטיג און קליין, אז ס׳האט מיר קיין טרייסט ניט געקענט פערשאפען. שפּעטער ערשט האב איך אנגעהויבען פערשטעהן, וואס פאר א גרויסען,

## די יוגענד געשיכטע פון אן'ארבייטערין.

אונשעצבארען ווערט עס האט גראד אזא מין ארבייט פאר די פערשפרייטונג פונ'ם סאציאליזמוס.

פון דער ביבליאטעק פונ'ם ארבייטער־פעראיין האב איך איצט דורך מיין ברודער'ס פריינד אנגעהויבען בעקומען אזוינע ביכער, וואס מ'האט זיי געמוזט לייענען מיט קאפ. די „נייע צייט" האב איך געלייענט כסדר, איין יאהר־גאנג נאך דעם אנ־דערן, וויפיעל עס איז געווען אין ביבליאטעק. איך האב אבער געוואלט בעקומען ערנסטע „בילדונג" און האב דעריבער גע־בעטען מיר ברייגגען אויך אזוינע ביכער, וועלכע זענען ניט געווען סאציאליסטיש. איך האב דורכגעאקערט ניין בענד וועלטגעשיכטע און אפילו „דאס בוך פון די ערפינדונגען" האב איך געוואלט שטודירען. דא איז אבער מיין טרחה געווען אומזיסט: איך האב מיך בשום אופן ניט געקענט צווינגען לעזען די טרוקענע מאטעריע, און נאר די אבטהיילונג וועגען דעם „קארק־בוים" האט מיך פעראינטערעסירט, ווייל ס'האט געהאט א שייכות צו מיין פראפעסיע.

„די לאגע פון די ארבייטענדע קלאסען אין ענגלאנד" פון פריעדריך ענגעלס, האט מיך טיעף ערשיטערט און פער־שטארקט מיינע רעוואלוציאנערע געפיהלען. א ביכעלע פון לאפארג „דאס רעכט אויף פוילקייט" איז מיר שרעקליך געפעלען און ווען איך האב שפעטער אנגעהויבען רעדען אויף פערזאמ־לונגען, האב איך פון איהם געשעפט ניט ווייניג מאטעריאל. א גרויסע התפעלות האט אין מיר דערוועקט פערדינאנד לאסאל. „די וויסענשאפט און די ארבייטער" און „די ימים־טובים, די פרעסע און די ארבייטער" האב איך געלייענט עטליכע מאל, כדי בעסער צו פערטיעפען זיך אין זייער אינהאלט. אויך ליעבקנעכט'ס ערשיענענע רעדע „וויסען איז מאכט" האט געהערט צו די ערשטע סאציאליסטישע שריפטען, וועלכע האבען אויף מיר געהאט א ווירקונג. א סך רעוואלוציאנערע פרייהייטס־ליעדער האב איך אויסגעלערנט אויף אויסווענינ.

כאטש איך האב זיך אזוי פיעל בעשעפטיגט מיט סאציאליזם, בין איך נאך אלץ ניט געווען אויף קיין פערזאמלונג; נאר די צייטונגס־בעריכטען וועגען פערזאמלונגען האב איך געלייענט מיט ברענענדען אינטערעס און האב געוואוסט די נעמען פון

אַלע רעדנער. סוף כל סוף האָב איך אויך געוואָלט גענהן אויף אַ פערזאַמלונג. איינמאָל זונטאָג האָט געוואָלט רעדען אויף אַ פערזאַמלונג איינער פון די בעריהמטעסטע און הויך־געשעצטע פיהרער. איך האָב ממש ניט געלאָזט רוהען מיין ברודער, ער זאָל מיט מיר געהען אהינצו. ס׳איז געווען אין דעצעמבער, און שוין עטליכע וואָכען האָט געהערשט אַ טרוקענע קעלט. אַ סך מענשען זענען אַרומגעגאַנגען אָהן אַרבייט און געקוקט מיט פערזאָרגטע אויגען אויפ׳ן הימעל, אפשר וועט פאַרט אויספאַלען אַ שניי. „אויך דער ליעבער גאָט פערגעסט די אָרימע לייט“, האָט מען געקענט הערען ניט איינמאָל. אין דעם זונטאָג איז גראָד אויסגעפאַלען דער לאַנג געווינשטער שניי. ער איז געווען אזוי געדיכט, אַז מ׳האָט ממש געמוזט אַרבייטען מיט אַלע כחות, כדי דורכצושלאָגען זיך דורך די גרויסע הויפענס. די פערזאַמלונג איז געווען אין אַ גרויסען זאַל אין איינעם פון די ווייטע אַרבייטער־קוואַרטאַלען. ווען מיר זענען אריינגעקומען, איז דער זאַל שוין געווען פול געפאַקט; מענשען זענען געשטאַנען איינער נעבען אַנדערן און געריבען זיך די הענד און געטופּעט, כדי זיך צו דערוואַרימען. מיין הארץ האָט געקלאַפּט, און איך האָב געפיהלט, אַז מיין פּנים גליהט, ווען מיר האָבען זיך דורכגעשטופּט דורך דער מענגע כדי צוצוקומען נעהנטער צו דער רעדנער־ביהנע. איך בין געווען די איינציגע פרוי אינ׳ם גאַנצען זאַל, און ווען מיר האָבען זיך געשטופּט דורך דעם עולם, האָבען זיך אַלע בליקען געווענדעט מיט פערוואונדערונג אויף מיר. דעם רעדנער האָב איך ניט געקענט זעהן דייטליך, וואָרום ער איז געווען פערהילט אין אַ וואָלקען פון טאַבאַק־און ציגאַרען־רויך. ער האָט גערעדט וועגען דעם „קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן“.

ווידער האָבען זיך נייע וועלטען פאַר מיר געעפענט. וואָס איך האָב נאָר אינסטינקטיוו געפיהלט און נאָך ניט געקענט דורכדענקען ביז׳ן סוף, דאָס האָב איך איצט געהערט קלאָהר און פערשטענדליך. דער רעדנער האָט אָנגעהויבען דערפון, וואָס ער האָט אָנגעוויזען אויף דעם אויסגעפאַלענעם שניי. מיט דעם ביישפּיעל האָט ער אילוסטרירט דאָס אומגעלומפּערטע און זינלאָזע אין דער „היינטיגער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג“. „דאָס וואָס אין אַ נאָרמאַלער געזעלשאַפט וואָלט עס געווען אַ פּשוט׳ע

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

נאטור־ערשיינונג און מ'וואלט געקוקט דערויף ווי אויף אזא געשעהעניש, וואס שטערט נאר דעם פערקעהר, איז איצט פאר הונדערטער מענשען א גליק, ווייל דורך דעם וועלען זיי גערעטעט ווערען פון הונגעריגען טויט; דאס זענען מענשען, וועלכע האבען ניט קיין ארבייט, — ניט ווייל זיי ווילען ניט ארבייטען, נאר ווייל די וואהנזיניגע געזעלשאפטס־ארדנונג און די קורצזיכטיגע געזעצגעבונג צווינגען אנדערע מענשען צו ארבייטען אזוי לאנג, ביז זיי פאלען פון די פיס".

דער דאזיגער אנהויב פון דער רעדע איז געבליבען אין מיין זכרון, און מיינע געדאנקען האבען געארבייט אין דער ריכטונג ווייטער. די צווייטע פערזאמלונג האב איך בעזוכט קריסטמאס, דארט איז אויך א הוץ מיר געווען נאך צוויי פרויען. דער רעדנער האט גערעדט וועגען „קלאסענגעגענזאצען". ער האט גערעדט גוט, געווירקט אויף די הערער, געוועקט זייערע געפיהלען. איך האב געהערט, ווי ער מאלט די טרויעריגע געשיכטע פון מיינע אייגענע קריסטמאס־לײדען און, אלס א היפך דערצו, דער לוקסוס פון די רייכע. מיך האט עפּיס געשטופּט אויסצושרייען: „דאס ווייס איך אויך, דאס קען איך אויך דערצעהלען!" איך האב אבער ניט געוואגט ארויסצורעדען אווארט, איך האב אפילו ניט געהאט דעם מוט צו פּאטשען בראווא. דאס, האב איך גערעכענט, פּאסט ניט פאר פרויען, דאס מעגען נאר די מענער. קיינער פון די רעדנער האט זיך, אגב, ניט געווענדעט צו די פרויען, וועלכע זענען געווען אין אזא קליינער צאהל. ס'האט אויסגעזעהן אזוי, אקוראט ווי דאס איז נאר מענער־לײדען און מענער־עלענד. מיך האט דאס געארט, וואס מען רעדט ניט צו די ארבייטערינס אויך, וואס מען ווענדעט זיך ניט צו זיי און מען רופט זיי ניט צום קאמפף.

די דריטע פערזאמלונג, וועלכע איך האט בעזוכט און וועלכע איך דערמאן נאך, ווייל זי האט געהאט א בעזונדערען כאראקטער, איז געווען א וועהלער־פערזאמלונג. די פאליציי האט ניט צוגעלאזט קיין פרויען אויף פּאליטישע פערזאמלונגען, און מיך האט אזוי געצויגען אויף אזא פערזאמלונג. איינמאל איז מיר געראטען, נאך א לאנגען רחמים־בעטען, צו איבערערעדען דעם

אָרדנונגס־היטער*), ער זאָל מיך אַריינלאָזען, נאָר מיט דעם תנאי, איך זאָל בלייבען גאָר הינטען אין אַ ווינקעל. אויף דער פערזאַמלונג האָב איך דאָס ערשטע מאָל געהערט רעדען פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישען שטאַנדפונקט וועגען מיליטאַריזם. און ווידער איז צושטערט געוואָרען אַ טהייל פון מיינע אַלטע פאָרשטעלונגען. ביז דעמאָלט איז דער מיליטאַריזם אין מיינע אויגען געווען נויטווענדיג און זעלבסטפערשטענדליך. איך בין געווען שטאָלץ, וואָס מיינע ברידער האָבען געטראָגען „דעם קייזער'ס ראָק", און ווער ס'האָט ניט ערפילט די דאָזיגע פאַטריאָטישע פפליכט, איז אין מיינע אויגען גאָר קיין מאַן ניט געווען. ווען איך האָב מיר פאָרגעשטעלט אין מיינע מיידעלשע טרוימען דעם מענשען, וואָס וועט מיט מיר התונה האָבען, האָט צו אַלע זיינע מעלות געהערט אויך די פעהיגקייט צו דיענען דעם קייזער. איצט איז דער אידעאַל אויך פערשוואונדען. אַלס שווערע משא אויפ'ן רוקען פון דעם פאָלק האָט מען דעם מיליטאַריזם געשילדערט. און איך האָב געמוזט איינזעהן, אַז דאָס איז אמת. דער קריעג, אַ מענשען־מאָרד, ווערט געפיהרט ניט צו פערטהיידיגען די גרענצען פונ'ם לאַנד פאַר דעם אָנפאַל פון אַ שלעכטען, ווילדען שונא, נאָר צוליעב די אינטערעסען פון די קייזערליכע פאַמיליעס, דיקטירט דורך דעם חשק צו ערָאָבערן נייע מדינות, צעבלאָזען דורך אַלערליי דיפּלאָמאַטישע אינטריגעס.

אַלצדינג, וואָס איך האָב געהערט, איז מיר אויסגעקומען אַזוי זעלבסטפערשטענדליך, אַז איך האָב זיך נאָר געוואונדערט, פאַרוואָס פערשטעהען דאָס אַזוי ווענינ מענשען.

א נייע וועלט האָט זיך פאַר מיר געעפענט אַ דאַנק די פערזאַמלונגען, און אַלצדינג אין מיר האָט זיך געריסען צו אַרבייט. איך האָב געוואָלט העלפען אַרבייטען, העלפען קעמפפען, און האָב אַלץ ניט געוואוסט, ווי זאָל איך זיך דערצו נעהמען. איך בין געוואָרען אַנ'אַנדער מענש. ווער עס האָט ניט פערשטאַנען

---

*) די פערפאַסערין מיינט דאָ ניט די פאָליציי, נאָר די חברים־אַרבייטער גופא, וועלכע היטען אָב די אָרדנונג אויף די פערזאַמלונגען און זעהען־צו, אַז ס'זאָל ניט זיין קיין טומעל.

# די יוגענד געשיכטע פון אנ׳אַרבייטערין.

אָדער ניט געוואָלט וויסען גאָר ניט פון מיינע פּאָליטישע אידע־אַלען, דער איז אין מיינע אויגען געווען א שונא. איך האָב אָבער געוואָלט אומקעהרען מענשען אויפ׳ן ריכטיגען וועג און האָב געוואָלט „פּאָליטיזירען“. איך האָב אָנגעהויבען געהן מיט מיינע בריעדער און מיט זייערע ווייבער אין אזוינע קאָמ־פּאַניעס, וואָס פריהער פלעג איך זיי ווייכען. פריהער האָט מען געזאָגט, איך פערריים די נאָז, און מ׳האָט מיר ניט איינמאָל געגעבען אנצוהערעניש, אַז ס׳איז ניט כדאי צו פיהרען א לעבען פון א מאָנאַסקע, אַז מען דאַרף געניסען די יוגענד. ווען איך פלעג אמאָל געהן מיט די בריעדער, האָב איך זיך געפיהלט, ווי א שעיר לעזאזל. איצט האָב איך אָנגעהויבען געהן מיט׳ן גוטען ווילען. איך האָב געוואָלט האָבען געלעגענהייטען צו רעדען וועגען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און האָב גערעכענט, אַז מיט מענער קען מען גיכער רעדען פון פּאָליטיק, ווי מיט פרויען.

באַלד בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז איך האָב געהאַט צו א גוטע מיינונג וועגען דער פּאָליטישער ענטוויקלונג פון די מע־נער. איך האָב געוואָלט זאַמלען געלד פאַר דעם וואַהל־פאָנד. ווען איך האָב אָנגעהויבען רעדען וועגען דעם אין א קאָמפּאַניע, האָט איינער א בעל־מלאכה געזאָגט : „פאַר דעם וואַהל־פאָנד ? ווער איז דאָס דען ? יא, כ׳ווייס, דער פוהרמאַן, וואָס איז גע־וואָרען א קאַליקע“. און איך, א יונגע, פּאָליטיש רעכטלאָזע מיידעל, האָב געמוזט דערצעהלען די מענער, וועלכע האָבען יא געהאַט וואַהל־רעכט, וואָס איז אַזוינס דער וואַהל־פאָנד און פאַר וואָס מען מוז פאַר איהם זאַמלען געלד. אַלע האָבען זיך גע־וואונדערט, פון וואַנען עס נעהמט זיך צו מיר די „קלוגשאַפט“ און ווער ס׳האָט מיר דערצעהלט די אַלע זאַכען. אויך אין דער פאַבריק האָב איך געזאַמעלט, פריהער צווישען מיינע נעהנטערע חבר׳טעס, נאָכדעם איז דער קרייז געוואָרען אַלעמאָל גרעסער.

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבען די אַגיטאַציע פאַר דעם 1־טען־מאַי־סטרייק. איך בין געווען ווי אין פיעבער ; איך האָב געוואָלט העלפען אין דעם פּרט און האָב געזוכט חברים, וואָס זאָלען אַרבייטען מיט מיר צוזאַמען. צווישען די אַרבייטער האָב איך שוין לאַנג בעמערקט איינעם, וואָס האָט געטראָגען א

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

ברייטען הוט, איך האב גערעכענט, אז ער איז א סאָציאַל־דעמאָקראַט. איך האב געזוכט א געלעגענהייט צו רעדען מיט איהם און האב געפּרובט דערביי אַזוינע מיטלען, וואָס אין אַנ'אַנדער צייט וואָלט איך זיי ניט אָנגעווענדעט אויף קיין פאַל. די אַרבייטער פלעגען זיך וואשען די הענד אין הויף, איידער זיי פלעגען ענדיגען די אַרבייט. איך פיעלע מיידלעך פלעגען אהיינצו אַרויסגעהן. איך פלעג קיינמאָל אהין ניט געהן, כדי ניט הערען די שמועסען, וועלכע האבען זיך דאָרט געפיהרט און וועלכע האבען מיך בעליידיגט. איצט בין איך געגאַנגען צוזאַמען מיט אנדערע מיידלעך און ס'איז מיר אָבגעראָטען צו פערפיהרען א שמועס מיט דעם בעזיצער פונ'ם ברייטען הוט. איך האב ניט געהאַט קיין טעות. ער איז געווען אנ'ערנסטער, אינטעליגענטער אַרבייטער און א מיטגליעד פון אנ'אַרבייטער־פעראיין. ווי גרויס איז געווען מיין שמחה, וואָס איך האב געפונען א מיינונגס־גענאָסע אין דער פאַבריק! ער ביי די מענער, איך ביי די פרויען. מיר האבען געמוזט דורכפיהרען, אַז די פאַבריק זאָל שטעהן דעם ערשטען מאַי.

פונדעסטוועגען איז דאָס אונז ניט געראָטען. די אַרבייטער זענען צו שטאַרק געווען צוגעבונדען צום בעל־הבית און האבען נאָך ניט געקענט פערשטעהן, אַז זיי קענען אליין עפּיס דורכפיהרען מיט זייער אייגענעם ווילען. מ'האָט מודיע געווען אַלעמען, אַז ווער ס'וועט ניט אַרבייטען דעם 1־טען מאַי, דעם וועט מען אָבזאָגען פון זיין שטעל. נאָך דעם 30־טען אַפּריל האב איך זיך געסטאַרעט איבעררעדען די אַרבייטערינס פון מיין זאַל, אַז זיי זאָלען אָפען אַרויסווייזען זייער מיטגעפיהל צו דעם סטרייק פון דעם 1־טען מאַי. איך האב פאָרגעלייגט, אַז ווען דער „הערר" וועט אַריינקומען, זאָלען אַלע אויפשטעהן פון די ערטער און איך וועל זיך ווענדען צו איהם מיט א רעדע. דאָס געמיינזאַמע אויפשטעהן האָט געזאָלט בעווייזען, אַז די אַרבייטערינס זענען מיט מיר מוסכם. פיעלע זענען טאַקע באמת געווען אויף מיין זייט, אָבער די אַלטע אַרבייטערינס, וואָס האבען שוין צעהנדליגע יאָהרען געאַרבייט אין פאַבריק, האָבען געפונען, אַז מען טאָר דאָס דעם „הערר" ניט טהאָן. און אַזוי זענען אַלע געבליעבען זיצען, ווען ער איז געקומען. האָב איך פאַר זיך אַליין געוואָלט בעטען, מען זאָל מיך אָבלאָזען אַהיים

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

אויף דעם 1־טען מאי, האט מען אבער דעם זעלביגען אבענד מודיע געווען: ווער עס ארבייט ניט דעם 1־טען מאי, מעג בלייבען אין דער היים ביז מאנטאג. דאס האט מיך דערשראקען. איך בין געווען ארים, דער 1־טער מאי איז אויסגעקומען אום דאנערשטאג, ווי האב איך געקענט אנווערען א האלבע וואך? סוף כל סוף וואלט דאס מיך אויך ניט אבגעהאלטען, אבער איך האב מורא געהאט, אז מען וועט מיך גאר אינגאנצען אבזאגען פון ארט, און וואו וועל איך נעהמען אזא גוטע שטעל? און וואס וועט ווערען פון מיין אלטער מוטער, ווען איך וועל א צייט ניט קריעגען קיין ארבייט? די גאנצע טונקעלע פערגאנגענהייט איז אויפגעשטאנען פאר מיינע אויגען — און איך האב געפאלגט. איך האב געפאלגט מיט צונויפגעדריקטע פויסטען און מיט א צארען אין דער ברוסט.

דעם 1־טען מאי, ווען איך בין געגאנגען צו דער ארבייט אנגעטאהן אין מיין יום־טוב'דיגען קלייד, האב איך געזעהען טויזענטער מענשען מיט מאי־צייכענס פערפוצט, איילענדיג אין די פערזאמלונגען. אויך מיין ברודער און מיין פריינד זענען געווען פון די גליקליכע, וואס האבען געמעגט פייערן דעם 1־טען מאי. איך וויים ניט, ועלכער ווערהטאג קען זיך פערגלייכען מיט דעם, וואס איך האב געפיהלט דעם גאנצען 1־טען מאי. מיט וואס פאר א אונגעדולד האב איך אלץ געווארט, אז די סאציאל־דעמאקראטען זאלען קומען און אונז אראבנעהמען פון דער ארבייט! איך האב ארויסגעקוקט דערויף מיט פרייד, די איבעריגע האבען דערפאר מורא געהאט. די הילצערנע לאדען פאר די פענסטער האט מען דעם גאנצען טאג ניט געטארט עפענען, כדי מען זאל אונז מיט שטיינער ניט אויסשלאגען די פענסטער. ביי דעם נעכסטען לוין־צאהלען האט יעדער ארבייטער און יעדע ארבייטערין בעקומען א געדרוקטען צעטעל, אויף וועלכען ס'איז געשטאנען: „צום דאנק פאר די געטריישאפט פון מיין פערסאנאל דעם 1־טען מאי בעקומט יעדער ארבייטער צוויי גולדען און יעדע ארבייטערין איין גולדען בעלוינונג“.

דעם גולדען, וועלכען איך וואלט מיט דעם גרעסטען פערגעניגען א שלייפער געטהאן מיין בעל־הבית אין פנים אריין, האב איך אוועקגעטראגען אין רעדאקציע, פאר דעם „פאנד צו

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

אונטערשטיצען די ארבייטער, וואס האבען געליטען פאר דעם 1־טען מאי".

איבעראיאהר האב איך שוין אויך געפייערט דעם 1־טען מאי. איך האב ניט גערוהט קיין איינציגען טאג, כסדר אגיטירט פאר'ן סטרייק. און ווי איך פיהל נאך איצט, נאך אזוי פיעל יאהרען, האב איך אויסגעקליבען א גוטען וועג. צווישען מיינע חבר'טעס זענען אייניגע געווען מעהר חשוב ביי דער אדמיניסטראציע, וויל די אויפזעהער זענען געווען זייערע קרובים. אט די ארבייטערינס האב איך געזעהן פעראינטערעסירען מיט דעם 1־טען מאי, איך האב זיי ערקלעהרט די ציעלען פון דעם סטרייק, און זיי האבען ערלויבט מען זאל זיי אויסקליבען אין דער דעפוטאציע, וועלכע האט געזאלט געהן צום בעל־הבית און פערלאנגען פון איהם, ער זאל אונז בעפרייען פון דער ארבייט דעם 1־טען מאי. דאס איז געווען א קליינע רעוואלוציע! פרויען, שוועסטער פון די אויפזעהער — פ א ר דעם 1־טען מאי! אויך מיין פריינד פון דער מענער־אבטהיילונג האט עהרליך ערפילט זיין חוב, און מיר האבען געפייערט דעם 1־טען מאי, נאר מיט דעם תנאי, אז מיר זאלען אויסצאהלען פאר דעם טאג שכירות די יעניגע ארבייטער, וועלכע האבען ניט געוואלט פייערן. מיר האבען אויסגעלעדיגט אונזערע שפאר־קאסעס, וואו מיר האבען געהאט אנגעגרייט עטליכע גראשענס פאר קריסטמאס, ווארום דריי ארבייטערינס האבען זיך ניט געשעהמט צו פערלאנגען פון אונז בעלוינונג פאר דעם פערלוירענעם טאג.

באלד נאכדעם האב איך געהאלטען מיין ערשטע עפענטליכע רעדע. דאס איז געווען זונטאג פארמיטאג אין א ברענטש־פערזאמלונג. איך האב קיינעם ניט געזאגט, וואוהין איך געה, און אזוי ווי איך פלעג אפט אוועקגעהן פון שטוב זונטאג פארמיטאג, כדי צו בעזוכען א מוזעאום אדער א גאלעריע, דעריבער האט זיך קיינער ניט געוואונדערט, וואס איך בין ניטא אין דער היים. אויף דער פערזאמלונג איז געווען הונדערט מענער און נ י י ן פרויען, ווי איך בין שפעטער געוואהר געווארען פון דעם פאק־בלאט. אזוי ווי אין דער ברענטש האט די פרויען־ארבייט אנגעהויבען שפיעלען א בעדייטענדע ראלע און די מענער האבען שוין געשפירט די קאנקורענץ פון דער ביליגערער פרויען־אר־

# די יוגענד געשיכטע פֿון אַן אַרבייטערין.

בייט, האָט מען אויף דער פֿערזאַמלונג געזאָלט רעדען וועגען דער בעדייטונג פֿון דער פּראָפֿעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציאָן. צוליעב דעם צוועק האָט מען געפֿיהרט צווישען די אַרבייטערינס אַ לעבהאַפֿטע אַגיטאַציע, און כאָטש הונדערטער פֿרויען האָבען געאַרבייט אויף איין פֿאַבריק, איז אויף דער פֿערזאַמלונג געקומען נאָר ניין. ווען דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער פֿערזאַמלונג האָט דאָס מודיע געווען עפֿענטליך און דער רעפֿערענט האָט וועגען דעם אָנגעהויבען רעדען, האָב איך געפֿיהלט אַ גרויסע חרפּה פֿאַר מיין געשלעכט. ס׳איז ביי מיר אויסגעקומען אַזוי, אַקוראַט ווי מיט די ווערטער מיינט מען מיך גופֿא, און איך האָב זיך געפֿיהלט זעהר בעליידיגט. דער רעדנער האָט געמאָלט די פֿרויען־אַרבייט, דערצעהלט, ווי ווענינ אויפֿגעקלעהרט עס זיינען די אַרבייטערינס, ווי ווענינ בעדירפֿנישען זיי פֿערמאָגען און ווי זיי שטעלען זיך צופֿריעדען מיט אַ קליינינקייט. דאָס אַלעס, האָט ער געזאָגט, איז אַ פֿערברעכען און דערפֿון נעהמען זיך אַלערליי אַנדערע שלעכטינקייטען. אויך וועגען דער פֿרויען־פֿראַגע איבערהויפּט האָט ער געשפּראָכען, און פֿון איהם האָב איך צום ערשטען מאָל געהערט דעם נאָמען פֿון אויגוסט בעבעל׳ס בוך: „די פֿרוי און דער סאָציאַליזם“.

ווען דער רעפֿערענט האָט געענדיגט, האָט דער פֿאָרזיצענדער ערקלעהרט, אַז ווער עס וויל, זאָל נעהמען דאָס וואָרט וועגען דער דאָזיגער וויכטיגער פֿראַגע. איך האָב געפֿיהלט, אַז איך מוז רעדען. איך האָב מיר פֿאָרגעשטעלט, אַז אַלע אויגען קוקען אויף מיר, אַלע וואַרטען, ווי וועל איך פֿערטהיידיגען מיין געשלעכט. איך האָב אויפֿגעהויבען די האַנד און געבעטען אַ וואָרט. מען האָט געשריען „בראַוואָ“ נאָך איידער איך האָב געעפֿענט דאָס מויל, אַזאַ רושם האָט געמאַכט, וואָס אַן אַרבייטערין וויל רעדען. ווען איך בין געגאַנגען אויף די טרעפּען צו דער רעדנער־בימה, האָבען פֿיערדיגע רעדער זיך געדרעהט פֿאַר מיינע אויגען און אין האַלז האָט מיך געוואָרגען. איך האָב אָבער גובר געווען דעם דאָזיגען צושטאַנד און האָב געהאַלטען מיין ערשטע רעדע. איך האָב גערעדט פֿון די ליידען, דער עקספּלואַטאַציע פֿון דער אַרבייטערין, פֿון דעם, וואָס איהר גייסטיגע ענטוויקלונג איז פֿערנאַכלעסיגט. אויף דעם לעצטען פּונקט האָב איך אָנגעוויעזען מיט בעזונדערע שאַרפֿקייט, וואָרום

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'אַרבייטערין

אין מיינע אויגען איז דאָס געווען די סיבה פון אַלע אַנדערע שלעכטע איינגענשאַפטען, וועלכע זענען שעדליך פאַר די אַרבייטערינס. איך האָב גערעדט וועגען דעם, וואָס איך האָב ערפאַהרען אין מיין אויגען לעבען און געזעהן ביי מיינע חבר'טעס. אויפקלעהרונג, בילדונג, וויסען האָב איך געפאָדערט פאַר מיין געשלעכט, און די מענער האָב איך געבעטען, זיי זאָלען אונז דערין ביישטעהן.

די בעגייסטערונג פון דער פערזאַמלונג איז געווען אָהן א גבול, מען האָט מיך אַרומגעריננגעלט און געוואָלט וויסען, ווער איך בין; מען האָט פון אָנפאַנג גערעכענט, אַז איך בין אַ מיט־גליעד פון דער ברענטש און מען האָט מיך געבעטען, איך זאָל אָנשרייבען פאַר'ן פאַך־בלאַט אַנ'אַרטיקעל צו די אַרבייטע־רינס — אין דעמזעלבען זינן, ווי איך האָב גערעדט דאָ. דאָס איז געווען באמת אַ שווערע אויפגאַבע. איך בין דאָך בסך־הכל דריי יאָהר געגאַנגען אין שול, פון אָרטאָגראַפיע און גראַמאַטיק האָב איך ניט געהאַט קיין שום פאָרשטעלונג און די האַנדשריפט מיינע איז געווען ווי ביי אַ קינד, וואָרום ס'איז מיר דאָך קיינ־מאָל ניט אויסגעקומען צו שרייבען. פונדעסטוועגען האָב איך צוגעזאָגט, אַז איך וועל זיך בעמיהען אָנשרייבען אַנ־אַרטיקעל.

ווי אַ שכור'ע בין איך געקומען אַהיים. אַ געפיהל פון זעל־טענעם גליק האָט אַרומגענומען מיין נשמה, ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, איך האָב איינגענומען די וועלט. קיין שלאָף איז אין דער נאַכט ניט געקומען אויף מיינע אויגען. דעם אַר־טיקעל פאַר'ן פאַך־בלאַט האָב איך אָנגעשריעבען; ער איז געווען ניט גרויס און ניט זעהר געראָטען לויט הער פאָרם. אין איהם איז געשטאַנען אַזוי:

„צו אַלע פאַבריק אַרבייטערינס:

אַרבייטערינס! צו האָט איהר שוין אַמאָל געטראַכט וועגען אייער לאַגע? ליידט איהר הען ניט אַלע פון דער גראָבקייט און עקספּלואַטאַציע פון אייערע אַזוי גערופענע „הערר ן"? פיעלע לוין־שקלאַפינס אַרבייטען פון גאַנץ פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט, בשעת טויזענטער פון זייערע אַרבייטסלאָזע שוועסטער בעלאַגערן די טויערן פון די פאַב־

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

ריקען און ווערקשטאטען, ווייל זיי קענען ניט געפינען קיין ארבייט כדי צו ראטעווען זיך פון הונגער און כאטש וויפיעל ניט איז בעשיצען זייער קערפער פאר קעלט. און ווי גרויס איז דען דער לוין פאר דער לאנגער ארבייט? קענען דען די ניט־פערהייראטע פיהרען א מענשליך לעבען? און היינט די פערהייראטע ארבייטערין? קען זי דען דורך איהר ארבייט פערזארגען די קינדער מיט אלעם נויטיגען? מוז זי דען ניט הונגערן און דארבען, כדי צו קענען געבען די קינדער דאס נויטווענדיגסטע? אזוי איז די לאגע פון די ארבייטער־פרויען, און אויב מיר וועלען שטעהן און רוהיג צוקוקען, וועט זי זיך קיינמאל ניט פערבעסערן, פערקעהרט, מען דריקט אונז און מען זויגט אונז אויס וואס ווייטער אלץ מעהר.

ארבייטערינס! בעווייזט, אז איהר זענט נאך ניט אינגאנצען פערטעמפט און גייסטיג צעקאליעטשעט. וואכט אויף, דערזעהט, אז די ארבייטער און די ארבייטערינס מוזען זיך געבען די הענד און שליסען א געמיינזאמען בונד. פערמאכט ניט אייערע אויערען פאר דעם רוף, מיט וועלכען מען ווענדעט זיך צו אייך. שטעהט־צו צו דער ארגאניזאציאן, וועלכע וויל אויך די פרויען ערציהען צו ווירטשאפטליכען און פאליטישען קאמפף.

בעזוכט פערזאמלונגען, לעזט ארבייטער־בלעטער, ווערט אויפגעקלעהרטע און קלאסען־בעוואוסטע ארבייטערינס אין די רייהען פון דער סאציאל־דעמאקראטישער ארבייטער־פארטיי".

דא מוז איך דערמאנען איין זאך, וואס האט מיר פערשאפט פיעל פרייד. איך האב שוין אויבען געשריעבען, אז מיין עלטסטער ברודער האט נאך דעם פאטער'ס טויט זיך אוועקגעלאזט און אין פרעמדע שטעדט. מיר האבען זיך א סך יאהר ניט געזעהן, און אויך נאכדעם האבען מיר זיך געטראפען נאר אויף קורצע מאמענטען. מיין ברודער איז געווארען סאציאל־דעמאקראט און איז געוועזען א בעגייסטערטער פארטיי־מיטגליעד נאך איידער איך האב געהאלטען מיין ערשטע רעדע. קלאנגען האבען מיר וועגען דעם געהערט, מ'האט דערצעהלט, אז

# די יוגענד געשיכטע פון אַנ׳אַרבייטערין.

ער האָט אַזוינע מאָדנע אַנשויאונגען, ער קוקט אויף אַלע מענשען ווי אויף ברידער, ער איז סאָציאַליסט. דעמאָלט האָט דאָס אויסגעזעהן אין מיינע אויגען ראָמאַנטיש, שפּעטער האָב איך אויך זיך ענטוויקעלט און בעקומען דיזעלביגע אַנשויאונגען. אונזער מוטער אָבער איז ניט געווען צופריעדען מיט דעם, וואָס זי האָט געהערט וועגען זיינע מיינונגען; זי האָט זיך גאָר ניט געקענט ריכטען, אַז פאַר איהרע אויגען וועט פון איהר טאָכטער אויך אויסוואַקסען אַ אָנהענגערין פון די זעלביגע איהרען.

אויף אַנ׳אַרבייטער־יום־טוב האָב איך זיך געטראָפען מיט מיין ברודער און בין געווען גליקליך, וואָס איינער פון אונזער פאַמיליע האָט דיזעלביגע אַנשויאונגען, ווי איך. דורך איהם האָב איך זיך בעקאַנט מיט פיעלע פערזאָנען, וועלכע איך האָב שוין לאַנג געשעצט און געאַכט פון דער ווייטענס.

איינמאָל האָט מען מיך גערופען צום „הערר" אין קאַבינעט. דאָס האָט זיך געטראָפען דאָס ערשטע מאָל, כאָטש איך האָב שוין געאַרבייט אין דער פאַבריק זיעבען יאָהר. דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט, ווען איך בין געגאַנגען אין קאָנטאָר אונטער די נייגעריגע אויגען פון מיינע חבר׳טעס. דער פאַבריקאַנט האָט געוואַרט אויף מיר, האַלטענדיג דאָס פאַך־בלאַט אין דער האַנד. אונטער׳ן אַרטיקעל איז געווען אונטערגעשריעבען מיין נאָמען. ער האָט מיך גערופען „פריילין" — אַ טיטעל, מיט וועלכען ער פלעגט קיינמאָל ניט אָנרופען זיינע ארבייטערינס — און האָט מיך געפרעגט, צו קען איך די צייטונג און צו האָב איך געשריעבען דעם אַרטיקעל. ווען איך האָב געענטפערט, אַז יאָ, האָט ער מיר געזאָגט אומגעפעהר אַזוי: „איך קען אייך ניט ארויסגעבען קיין בעפעהלען, ווי איהר זאָלט אויסניצען אייער פרייע צייט. נאָר איינס בעט איך אייך: אין מיין פאַבריק אַגיטירט ניט פאַר אייערע ציעלען. איך פערבאָט אייך אויך זאַמלען געלד צו אונטערשטיצען אייערע שטרעבונגען. איך וויל, אַז אין מיין הויז זאָל זיין רוהע און פריעדען". צום סוף האָט ער נאָך צוגעגעבען: „איין וואַרנונג וויל איך אייך נאָך מיט־געבען אויפ׳ן וועג; איהר זענט יונג און קענט ניט פערשטעהן, וואָס איהר טהוט; געדענקט אָבער, אַז די פּאָליטיק איז אַ אונ־דאַנקבאַר געשעפט".

# די יוגענד געשיכטע פון אַנ'אַרבייטערין.

כּמעט איך האָב זיך פאַרגענומען צו פאָלגען דעם פאַבּרי־קאַנט און זיך האַלטען רוהיג אין דער פאַבּריק, איז דאָס מיר ניט געראָטען. דאָס איז געווען שווערער, ווי איך האָב גערעכענט פון אָנהויב. די לאַגע אין פאַבּריק האָט זיך אין פיעלע פּרטים פערערגערט; פיעלע הנחות האָט מען אָבּגעשאַפט. אין אַנדערע פאַבּריקען האָט מען אונטער דער ווירקונג פון דעם מאַי־פייער געאַרבּייט שוין נאָר צעהן שעה, בּיי אונז האָט מען נאָך אַלץ געאַרבּייט עלף. דאָס איז געווען אַ שטראָף דערפאַר וואָס מיר האָבּען פּאָרט געהאַט די העזה צו פייערן דעם 1־טען מאַי. אין דעם פּרט איז ניט געווען קיין חלוק צווישען מיין בּעל־הבּית און פיעלע אַנדערע פאַבּריקאַנטען. ער האָט זיך געפיהלט אַלס „הערר" און בּרויטגעבּער און אַלע אַרבּייטער האָבּען איהם גע־דאַרפט דאַנקען פאַר זיין גרויס־מוט און זיין חסד. דערפאַר וואָס מיר האָבּען איינמאָל געהאַט די העזה צו טהאָן אַזאַ זאַך, וואָס איז איהם ניט געווען להצון, האָט מען אונז געמוזט בּע־שטראָפען. ערשט שפּעטער, ווען איך בּין שוין ניט געווען אין פאַבּריק, האָט ער זיך גנעדיג אומגעקוקט אויף אונז און בּעוויי־ליגט צו פערקירצען די אַרבּייטס־צייט אויף אַ שעה, דערבּיי האָט זיך יעדער אַרבּייטער און יעדע אַרבּייטערין געמוזט אונ־טערשרייבּען, אַז זיי וועלען פון היינט אָן און ווייטער ניט מישען זיך אין סאָציאַליסטישע ענינים.

פיעלע זאַכען האָבּ איך איצט געזעהן מיט אַנדערע אויגען, ווי פריהער. אין אונזער פאַבּריק האָבּען געאַרבּייט אייניגע מיידלעך, וואָס האָבּען נאָך ניט דערגרייכט דאָס געזעצליכע אַלטער. ווען דער פאַבּריק־אינספּעקטאָר האָט געזאָלט קומען — און מערקווירדיג, ווי מ'האָט שטענדיג פריהער געוואוסט, אַז ער דאַרף קומען — האָט מען אָנגעזאָגט די מיידלעך מיט'ן האַר־בּען וואָרט, אַז טאָמער פרעגט זיי דער אינספּעקטאָר, וויפיעל זיי זענען אַלט, זאָלען זיי זאָגען פיערצעהן יאָהר. פריהער האָבּ איך געטראַכט ווי אַלע אַנדערע: „אַ גוטער הערר, ער נעהמט אויף זיך אַזאַ קלאָפּאָט, ווייל ער האָט רחמנות אויף די אָרימע מענשען". זינט איך האָבּ אָבּער געלייענט דאָס בּוך פון ענגעלס: „די לאַגע פון די אַרבּייטענדע קלאַסען אין ענגלאַנד", האָבּ איך אַנדערש געטראַכט וועגען אַזוינע פאַקטען. איצט האָבּ איך געהאַט אַנדערע בּעגריפען וועגען דער קינדער־אַרבּייט, און אַזוי ווי איך האָבּ זיך אויסגעלערענט צו בּעטראַכטען אָבּיעקטיוו מיין

# די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

אייגענע שרעקליכע קינדהייט אין די געווערקשאפטען פון די צווישען־מייסטערינס און אין די פאבריקען, בין איך געקומען צו אנדערע רעזולטאטען. א חוץ דעם האב איך געזעהן, אז די־יעניגע ארבייטערינס, וואס זענען נאך קינדווייז אריין אין פאבריק, זענען געווען די קאנסערוואטיווסטע פון אלע און האבען בשום אופן ניט געוואלט וויסען פון סאלידאריטעט. זיי האבען געקוקט אויף זיך ווי אויף א טהייל פון דער פאבריק, ניט פרע־גענדיג, וואסער א חלק פון דעם געשאפענעם רייכטהום עס נעהמט זיך אן אויף זיי. זיי זענען געווען די שטילסטע, די געהארכזאמסטע, די אונטערטהעניגסטע, זיי האבען געקענט נאר די געפיהלען פון האנקבארקייט צום גוטען בעל־הבית, וואס האט זיי פערזארגט אויף זייער גאנצען לעבען מיט ברויט. אויף די שטרעבונגען פון אזוינע ווי איך האבען זיי געקוקט מיט האס און עקעל. — ס'איז קיין חדוש ניט, אז איך וואלט איצט מיט דעם גרעסטען פערגניגען אנגענומען דעם פאבריק־אינספעקטאר אויף די דרייצעהן־יעהריגע קינדער, וועלכע האבען ביי אונז גע־ארבייט ! און ווי פלעגט מען רייניגען און פוצען, ווען דער בע־אמטער האט געדארפט קומען. מען פלעגט פלוצלונג ווערען שרעקליכע פאנאטיקער פון ריינקייט, בשעת געוועהנליך איז געלעגען שמוץ און שטויב אין יעדען ווינקעלע און קיינער האט זיך וועגען דעם ניט געקימערט.

איך האב אנגעהויבען קוקען מיט א קריטיש אויג אויך אויף אנדערע זאכען. מיר האבען איצט געהערט צו א קראנקען־קאסע און אונזער פערטרעטער אין קאמיטעט פלעגט געוועהנליך בע־שטימען חער בעל־הבית. איצט האב איך געוואוסט, אז מיר האבען דאס רעכט צו ו ו ע ה ל ע ן א פארשטעהער. אין פעראיין האב איך מיט דעם איבערגעדערמאנטען חבר געפאדערט, אז דאס רעכט זאל אויסגעניצט ווערען. עס זענען פארגעקומען גרויסע סטרייקען, טויזענטער מענשען האבען געמוזט בעקומען שטיצע, כדי זיי מיט זייערע ווייבער און קינדער זאלען ניט אויסגעהן פאר הונגער. די ארגאניזאציעס האבען נאך קיין קאסעס ניט געהאט, האט די פרעסע זיך געווענדעט צו אלע חברים, זיי זאלען זאמלען פאר די סטרייקער, און איך האב אויך געהאלטען פאר מיין חוב זיך ווענדען צו די ארבייטערינס און ארבייטער פון מיין פאבריק נאך נדבות. דאס רוב האבען געגעבען. דער בעל־הבית

# די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

איז אָבער געוואָהר געוואָרען פון דער זאַמלונג. איינמאָל האָט ער ווייעדער זיך געווענדעט צו מיר. ער האָט געהייסען, איך זאָל איהם ווייזען מיין האַנדשריפט, כדי ער זאָל קענען מיר געבען אַנ׳ארבייט, וועלכע זאָל בעסער פּאַסען צו מיינע פעהיגקייטען. מיר איז דוקא ניט געווען אַזוי גרינג אויף דער נשמה, ווען איך האָב אַ טראַכט געטהאָן, ס׳אַרא שלעכטע און העסליכע האַנד־שריפט איך האָב. וועגען וואָס צו שרייבען — דאָס האָט מיך דוקא ווענינ געקימערט. אָקאָרשט ניט לאַנג האָב איך ווייעדער געהאַט געלייענט געטהע׳ס ליעדער און האָב איבערגעשריעבען אַ סטראָפע פון „פּראָמעטעאוס“, וועלכע איז מיר זעהר געפעלען. דאָס איז די סטראָפע:

„ווען איך בין אַ קינד געווען,
ניט געוואוסט, וואו איין, וואו אויס,
האָב איך מיין פערמאַטערטע אויג
געווענדעט צו דער זון, פונקט ווי ס׳איז דאָרט
אַנ׳אויער פאַרהאַנען, צו הערען מיין קלאָג,
אַ האַרץ ווי ביי מיר,
צו דערבאַרימען זיך אויף דעם געיאָגטען“.

* *

*

אויף מאָרגען האָט מען מיר געהייסען פערנעהמען דאָס אָרט פון אַ שרייבערין אין קאָנטאָר אַנשטאַט איינער פון די מיידלעך, וואָס איז גראָד געווען קראַנק. פריהער מיט עטליכע יאָהר וואָלט מיין פרייד ניט געהאַט קיין שעור. ס׳אַרא גליק ס׳וואָלט פאַר מיר געווען — אויפהערען זיין אַ פאַבריק־מיידעל. ס׳וואָלט מיר לייכט געווען גובר צו זיין אַלע שוויעריגקייטען, אַבי דערגרייכען אַזאַ שטעל. איצט בין איך געוואָרען עמפּפינד־ליכער. ס׳איז מיר געוואָרען אונאַנגענעהם, וואָס איך פערנעהם אַזאַ שטעל, צו וועלכער איך פערמאָג ניט די נויטיגע קענטניסען. רעכענען אויפ׳ן קאָפּ האָב איך נאָך ווי עס איז געקענט, אָבער ווי אַזוי מען טהוט דאָס מיט אַ בלייפעדער, האָב איך ניט געהאַט קיין שום בעגריעף. דאָס ביסעל כפל און חלוק, וואָס איך האָב געלערענט אין שול, האָב איך שוין לאַנג פערגעסען. וואָלט איך

# די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

נאך געהאט חשק צו דעם נייעם פאסטען, וואלט מיר ניט געווען שווער זיך אויסצולערנען, די נייע לאגע מיינע האט מיך אבער דערוויטערט פון מיינע חבר׳טעס. איך האב מעהר ניט געקענט אגיטירען. נאך מיין ערשטער רעדע האב איך א סך געהאט צו טהאן אויף פערזאמלונגען. עטליכע אבענדען אין וואך און איינמאל זונטאג זענען פארגעקומען פערזאמלונגען, וואו איך האב געמוזט רעדען. אין קאנטאר האב איך אבער געמוזט ארבייטען אלע אבענד שפעטער מיט א שעה, ווי אין פאבריק, איז שוין געווען שפעט צו געהן אויף א פערזאמלונג. אין אלגעמיין איז איצט מיין ארבייטס־צייט געווען קירצער. אינדערפריה האט זי זיך אנגעהויבען ערשט אכט א זייגער און מיטאג בין איך געווען דריי צוויי שעה, אזוי אז איך האב געקענט געהן אהיים; אויסערדעם האב איך שוין פון אנפאנג בעקומען א גולדען א וואך מעהר בעצאהלט. איך האב געהייסען „פריילין" און האב זיך געקענט שעהנער קליידען. אז איך האב אבער דעם ערשטען און דעם אנדערען זונטאג ווידער גערעדט אויף פערזאמלונגען און די צייטונגען האבען וועגען דעם געבראכט בעריכטען, האט מען מיך געפרעגט, פאר וואס איך טהו דאס. איך בין דאך שוין מעהר ניט קיין ארבייטערין, האב איך שוין ניט וואס צו טראכטען וועגען אזוינע זאכען. איך האב געבעטען, מען זאל מיך צוריק אומקעהרען אויף מיין פלאץ אין פאבריק, און האב אזוי לאנג געבעטען, ביז מ׳האט ערפילט מיין בקשה.

מיין לאגע איז אבער געווארען ניט פון די אנגענעהמע. פאליציי האט מיר אנגעהויבען שענקען איהר אויפמערקזאמקייט. אויך די פראקוראטורען האבען וועגען מיר אנגעהויבען צו זארגען. די ערשטע איינלאדונג צום אויספארשונגס־ריכטער האט מען מיר דערצו נאך איבערגעגעבען אין פאבריק. דאס האט געמאכט א מורא׳דיגען איינדרוק, און דער אויפזעהר האט זיך געפיהרט אזוי, אקוראט ווי ער איז אראב פונ׳ם זינען. איך אליין האב זיך אויך דערשראקען. מיין ערשטער געדאנק איז געווען: וואס וועט די מאמע זאגען. — די צייטונגען האבען וועגען מיר געשריבען, און דאס האט נאך פריקרער געמאכט מיין לאגע אין פאבריק. איך האב ניט געווארט, ביז מען וועט מיר אבזאגען און האב אליין געבעטען, מען זאל מיך בעפרייען פון מיין שטעל; איך האב מיך געוואלט אינגאנצען ווידמען מיינע ציעלען און

## די יוגענד געשיכטע פון אַנ׳אַרבייטערין.

אַרבייטען אָהן אַנ׳אויפהער פאַר די אָרגאַניזירונג פון די אַר־בייטערינס. איך האָב בעקומען אַ שעהן צייגניס. דאָרט איז געשטאַנען, אַז איך בין פלייסיג, געטריי און קען זעהר גוט מיין אַרבייט. דער בעל־הבית אליין האָט עס מיר איבערגעגעבען מיט די ווערטער: „איך ווינש אייך איהר זאָלט אין אייער נייעם ווירקונגס־קרייז אויך האָבען אזא ערפאָלג, ווי ביי אונז".

*　　*
*

איך וויל נאָך דערציילען, ווי אַזוי מיין מוטער האָט זיך פערהאַלטען צו מיינע אידעאַלען. דאָס איז אויך איינס פון די טרויעריגסטע קאַפּיטלען אין מיינע זכרונות. די אַלטע פרוי, וואָס איהר גאַנץ לעבען איז געווען איין לאַנגע קייט פון עלענד און נויט, וואָס אין די שרעקליכסטע בעדינגונגען האָט זי גע־בוירען אַלע צוויי יאָהר אַ קינד און עס געזויגען גאַנצע אַכצעהן חדשים, כדי לענגער צו זיין בעוואָרענט פאַר אַ נייער קינפּעט, די דאָזיגע פרוי, וועלכע איז אַזוי פריה געעלטערט געוואָרען און האָט טיעף געבויגען דעם רוקען אונטער דער משא פון שווערער אַרבייט, האָט איהר טאָכטער ניט געוואונשען קיין בעסער גליק, ווי אַ רייכען מאַן. חתונה מאַכען די טאָכטער — וועגען דעם האָט זי געטראַכט טאָג מיט יאָהרען, און זעהר פיעל האָב איך געמוזט אויסשטעהן, ווען איך בין געווען געגען אַזאַ שדוך, וועל־כער וואָלט נאָר פערבעסערט מיין מאַטעריעלע לאַגע און מיך בעפרייט פון דער פאַבריק. חתונה האָבען און האָבען קינדער — דאָס איז נאָך איהר מיינונג געווען דאָס ציעל פון יעדער פרוי. און ווי ס׳האָט איהר פריהער שטאַרק הנאה געטהאָן, ווען זי האָט געהערט, אַז מען לויבט מיך, אַזוי האָט זיך איצט געביטען איהר בעציהונג, ווען זי האָט דערזעהן, אַז איך וויל אינגאַנצען זיך איבערגעבען צו דער אַרבייט. וואָס מעהר מ׳האָט מיך בע־נוצט אַלס רעדנערין, איז איהר אונצופריעדענהייט געוואָרען אַלץ גרעסער.

# די יוגענד געשיכטע פון אַנ׳אַרבייטערין.

רעליגיעז איז זי אייגענטליך ניט געווען, דערצו האָט איהר דאָס לעבען קיין געלעגענהייט ניט געגעבען, אָבער די אויסערסטע פאָרמען האָבען ביי איהר דאָך געשפּיעלט זעהר אַ גרויסע ראָלע. מיינע אַנשויאונגען, וועלכע זענען געווען פיינדליך צו יעדער רעליגיאָן, האָבען ערוועקט איהר אונצופריעדענהייט, און זי האָט נאָכגעגעבען אַלצדינג, וואָס אונווייסענדע און שלעכטע מענשען האָבען דערצעהלט וועגען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען. זי האָט מיך כסדר געקרענקט און בעליידיגט מיט איהר זידלען די פּאַרטיי, צו וועלכער איך האָב געהערט. ווען איך האָב געדאַרפט געהן צו דער פּאָליציי אָדער צום אויספאָרשונגס־ריכטער, האָט זי זיך אַזוי געשעהמט, אַקוראַט ווי איך וואָלט בעגאַנגען אַ געהיימע פערברעכען. אַזוי ווי מיין אַרבייט איז געוואָרען אַלעמאָל ברייטער און ס׳איז מיר ניט זעלטען אויסגעקומען זיך אומקעהרען אהיים שפּעט אין דער נאַכט, האָט זי זיך מיט מיר אָנגעהויבען שעהמען. ווען איך פלעג אַ מיעדע און אַ פערמאַטערטע קומען אהיים, פלעגט זי מיך בעגעגענען מיט זלזולים און מיט קללות. פלעג איך קומען אַהיים מיט אַ געפיהל פון בעפריעדיגונג, ווייל איך האָב געטהאָן עפּיס ניצליכס, פלעגט מיר דאָס געפיהל פערשטערט ווערען דורך דער מוטער׳ס בעזען געלעכטער. שעה׳ן לאַנג פלעג איך ליעגען און וויינען, וויינען מיט ביטערע טרעהרען אויף מיין שווערען מזל. איצט, ווען איך האָב שוין געהאַט אַנ׳אַרבייט, וועלכע האָט מיך בעגייסטערט, וועלכע האָט מיר פערשאַפט גליק און אַ פרעהליך געמיט, האָב איך געמוזט ליידען דערפאַר, וואָס מיין מוטער איז געווען צו אַלט, כדי צו קענען פיהלען דאָסזעלבע וואָס איך.

קיינמאָל איז מיר אָבער ניט אַרויפגעקומען אויפ׳ן געדאַנק זיך שיידען פון איהר. מיר האָבען צוזאַמען איבערגעטראָגען אַזוי פיעל, ווי־זשע איז דאָס מעגליך געווען, אַז זי זאָל ניט זיין ביי מיר, ווען אַזוי פיעל פינסטערע שאָטען זענען פון מיר פערשוואונדען. וואָרום איצט, ווען מיין לעבען האָט בעקומען אַזאַ

## די יוגענד געשיכטע פון אנ׳ארבייטערין.

רייכען אינהאלט, האָב איך ערשט אָנגעהויבען פערגעסען די טריבע געדאַנקען פון דער פערגאַנגענער צייט. איך האָב מיך געפיהלט געזונד געזונד און שטאַרק, כדי צו קענען טראָגען די שווערסטע מיה פון מיין נייער טהעטיגקייט. נאָר חער מאַמע׳ס פיינדליכע האַלטונג איז מיר געוואָרען אַלץ שווערער צו טראָגען. די דאָזיגע האַלטונג האָט געשטערט מיין ענטוויקלונג און האָט געדריקט אויף מיר, ווי שווערע קייטען.

דאָ מוז איך מיט דאַנקבאַרקייט דערמאָנען איין פערזאָן, וואָס איז געמאַכט געוואָרען, כדי צו בייטען די שטימונג פון מיין מוטער און איהר אַריינגעבען מעהר אַכטונג צו מיין אַרבייט.

פריעדריך ענגעלס איז דעמאָלט אַרומגעפאָהרען איבער איירָאָפּע און איך האָב זיך מיט איהם בעקענט. ער האָט זיך געהאַלטען פּראָסט און פריינדליך, און מ׳האָט גאָר פערגעסען אויף איהם קוקענדיג, אַז דאָס איז איינער פון די „גאַנץ גרויסע״ אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל. אזוי ווי דעמאָלט האָבען נאָך ווייניג פרויען געאַרבייט אין דער פּאַרטיי און די פיהרער האָבען גע־האַלטען פאַר נייטליך זייער מיטאַרבייטען, האָט זיך אויך פריעד־ריך ענגעלס אינטערעסירט מיט מיין ענטוויקלונג. ווען ער האָט מיט מיר גערעדט, האָב איך איהם דערצעהלט דאָס, וואָס ס׳האָט מיך מעהר פאַר אַלצדינג געקימערט — די בעציהונג פון מיין מוטער. ער האָט מיר געוואָלט העלפען און גרינגער מאַכען מיין לעבענס־וועג. מיט אויגוסט בעבעל איז ער געקומען צו מיר, אין מיין וואָהנונג אויפ׳ן עק שטאָדט. זיי האָבען געוואָלט געבען פערשטעהען דער אַלטער פרוי, אַז זי דאַרף איינענטליך שטאָלץ זיין מיט איהר טאָכטער. אָבער מיין מוטער, וועלכע האָט ניט געקענט לעזען און שרייבען און האָט קיינמאָל ניט געהערט גאָר ניט פון פּאָליטיק, האָט ניט פערשטאַנען די גוטע כונות פוןביידע פיהרער. אמת, ביידע זענען געווען בעריהמט אין גאַנץ איירָאָפּאַ, זייער שריפטליכע און מונדליכע רעוואָלו־ציאָנערע אַרבייט האָט אויפגערודערט די אויטאָריטעטען פון

## די יוגענד געשיכטע פון אַנ׳אַרבייטערין.

דער גאַנצער וועלט, אָבער פֿאַר דער אַלטער אָרימער פֿרוי האָט די דאָזיגע טהעטיגקייט קיין שום בעדייטונג ניט געהאַט, זי האָט אפילו ניט געהערט קיינמאָל זייערע נעמען.

ווען מיר זיינען ווידער געבליעבען אַליין, האָט זי געזאָגט מיט פֿעראַכטונג: „עט! אַזוינע אַלטע האַסטו בעקומען״. אין איהרע אויגען האָט יעדער מאַן, וואָס איז צו אונז אַריינגעקומען, נאָר געהאַט אַ ווערט אַלס חתן פֿאַר מיר, און אַזוי ווי איהר טיעפסטער וואונש איז געווען מיך צו חתונה מאַכען, האָט זי אויף יעדען געקוקט פון דעם דאָזיגען שטאַנדפונקט. אונזערע צוויי געסט, וואָס איינער פון זיי איז געווען אַ זקן און דער אַנדערער וואָלט געקענט זיין מיין פאָטער, האָבען, קענטיג, ניט געפּאַסט אין איהרע אויגען פֿאַר חתנים. —

מיין מוטער האָט זיך ניט געענדערט, פֿערקעהרט, וואָס עלטער זי איז געוואָרען, האָט זי זיך אַלץ פֿיינדליכער צו מיר פֿערהאַלטען. סוף כל סוף האָב איך דאָס אויך גובר געווען. איך האָב זיך געטרייסט מיט דעם געדאַנק, אַז קיין פֿאָלקאָמען גליק איז אויף דער וועלט ניטאָ און דער סאָציאַליזם האָט מיר געגעבען אַזוי פיעל, אַז אין פֿערגלייך מיט דער טיעפער בעפֿריעדיגונג און פֿרייד זענען אַלע אַנדערע זאַכען נישטיג און קליין. דיענען מיט בעגייסטערונג אַ גרויסע אידעע — דאָס פֿערשאַפֿט אַזוי פיעל אינווענינגסטע פֿרייד און גיעט דעם לעבען אַזאַ הויכען ווערט, אַז מען קען זעהר פיעל איבערטראָגען, ניט פֿערליערענדיג דעם מוטה. דאָס האָב איך ביי מיר אַליין געזעהן. ווי פֿערענדערט עס האָט מיך דער סאָציאַליזם! און וואָס מעהר איך האָב איהם פֿערשטאַנען, וואָס מעהר בעוואוסטזיניג מיין סאָציאַליזם איז געוואָרען, האָב איך זיך אַלץ פֿרייער געפיהלט געגען אַלע פֿיינדליכע אָנפֿאַלען. מיין גלויבען אין סאָציאַליזם איז געוואָרען פֿעסט ווי אַ פֿעלז, און קיינמאָל בין איך ניט געקומען צום נסיון צו צווייפֿלען אין איהם אפילו איין רגע. אונערשיטערט

## די יוגענד געשיכטע פון אנ'ארבייטערין.

איז געבליעבען מיין האפנונג, אז די שעהנע ווערטער פון געארג הערוועג, וועלכע פערציהרען אזוי אפט די וועגד ביי ארבייטער יום־טובים, וועלען פערווירקליכט ווערען דורך די זיעגרייכע קראפט פון דעם פראלעטארישען פרייהייטס־קאמפף. דאס זענען די ווערטער:

„וואס ווילען מיר דען פון דער ווייטער צוקונפט?
אז ברויט און ארבייט זאל אונז פארטיג שטעהן;
אז אונז'רע קינדער זאלען געהן אין שול,
אז אונז'רע זקנים זאלען מעהר ניט בעטלען".

וואס ס'האט מיך געצוואונגען אנצושרייבען, ווי איך בין געווארען א סאציאליסטקע, — דאס איז דער וואונש צו אריינגעבען מוטה די פיעלע ארבייטערינס, וועלכע לעבצען מיט א פענקענדען הארץ נאך ארבייט, נאר זיי קענען זיך ניט ענטשלי־סען, ווייל זיי האבען מורא, אפשר וועלען זיי ניט האבען די פעהיגקייטען צו טהאן עפיס. ווער ס'האט ווירקליך דעם ווילען מיטצוהעלפען, אז הערוועג'ס ווערטער זאלען ווערען א ווירק־ליכקייט, דער דארף ניט מורא האבען פאר קיין שום שוויעריג־קייטען. דאס ציעל איז אזוי וואונדער־שעהן, עס לייכט און זאגט־צו אזוי פיעל, אז ס'איז גאר ניטא אזא שווערע זאך, וואס מען זאל אין זיך ניט געפינען די קראפט צו גובר זיין זי. ווען עס וועט מיר געראטען צו ווירקען אין דעם פרט מיט מיין בע־שיידענער ארבייט, דאן האב איך דערגרייכט מיין ציעל.

ע נ ד ע

# צווײ

# נײע ביכער

## אלס פּרעמיום

צו די

## „אידישע ארבּײטער וועלט“

**הערבּערט ספּענסער׳ס בּוך ערציהונג**

איבּערזעצט אין אידיש פון ד״ר. מעריסאָן.

פּרײז : $1.00.

**ליבּין׳ס נײע אויסגאבּע סקיצען**

א בּוך פון 500 זײטען. פּרײז: $1.00.

בּײדע בּיכער זײנען פײן געבּונדען און געדרוקט
אויף גוטע פּאפּיער.

פאר $1.35, גיעבּען מיר די צײטונג פאר א יאהר פרײ דורך
מעיל און אײנעם פון דיעזע ווערטהפאלע בּיכער.

געלט קענט איהר שיקען דורך א מאָני־אָרדער אָדער
דורך סטעמפּס.

אדרעסירט :

**JEWISH LABOR WORLD**

**739 12th STREET - - CHICAGO, ILL.**

יידישע קלאַסיקער. יאַנואַר 1900

# ראמאנען אלבום



8 אינטערעסאַנטע ראָמאַנען פון

## א. טאַננענבוים
## ד. מ. הערמאַלין
## נ. מ. שייקעוויטש
## דוב אריה פרידמאַן


**פּרייז, 15 סענט**


Published by

Jos. L. Werbelowsky,

37 Canal St., New York.

פערלאג פון

יוסף ליב ווערבעלאָווסקי,

37 קאנאל סט., נויארק.

# יאקום בעמבע

אדער

# דיא פערדישע אלמנה

אונד נאָך הומאָריסטישע ערצעהלונגען

— פון —

## ליטווישען פילאָזאָף

„דיא פערדישע אלמנה" איז קיין חיבור איבער אונשטערבליכקייט דער זעעלע פון אַ מילב — דערצעהלט דער פערפאַססער אין זיין וויטציגע הקדמה'לע — קיין פילאָזאָפישע אַבהאַנדלונג איבּ אַ פלוי קען אַראָפּ פון זינען, אונד אויך קיין פלפול וויא דער דין איז, ווען מען געפינט אַ געגזענעם לעבער'ל אין איין האַוואַנאַ סיגאַר, אויב דיא סיגאַר איז פאַרעריג אָדער ניט. עס איז איינפאַך אַ מעשה'לע פון אַ גלגול אין פאָדקאָוועס וואָס זאָל האָבען געטראָפען, אונד ציהט אונז ניט פאַר'ן אַרבעל.

---

דיא אלמנה מיט'ן פערד אונד מיט דער הקדמה בלויז **5** סענט.
מיט פאָרטאָ 7 סענט.

---

צו בעקומען ביי

יוסף ליב ווערבעלאָווסקי,

37 קאַנאַל סט., נויאָרק.

# די באללעט טענצערין.

## ערשטער טהייל.

---

### 1טעם קאפּיטעל.

### ע ק ס ט ר אַ !

„עקסטרא !" האבען דיא צייטונגס־פערקויפער געשריען אין אלע גאסען פון נויאָרק. אונטער דעם אויפשריפט „עקסטראַ", איז געווע: דער אויפשריפט: „א שרעקליכער זעלבסטמאָרד" און נאכדעם וואר פאָלגענדע בעשרייבונג:

„מאָרים בלום, א יונגער מאַן, 24 יאהר אלט, איינער פון דיא בעסטע און רייכסטע אידישע פאמיליען אויס נויאָרק, האט מען היינט פריה געפונען טוידט אונטער א בוים אין סענטראַל־פּארק. דער יונגער מאַן האט זיך פריהער מיט א מעס ר אויפגעשניטען דיא אָדער: פון דיא הענד און פיס, נאכדעם האט ער דאס זעלבע מעסער צוגעלעגט צו זיין יונגע ברוסט און מיט'ן געזיכט ארונטער האט ער זיך דארויף צוגעפרעסט, ביז עס האט דורכגעלעכערט זיין הארץ. ער האט צוריק געלאָזען אן אלטע מוטער, צוויי שוועסטער און א ברודער וואס בעדויערן זיין טוידט. עס בלייבט אויך איבער א גרויס דיאַמאַנטען און גאָלד געשעפט, וואס בעטרעפט איינינע הונדערט טויזענד דאָלער. זיינע שולדען אבער זיינען 5 מאל אזוי פיעל וויא דאס געשעפט האט דאס ווערטה. מאנכע בעהויפטען אז ער האט זיך דאס לעבען גענומען, וויל ער האט געזעהן, אז זיין געשעפט געהט שלעכט. אנדערע בעהויפטען ווידער אנדערש, מאָרים האט מיט זעקס מאָנאט צוריק, זיין געשעפט אין דער גרעסטער אָרדנונג געפיהרט און מען איז זיכער, דאס וועהרענד

דיעזער קורצער צייט, האט ער פערשוואונדעט א גרויסע סומע געלד. ניעמאנד האט לעת־עתה ניט דעם מינדעסטען בעגריף אויף וואס דאס איז אוועקגעגאנגען. מען איז אבער וויעדער זיכער, דאס דער אונגליקליכער האט דענאך קיין זעלבסטמארד בעדארפט בעגעהן, ווייל זיין מוטער, זיינע שוועסטער און זיין ברודער איבערהויפט, זיינען אונגעהייער רייך, און זאגאר 3 מיליאן דאלער, וואלטען זיי זיך אויך ניט געוועזן ענטזאגט איהם צו געבען, ווען ער זאל נאר געוועזן פאדערן, אבער זיי האבען קיין ווארט פון איהם געהערט. דיא אורזאכע פון דיעזען זעלבסטמארד, בלייבט פארלויפיג, וויא פיעלע בעהויפטען א געהיימניס".

דיעזעס געהיימניס, וואלען מיר אבער פאר אונזערע לעזער ענטדעקען און זיי ערקלערען וואס דער אונגליקליכער יונגער מאן האט זיך דאס לעבען גענומען:

ראזא קליין, איז געוועזן א אידישע טאכטער אבער א געבארענע אמעריקאנערין. זיא האט איהר מוטער נאך אלס קינד פערלארען און איהר פאטער, וועלכער איז געוועזן א געשעפטס־רייזענדער, האט וועניג צייט געהאט זיך אפצוגעבען מיט איהר ערציהונג. איהרע א טאנטע, אן אלמנה, אהן קינדער, האט זיא צו זיך גענומען, ווען זיא איז אלט געוועזן 10 יאהר און האט זיא נאך דער שולע געשיקט, וואו ראזא האט אין דער ערשטער צייט גאנץ גוט געלערנט. ראזא וואר אבער א מערקווירדיגעס קינד: זיא האט געוואלט צו זיין איינע דער גרעסטען שעהנהייטען. ווען זיא איז אלט געווארען 14 יאהר, האט זיא פערלאזען דיא שולע און איהר פאטער האט זיא געלאזט שטודירען מוזיק, וועלכעס זיא האט זעהר ליעב געהאט. דאס מעדכען האט גרויסע פארשריטע געמאכט און האט אויך מיטלערווייל בעזוכט א טאנץ־אקאדעמיע.

מיט איהרע יאהרען, האט זיך אויך אנגעפאנגען צו ענטוויקלען איהר שענהייט. ווען זיא איז אלט געווארען [illegible] יאהר. איז זיא שוין געוועזן א היבשע, ענטוויקעלטע און רייפע פריילין. [illegible] האבען זיך

ענטוויקעלט גראדע וויא צוויי רונדע שעהנע ראָזען, איהרע צייהן זיינען געוועזן וויא צוויי רונדע שורות פערל און אין איהרע שווארצע אויגען איז עפּעס געלעגען אזא מין צויבער, וואס האט געקענט אויפקאָכען דאָס בלוט, יאָגאר פון דעם קעלטעסטען מאַן. ארום איהרע ברייטע שולטערן, איז אריבערגעהאנגען א וואלד געדיכטעס בלאנדעס האר. איהר טאליע איז געוועזן עפּעס אזוי עדעל, אזוי פיין, דאס זאָגאר פרויען, וואס האבען זיא געזעהן, האבען זיך אין איהר פערליעבט. אויף איהרע שעהנע, פרישע רויטע ליפּעלאך, איז אימער געלעגען א זיסער שמייכעלע, וואס איז געוועזן מעהר וויא כישוף, מעהר וויא אלע אנציהונגס־קרעפטע אין דער וועלט.

ראָזא האט געקריגען צעהנדליגע פערעהרער, וואס האבען זיך צו איהרע פיס געלעגט און האבען זיא געוואָלט גליקליך מאכען, אבער זיא האט קיינעם קיין מוטה געגעבען זיא צו ליעבען. אויסער איהר טאנץ מייסטער, א יונגער און שעהנער מאן פון א יאהר 22, דער האט ביי איהר נושא־חן געווען און וייל זיא האט גאנץ גוט געוואוסט, אז איהר פאטער וועט צו דיזער פארטיע ניט איינשטימען, איז זיא אין א שעהנעם פריה־מארגען אנטלאפען פון נויארק מיט איהר געליעבטען וואוהין קיינער האט ניט געוואוסט. ווען איהר טאנטע האט דערפון ערפאהרען, האט זיא נעביך גרויסע ערגערניסע געהאט, און האט גאר ניט געוואוסט וואס זיא וועט קענען דעם אונגליקליכען פאטער זאגען, ווען ער וועט צוריק קומען פון זיין רייזע און פרעגען אויף זיין קינד. דיא ארמע פרוי האט זיך אבער דיעזע מיה איינגעשפּארט, דען דעם דריטען טאג, וואו ראָזא איז אוועק, האט זיא געלעזען אין א צייטונג איבער א באהן־אונגליק, וואס איז געשעהן צווישען סט.־לואיס און נויארק, וואו פיעל מענשען האבען זייער לעבען פערלאָרען, און אונטער וועלכע, אויך איהר אונגליקליכער שוואגער האט זיך געצעהלט.

2טעס קאַפּיטעל.

## אַלס באַללעט־טענצערין.

העגרי סלייטה, דער טאַנץ־מייסטער, האט געליעבט דיא שעהנע ראַזא מיט'ן גאַנצען פייער דער ליעבע. ווען ער איז אין דער ערשטער צייט מיט איהר געקומען נאך באָסטאָן, האט ער אנגעווענדעט אלע זיינע מעגליכקייטען א בעשעפטיגונג צו זוכען, אבער עס וואר איהם אונמעגליך. דער ארמער יונגער מאַן, וואָלט זאגאר געוועזען שטיינער געטראַגען, אבי דאס שעהנע מעדכען צו ערנעהרען, אבער דער שיקזאל האט איהם פערפאָלגט אויף שריט און טריט. נאך א קורצע צייט, האבען זיך דיא פּאר דאָלער וואס ער האט געהאט, אויסגעלאזען, און ראָזא אליין האט איהם געמאכט אן אנטראַג, נאכדעם זיא האט געלעזען אין א צייטונג אן אנאָנסע דאס א דירעקטאָר בעשעפטיגט מעדכען צו א באַלעט, איז זיא פערטיג זיא זאל א הין געהן און דיא שטעלונג אננעהמען. הענרי האט גאנץ גוט געוואוסט, אז אזא פלאַץ איז געפעהרליך פאר אזא שעהנעם פרויענצימער, נאָר דער מאנגעל און נויט, האבען איהם דאצו געצוואונגען, ער זאל איינשטימען.

אויפ'ן צווייטען טאג האט ער זיא אליין פאַרן דירעקטאָר פאָרגעשטעלט און דיעזער, אהנע ער זאל זיא פּראבירען אויב זיא קען טאַנצען אדער ניט, האט זיא באַלד אנגאזשירט, בלויז קוקענדיג אויף איהר שעהנעם געזיכט און איהר פּראַכטפאָלע פיגור.

מיט איינינע טעג שפּעטער איז ראזא ערשיענען אויף דער ביהנע. דער דירעקטאָר האט איהר געגעבען נאָר א פּרעמדע ראָלע, ער האט זיא געמאכט אלס א מלאך־טע, וואס לאזט זיך ארונטער פון דיא וואָלקען, און ארום איהר ערשיינען פיעלע ענ:על און בעגלייטען אין א כאָר איהרע אלע בעוועגונגען. וויא דאס פּובליקום האט דיעזער שעהנהייט נאר ערבליקט, איז געפאלען אן אַפּלאָדיסמענט, אז דאס גאנצע טהעאטער האט

געהילכט ביינאהע 10 מינוטען. ראָזא האט פערשטאנען צוליעב וואָס מען אפלאָדירט זיא און אָבוואָהל זיא האט קיין גרויסע ראָלע געשפּיעלט אויף דער ביהנע, האט זיא דאך דאס פּובליקום עטליכע מאל ארויסגע־רופען, און יעדער וואר צופריעדען, ווענינגסטענס איהר געזיכט נאך א מאָל צו זעהן.

נאכ'ן שפּיעלען, האט ראָזא בעקומען פיעלע אנבעטער און יעדער איינציגער האט געזוכט דאס פערגניגען און דיא עהרע צו האבען, פון איהר מויל א וואָרט צו הערן.

אויפ'ן אנדערן מאָרגען, האט ראָזא בעקומען א גרויסען בוקעט בלומען, א שעהנעם בריליאנטענעם רינג און איינינע פלעשלאך פּארפּומע. דער מאן וואס האט דאס אלעס געבראכט, האט איהר איבערגעגעבען א פערמאכטען בריעף. העגרי וואר גראדע דאמאלס ניט אין צימער. אזוי האט ראָזא גאנץ אונגעשטערט, געקענט דעם בריעף עפענען און איהם לעזען. וויא זיא האט אויפגעריסען דעם קאָנווערט איז ארויסגע־פאלען דאס בילד פון א רייך־געקליידעטען און שעהנעם יונגען מאן. דער בריעף וואס האט זיך אויך געפונען אין קאָנווערט האט געלויטעט:

„ליעבע פריילין:

„איך האב געהאט דיא עהרע אייך געסטערן אבענדס דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען צו זעהן. איהר האט מיר געוויס ניט בעמערקט צווישען דעם גרויסען פּובליקום; איך האב אבער מיינע אויגען ניט ארונטערגענומען פון אייך. איך זאג אייך, אונזשענירט, אז איהר האט מיך בעצויבערט. אייער הימלישע פיגור, אייער געטליכעס גע־שטאלט האט מיין יינגע ברוסט מיט אלע מיינע נערווען אויפגעקאָכט. דיא צויבערקראפט פון אייערע שעהנע אויגען האבען מיך דורכגעלע־בערט. ניט קענענדיג אייך ביז היינט, זאג איך אייך, אז איך ליעב אייך, וויא קיין מאן האט אין זיין לעבען נאך ניט אזוי שטארק געליעבט אירגענד א פרוי. איך בין רייך, איך בין יונג, פון א שעהנער

פאַמיליע; קומט צו מיר, ליעבעס ענגעל, איהר וועט גליקליך זיין, זאָ לאַנג איהר וועט לעבען. אייער פּלאַץ איז ניט אויף דער ביהנע. אייער פּלאַץ איז צווישען מאַנגאַטען; דאָרט וואו עס איז דא גענוג מיטלען, אייך גליקליך צו מאַכען, דארט וואו יעדער שריט אייערער זאָל געשעצט און פערגעטערט ווערן.

„ענטשולדיגט מיר, וואס איך בין אזוי פריי און אָפּען. איך זאג אייך, דאס איך שרייב אייך דא ניט מעהר, נאָר וואס מיין הארץ פיהלט. מיין פערמעגען איז אימשטאנד צו ערפילען מיינע פערשפּרעכען. ווען איהר ווילט מיר גליקליך מאַכען, ווענינגסטענס אויף איינינע סעקונדען אין מיין לעבען, וועלכע איך וועל קיין מאל ניט פערגעססען, זא בעגעגענט מיך היינט נאכמיטטאג, פונקט אום צוויי אוהר געגענאיבער דאס טהעאטער.

„ענטפערט מיר, וואס איהר דענקט, דורך דעם איבערברייננער פון דיעזע ציילען. — אייער אַנבעטער און פערעהרער,

לואיס גאָלד".

ווען ראזא איז פערטיג געווארען מיט'ן בריעף, האט זיא זיך געווענדעט צו דעם מאַן, וואס האט געווארט אויף אַן ענטפער און מיט דיא ווערטער: — איך וועל איהם ערווארטען — האט זיא זיך פון איהם אבגעווענדעט.

נאך אין דעמזעלבען אבענד, איז ראזא פערשוואונדען. דער ארמער הענרי האט אנגעווענדעט אלע מעגליכקייטען, אירגענד וואס צו ערפאַהרען, וואס עס איז מיט זיין געליעבטער געשעהן; אבער אלעס איז געוועזען אומזיסט. ראָזא איז פון איהם אויף אייביג פערלארען געגאנגען.

אוים מיטלייד האט איהם דער דירעקטאר געגעבען איינינע דאָלער ער זאל צוריק פאהרען נאך נויאָרק. אבער דער אונגליקליכער האט אַן זיין פאלשער ראָזא ניט געקענט פערגעסען. פון טאג צו טאג, איז ער מעלאַנכאָלישער געוואָרען, ביז ער איז ענדליך אראָפּ פון זינען. זיינע

קריובים זיינען געצוואונגען געווען איהם ארייבצונעבען אין אן אירדענאַנ־שטאַלט.

3טעס קאפיטעל.

## מיסעס גאָלד אַלס פּאָליטיקער.

לואיס גאָלד איז געווען איינער פון דיא בעוואוסטע פּאָליטישע פיהרער פון א געוויסע פּאַרטיי אין וואשינגטאָן. ער האט געערבט מיט איינינע יאהר צוריק פון זיינעם אן אנקעל אין ענגלאנד אן אונגעהייערעס פערמעגען. זיין געלד, וויא אויך זיינע פּאליטישע קענטניס און זיינע פעהינקייטען האבען איהם געשטעלט אויף איינער דער העכסטען שטופען אין געזעלשאפטליכען לעבען.

זאלאנג ער וואר נאך אונפערהייראטהעט, האבען כמעט אלע דאמען פון דער אריסטאקראטישע געזעלשאפט געזוכט זיין פריינדשאפט, מיט דער אבזיכט, עס קען פון פריינדשאפט זיך פערוואנדלען אין ליעבע. דען ער האט מיט זיין מאיעסטעטישען געשטאלט און זיין פיינעם בענעהמען זעהר גוט געווירקט אויף דיא אלע דאמען. אבער זייט ער האט געהייראטהעט, האט ער נאך מעהר פריינדע בעקומען. דאמען און הערען האבען זיך גליקליך געשעצט, דיא געלעגענהייט צו האבען, מיט זיין פרוי צו פערקעהרען.

צוויי גליקליכע יאהרען זיינען פערפלאסען, זייט לואיס'ן איז געלונגען אזא שעהנהייט, אזא ענגעל אלס זיין פרוי צו האבען. מיסעס גאלד האט דיא גרעסטע בעקאנטשאפט געהאט. פאר איהר איז געווען אָפען אלע טהירען פון דיא גרעסטע אריסטאקראטישע הייזער. זאגאר ביים פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען איז זיא אימער געווען א ווילקאָמענער גאסט.

ווען לואיס האט א מאל געהאט א פּאליטישען צוועק אויסצופיהרען, האט דאס נאר זיין פרוי בעדארפט וויסען און זיא האט זיך שוין

בענענענט, אהנע ער זאל דערפון וויסען, מיט זיינע פאליטישע געגנער, און איין שמייכעל איהרער, איז שוין גענוג געווען זיי זאלען טהאן וואס זיא האט פערלאַנגט.

עס איז געווען אין דער צייט, וואס דער קאנג־עס האט זיך פער־זאמעלט אין וואשינגטאן. פיעלע קאנגרעס־מיטגליעדער האבען בעזוכט דעם רייכען לואיס גאלד. קיינער האט זיך ניט געקענט גענוג אפלויבען און ריהמען דיא גרויסע שענהייט פון מיסעס גאלד. ראזא איז געווען ווירקליך א זעלטענע שענהייט, איבערהויפט זייט זיא איז אריינגעקומען אין אזא גרויסען לוקסוס, דאס קיין פערגניגען אין דער וועלט האט איהר ניט געפעהלט, האט זיא מיט איהר שענהייט געקענט פערשעמען, זאָגאר דיא גריכישע געטין דער שע:הייט.

דיעזע פייערדיגע אויגען, וואס האבען ניט אויפגעהערט צו פינקלען וויא דיא בריליאַנטען; דיעזע פורפור־רויטע ליפען, וואס האבען אויסגע־זעהן אימער דורסטיג צו זיין נאך א קוס, האבען ניט פערפעהלט א געוואלטיגען איינדרוק צו מאכען אויף איינעם א געוויסען יונגען קאָנגרעס מען מיט דעם נאמען וואלטער בריד:זש, וואס האט צו יענער צייט בע־זוכט וואַשינגטאָן און וואר א בעשטענדיגער גאסט פון לואיס גאָלד.

דיא גוטע ערציהונג און דיא זעלבסט־אכטונג פון דיעזען עהרענמאן, האבען איהם אבער ניט ערלויבט זיינע געפיהלע ארויסצוצייגען. ער האט געליעבט, זיין הארץ האט געבלוטעט, זיין גאנצער קערפער פלעגט ציטערן וויא פון פיבער, ווען ער האט איהר געזעהן אין זיין געגענוואַרט. ער האט זיך ניט ערלויבט זיינע געדאנקען צו פערטרויען פאר קיין לעבעדיגען מענש אין דער וועלט. ער האט שוין אפילו זיך איינינע מאל ענטשלאסען וועהרענד זיין אויפענטהאלט אין וואשינגטאן, דאס הויז וואו מיסעס גאלד וואר ניט מעהר צו בעזוכען; אבער עס וואר איהם אונמעגליך דאס אויסצוהאלטען. ער איז א הין געלאָפען וויא א פערגיפטעטער.

איין מאל האט ער אויסגעפעהלט אין לואיס גאָלדס הויז גאַנצע

פיער טעג און ווען ער איז א הין ווידער געקומען, וואר עס נאך זאָנענ־אונטערגאַנג. מיסעס גאָלד איז אליין געווען אין איהר צימער. איהר מאן איז ניט געווען צו הויז. ווען דער דיענער האט איהר געבראכט דיא קארטע פון דעם יונגען קאָנגרעסמען, וואלטער ברידזש, האט זיא געהייסען ער זאל אריינקומען אין איהר צימער.

זיא איז געלעגען אויף א סאָפאַ בעדעקט מיט גרינעם סאמעט. איהר שלאַנקע טאליע און איהר גראציעזער קערפער ווארען איינגעהילט אין א בלויען זיידענעם ראָפּער, אימפּאָרטירט פון כינא. דיא האר זיינען אריבערגעפאלען איבער איהר מארמאר־ווייסען האלז און דער לייכטער ווינטעלע, וואס האט געבלאזען דורך דאס אָפענע פענסטער, האט זיי געטריעבען, גלייך וויא זיי וואָלטען געווען דיא שטילע וועלען פון א קליי־נעם טייכעל, וואס לויפט אין שאטען פון א גרינעם וואלד. זיא איז גע־בליעבען ליעגען אין דיעזער פּאָזע און, ווען זיא האט געהערט דיא קארידאָר־טהיר זיך עפענען, האט זיך איהר ברוסט אנגעהויבען צו הייבען, גראדע וויא דיא שטירמישע וועלען אויפ׳ן מעער, ווען א שרעקליכער שטורעם קאָכט אויף דעם תהום.

— ער געהט. — האט זיא געמורמעלט, ווען זיא האט געהערט עפענען דיא טהיר.

דיא שיין פון דער עלעקטרישער לאמפע, וואס האט געברענט אין מיטען צימער, האט זיך אפגעשפיגעלט אויף איהרע פרישע, ראָזע באַקען און ווען וואלטער האט זיא נאָר ערבליקט, איז ער געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. ער האט ניט געוואוסט צו זאל ער וייטער געהן אדער ער זאל זיך אומקעהרן.... עס האט זיך איהם פאָרגעשטעלט, ער זעהט דאס אלעס אין א טרוים. אזא הימעל־ערשיינענדע פיגור אין פאַלען פראכט האט ער זיך וואכענד ניט געקענט פאָרשטעלען צו זעהן. זיא איז נאך אזוי שיין ניט געווען קיין מאל. ער האט זיא נאך אזוי הערליך ניט געזעהן.

— קומט נעהענטער, הערר וואלטער, — האט זיא זיך ענדליך אנ־גערופען, אום צו אונטערברעכען דאס שטילשווייגען. אבער איהר שטימע האט אויך געציטערט....

— איהר זייט עפּעס היינט זאנדערבארער, וויא אימער, — האט זיא ווייטער געזאגט, זיך אויפהייבענדיג און האט איהם געוויזען ער זאָל זיך זעצען אויף א סאָפא ניט ווייט פון איהר.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, — האט וואלטער מיט מיה גע־ענטפערט, ווען ער האט זיך געזעצט — איך וויים ניט, מיר דאכט זיך, אז איך פיהל עפּעס.... ניט גוט....

— פיעללייכט דערפאר, וואס איהר זעהט מיך יעצט, נאכדעם וויא איהר האט שוין איינינע טעג אויסגעפעהלט אין מיין הויז — האט זיא איהם געענטפערט מיט א שמייכעל.

— אָה, מיסעס, בעליידיגט מיך ניט,—האט ער געריהרט געזאגט— אין געגענטהייל, אין אייער געגענווארט....

מעהר האט ער אבער ניט געקענט רעדען.

4טעס קאפּיטעל.

## ליעבע און עהרע.

— אָ, איהר מענער! אזוי איז שוין אייער נאטור, — האט ראָזא געזאגט צו וואלטערן — מען דארף אייך נאך ערמונטערן....

וואלטער האט איהר נאר ניט געענטפערט. ער האט נור איהר האנד געהאלטען לעבען זיינע ברענענדע ליפּען און זיין הויך איז געווען וויא פייער.

— אָה, זיסעס, ליעבעס קינד, — האט ער זיך ענדליך אנגערופען, דיא אומארמענדיג — געבען דיין זייט, איז קיין אונגליק, קיין ארמוטה, קיין נויטה צו שווער צו ערטראגען. זאג מיר נאך איין מאל, געליעבטע,

זאָג מיר אז דוא ליעבסט מיך און איך וועל שטארבען. איך וועל אוועקגעבען מיין לעבען, פאר דיין קלענסטען וואונש.

— טא־טא־טא! — האט זיא מיט א בייזער אויסגערופען — איך ליעב ניט אזעלכע ווערטער, איך ליעב ניט קיין מאן וואס ער זאָל מיט מיר אין אזא שפּראכע רעדען. אלע זיינען אזוי. איך בין שוין זאט פון שמייכלעריי. איך ליעב א מאן, וואס איך אליין זאָל וויסען, אז איך קען אָהן איהם ניט לעבען. ער זאָל מיך בעהערשען, ער זאל מיר בעפעהלען.... ניין, וואלטער, איך ליעב דיך, אבער איך וויל מעהר אזעלכע ווערטער, וויא מיין נארישער לואיס און נאך אנדערע דומקעפּ זאגען מיר, ניט הערען. איך האב דיך געליעבט פון דער ערשטער מינוט, וואס איך האב דיר ערבליקט. איך האב ניט געוואוסט, אז דוא ליעבסט מיך; אבער איך האב אַבזיכטליך געווארט, אום צו זעהן, ביז וויא לאנג דוא וועסט קענען אויסהאלטען. דוא ביסט דער ערשטער מאן פון אלע מיינע אנבעטער, וואס האט מיך בעזיעגט. — אבער וואלטער פערליער זיך ניט....

וואלטער ברידזש, האט זיך נאך דיעזע ווערטער, אביסעלע פון זיין ליעבעס־בעטרונקענהייט, ערוואכט. ער האט זאָפאָרט געזעהן מיט וועמען ער האט צו האנדלען; ער האט תיכף פערשטאנען, אז דיא אונשולדיגע און ענגעל־שעהנע מיסעס גאָלד, האט איהם ניט דעם ערשטען געליעבטען און דאס נאך אנדערע האבען שוין ביי איהר פון דעם בעכער דער ליעבע געטרונקען. אבער איהר שענהייט, איהרע אויגען, האבען גלייך אלע דיעזע געדאנקען פון איהם פערטריעבען און ער האט זיך וויעדער פערלארען אין זיינע זיסע ליעבעס־פאנטאזיען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לואיס גאָלד, האט ניט דעם מינדעסטען פערדאכט אויף זיין יונגער שעהנער פרוי געהאט. ער האט זיא אימער געטראפען ליעבענסווירדיג, דאנקבאר און גוט צו איהם. דער בעטראָגענער מאן, האט זיא געליעבט

נאָך מעהר וויא זיין איינענעם לעבען; זיא איז ביי איהם טהייערער געוועזען וויא אַלעס אין דער וועלט. דיא הייראַטה, דיא נעהנטערע בעקאַנטשאַפט מיט איהר, האט ניט דאס מינדעסטע אונטערבראָכען זיין הייסע ליעבע. אין גענענטהייל, ער האט זיא פון טאג צו טאג, נאָך מעהר און מעהר ליעב בעקומען.

עס וואר שוין נאָכ׳ן קאָנגרעס, ווען מיסעס גאָלד, האט איהר מאַן, אום ערלויבניס געבעטען, ער זאָל איהר ערלויבען א רייזע צו מאַכען נאָך גרענוויל, סויט-דאַקאָטאַ. זיא האט איהם ערקלעהרט, דאס זיא האט דאָרט ארימע פערוואַנדטע און זיא וויל זיך מיט זיי זעהן. לויט האט דאס איהר באַלד ערלויבט. ער האט איהר מיטגעגעבען גענוג געלד, זיא זאָל קענען פיין ערשיינען פאר איהרע פריינד און זיי שטיצען וויא פיעל זיא וועט וועלען.

ווען זיא האט שוין אבגערייזט, האט לויט באַלד חרטה געהאַט, וואס ער האט איהר געלאַזען אליין פאָהרען. דער בעטראָגענער מאַן האט ניט געקענט א מינוט זיין אָהן זיין „ענגעל". עס האט איהם פערדראָסען, וואס ער איז אויך ניט מיטגעפאָהרען.

אויפ׳ן צווייטען טאג נאָך איהר אפרייזע, האט דער בריעף-טרעגער אריינגעבראַכט אין לויט׳ס גאָלד׳ס אָפּיס פיעל בריעף. לויט האט גענו־מען דורכקוקען דיא בריעף און האט צווישען זיי געפונען אויך א בריעף אדרעסירט צו מיסעס ראָזא גאָלד. לויט האט ניעמאַלס געעפענט זיין פרוי׳ס בריעף און אזוי האט ער אויך געוואָלט אוועקלייגען דעם בריעף. ער האט אבער דערזעהן אז דער פּאָסט-שטעמפּעל איז פון סויט-דאַקאָטאַ. דאס האט איהם שוין אביסעל פעראינטערעסירט. ווארום מעגליך שרייבען צו איהר עפּעס איהרע פערוואַנדטע און פאָדערן אַזא זאַך וואס מוז באַלד געשעהן. ער האט דעם בריעף אויפגעריסען; אבער דער בריעף איז איהם באַלד פון האַנד ארויסגעפאַלען און ער האט זיך א וואָרף גע־טהאָן אויף א טאַפּצאַ.

דער בריעף האט ענטהאלטען פאָלגענדעס:

„געליעבטע: — איך האב דיין בריעף ערהאלטען א ביסעל צו שפעט, אבער איך וועל דיך פינקטליך ערווארטען צו דער בעשטימטע שטונדע. דיין ערגעבענסטער וואס קוסט דיא בוכשטאבען, וואס דיין שעהנע האנד האט געשריעבען,
וואַלטער ברידזש".

ווען א קוגעל וואָלט דורכגעבויערט דאס ארמע הערץ פון דעם אונגליקליכען נאַלד, וואָלט ער אין אזא קורצע ווייַלע ניט אזוי בלאַס געוואָרען, וויא פון דיא עטליכע שורות. א היבשע ווייַלע האט געדויערט ביז ער איז צו זיך צוריקגעקומען. דאַן אבער, באַלד וויא ער האט זיך עפּעס ערהאַלט פון דער ערשטער איבערראַשונג, האט ער געהייסען זיינע דיענער זיי זאָלען באלד צונויפפּאקען זיינע זאכען און מאכען פערטיג זיין קערעדזש, דען ער מוז פארייזען נאך מיט'ן צוג וואס געהט אב 11 אוהר פארמיטטאג.

5טעם קאפּיטעל.

## דער דועל.

וואלטער ברידזש האט געוואוינט אין גרענוויל, סויטה־דאקאטא. איידער ער האט פערלאזען וואשינגטאָן האט איהם ראָזא אליין פאָרגעשלאָגען אז זיא וויל איהם בעזוכען ביי איהם אין זיין שטאדט. דאָרט וועט זיא קענען מיט איהם אונגעשטערט געניסען דעם פאַלען גליק דער ליעבע. ער האט זיא געראטהען, זיא זאָל ניט איבעראיילט זיין און אפּלייגען דיא רייזע אויף א פאָרהער גוט אויסגערעכענטע צייט. נאך זיין מיינונג, איז גלייך זיא זאָל אפּווארטען נאך א פּאר מאָנאטען, אום איהר מאַן זאָל קיין פערדאכט האבען. זיא האט אבער גלייך נאך זיין אברייזען איהם געשריעבען, אז זיא מוז אונבעדינגט, באלד צו איהם פאהרען. זיא קען א שטונדע אָהן איהם ניט לעבען. זיא וועט דאָס ניט אויסהאלטען אזא לאנגע צייט צו זיין ווייט פון איהר ליעבען וואלטער. איהר בריעף האט זיך עפּעס פערשפּעטיגט, און אָבוואָהל זיא האט איהם אליין גע־

שריעבען, אז זיא וועט אבווארטען זיין אנטוואָרט, האט זיא דאָך ניט געוואָרט. זיא האט געוואוסט אז איהר לואיס וועט ניט וואגען צו עפענען א בריעף וואס איז אַדרעסירט צו איהר. זיא האט געוואוסט זיין טרייהייט צו איהר און זיין עדעלען כאראקטער. עס איז איהר גאר ניט איינגעפאלען, אז לואיס זאָל גאר עפענען איהרען א בריעף.

ווען לואיס איז אנגעקומען אין גרענוויל איז ער גלייך אוועק צו זיין פריינד ברידזש. ער האט איהם אבער צו הויז ניט געטראָפען. ער האט בענוצט דיא געלעגענהייט און האט אונטערדעסען אויסגעפרעגט דיא דיענער, אויב עס איז אנגעקומען א דאַמע אלס גאסט צו זייער הערין, א טאג אדער צוויי בעפאָר. קיינער פון דיא דיענער האט פון אזא דאַמע, וויא לואיס גאָלד האט פאר זיי אבגעמעלט, ניט געוואוסט. לואיס האט באַלד פערשטאַנען, אז זיא איז געווים פערפאָהרען אין א האָטעל און דאָרט בעזיכט זיא איהר געליעבטער. זיי היטען זיך מען זאָל זיי ניט בעמערקען און מען זאל אויף זיי קיין פערדאכט האבען. לואיס האט מיט נערוועזער שפאנונג געוואָרט מעהר אלס צוויי שטונדען, ביז ענדליך וואלטער איז געקומען. וויא דער יונגער מאַן האט דערזעהן דעם מאַן, וואס ער האט בעטראגען, דעם פריינד וואָס האָט איהם מיט עהרע און אכטונג אין זיין הויז אויפגענומען, איז ער געבליעבען שטעהן אהנע דאָס ער זאָל קענען א וואָרט אויסרעדען. לואיס האט ארויסגענומען דעם בריעף און מיט דיא ווערטער:

— איז דאָס דיין האנדשריפט? האָסט דוא דעם בריעף געשריעבען? איז מיין פרוי צוליעב דיר מיר אונטריי געוואָרען און צו דיר א הער געפאָהרען? — האט ער דעם בריעף אויפ'ן טיש א וואָרף געטהאן.

וואלטער האט נאר איין בליק אויפ'ן בריעף געגעבען און האט געענטפערט מיט אראפגעלאזענע אויגען א שוואכען:

— יאָ.

— איך גלויב שוין ניט, אז עס ניט נאך אזא ניעדעריגער מענש וויא דוא ביסט, — האט דער אונגליקליכער מיט א וועהמיטהינער שטימע געזאגט — און עס דארף מיר דיא גרעסטע שאנדע זיין מיט דיר נאך צו פערקעהרען, אבער דאס געפיהל דער עהרע, צווינגט מיך איך זאָל אזא שורקע וויא דוא, אויפפאָדערן אויף א צווייקאמפף, צו ענטשיידען צווישען אונז ביידע. זיי פערטיג אויף מארגען פריה, אונטערן וועלדיל, צוויי מיילען וויים פון דיעזער שטאדט. — האָסט דוא מיך פערשטאנען?

— פאָלקאָמען! האט וואלטער ציטערנדיג געענטפערט — איך וועל זיין אויפ'ן בעשטימטען פּלאַץ און צו דער בעשטימטער צייט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען דיא זון האט נאָר ארונטערגעוואָרפען איהרע ערשטע גאָלדענע שטראהלען אויף דער ערד, האבען זיך שוין ביידע טוידט־שונאים געפונען אויפ'ן בעשטימטען פּלאַץ, צוזאמען מיט פיעלע זייערע פריינדע און א דאָקטאָר. דיא וואפען ווארען רעוואָלווערס. דיא ביידע געגנער האבען זיך פריהער געדייכט דיא הענד, אבער וואלטער האט געציטערט פון קאָפּ ביז דיא פיס. עס איז פיעללייכט מעגליך אז וואלטער איז קיין פייג־לינג געוועזען, אבער דאס געפיהל, אז ער האט זיין בעסטען פריינד בע־טראָגען, האט איהם גענצליך ענטקרעפטעט.

ביידע זיינען געשטאנען איינער געגען צווייטען, און האבען געוואַרט אויפ'ן סיגנאל (צייכען).

— איינס! צוויי! —און ווען „דריי!" איז געזאגט געוואָרען, האבען ביידע רעוואָלווערס געקראכט. לואיס איז געבליעבען אויפ'ן פּלאַץ אונ־בעריהרט; אבער וואלטער איז גלייך אומגעפאלען מיט דער רעכטער האנד אויף זיין ברוסט. דיא קוגעל פון זיין געגנער האט איהם זיין הארץ דורכגעלעכערט. דער דאָקטאָר איז באלד צוגעלאָפען, איהם דעם ראָק אויפגעמאַכט און האט ערקלעהרט, אז ער איז טוידטליך פערוואונדעט.

— פערצייהע מיר, פריינד! — האט דער טוס'דיגער געשטאַ־

מעלט — פערצייהע מיר ביי מיין לעצטער שטונדע — און דיא טרערין האבען אנגעהויבען צו לויפען פון זיינע אויגען.

לואים האט איהם דיא האנד געגעבען, האט זיך צו איהם צוגע־בויגען און האט איהם א קוש געגעבען....

— איך פערצייהע דיר, אונגליקליכער, —האט ער געריהרט געזאגט און האט אויך אנגעהויבען צו וויינען.

אין דיא נעכסטע 10 מינוטען, איז וואלטער געווען טוידט.

לואים האט זיך נאך אין דעמזעלבען טאָג דער פּאָליציי איבערגע־געבען, און ווען זיין פּראָצעס איז פּאָרגעקומען, האט דער אונגליקליכער געמוזט פאָרן געריכט ערצעהלען דיא גאנצע אורזאכע, ווארום דער דועל האט שטאטגעפונדען. דאס געריכט האט איהם א לייכטע שטראָפע גע־געבען. ער איז אבגעקומען מיט זעקס מאנאט געפענגניס.

6טעס קאַפּיטעל.

## שפּעטער מיט דריי יאָהר.

ראָזא נאָלד, ווען זיא האט געהערט וואס עס איז געשעהן, איז זיא פערשוואונדען געוואָרען פון גרענוויל. ניעמאנד האט געוואוסט א גאַנץ לאנגע צייט וואו זיא איז א הין געקומען.

שפּעטער מיט אן ערך פון דריי יאהר, איז זיא פּלוצלונג נאך א מאל ערשיענען אין נויארק און האט אנגעפאנגען דיא גרעסטע ראָלע צו שפּיעלען צווישען דער אריסטאקראטיע, אונטער דעם נאמען פון „מיסעס ליליענבארג“, א וויטווע פון א רייכען אידען, וועלכער איז מיט צוויי יאהר צוריק געשטאָרבען אין ענגלאַנד.

זיא האט געוואוינט אין „פיפטה עוועניו האטעל“ און האט געלעבט אין גרעסטען לוקסוס.

ווען מאָרים בלום האט זיא בעגעגענט דאס ערשטע מאל אויף א באַל איז ער באַלד אין איהר פערליעבט געווארען. מיסעס ליליענבארג

איז יעצט נאך פיעל שעהנער געווארען, וויא א מאָל. זיא איז ברייטער און עטוואס דיקער געוואָרען און דאס האט איהר צוגעגעבען מעהר פּראַכט צו איהר געטליכע שעהנהייט. מיסעס ליליענבארג האט אנפאנגס דעם יונגען מאַן א קליינע אויפמערקזאמקייט געשענקט, אבער וויא זיא האט געהערט פון זיין רייכטהום און דאס ער איז דער איינענטהימער פון א גרויסען דיאמאנטען־געשעפט, איז זיא מיט איהם זעהר בעפריינדעט געווארען און האט זיך צו איהם שטאַרק צוגעלאזען.

דער יונגער מאַן האט זיך אין איהר פערליעבט איבער דיא אויערן. ער איז געווארען אין איהרע הענד וויא א שפּיעלצייג, וואס זיא האט גע־וואָלט, וואס זיא האט בעפוילען, האט ער געטהאן אָהן צו איבערלייגען. זיא האט זיך בענוצט מיט זיין שוואַכען כאראַקטער געגען איהר און האט ביי איהם גענומען אזוי פיעל, ביז זיא האט איהם אין איניגע מאנאטען רואינירט.

זיא וואָלט איהם פיעללייכט אויך געהייראַטהעט, ווייל זיא האט געוואוסט פון וואס פאר א רייכע פאמיליע ער שטאמט; אבער א מערק־ווירדיגער צופאַל האט זיך געמאכט, וואס האט איהרע אלע פּלענער צושטערט.

דיא געשיכטע איז אזוי געוועזן: איין אבענד, ווען מיסעס ליליענ־בארג איז אין איהר צימער געזעסען, האט זיך געעפענט דיא טהיר, אָהנע דאס יעמאנד זאל פריהער אנקלאפּען און א קרעפטיגער מאַן איז פאר איהר ערשיענען. ער איז צוגעגאנגען נאָהענט צו איהר און האט זיא איינינע אויגענבליק אנגעקוקט און גוט בעטראכט, דאַן האט ער צו איהר געזאגט:

— מאדאם ראָגערס, איהר זייט פערהייראַטהעט. קומט מיט מיר.

זיא האט ביי דיעזע ווערטער געפיהלט אז איהר בלוט האט א קאָך געטהאָן אין איהרע אָדערן פאר שרעק און אויפרעגונג. זיא האט אבער געהאט מוטה גענוג צו געווינען צוריק איהר גייסטעס־געגענווארט.

— מיין הערר,—האט זיא מיט א שמייכעל געזאגט — איהר מענט זיין ווער איהר ווילט, איהר האט א גרויסען טעות. איך הייס ניט מאדאם ראַגנערס, זאָנדערן ל י ל י ע נ ב א ר ג. איך האב אין מיין לעבען קיין פערברעכען בעגאַנגען מען זאָל מיך דארפען פערהאַפטען.

— מאדאם! — האט דער מאן געזאגט — איך בין א דעטעקטיוו. איהר מענט זיך יעצט רופען, וויא איהר ווילט, אבער אין דייטשלאנד איז אייער נאמען געווען, מאדאם ראַגנערס און איהר האט געוואוינט מיט׳ן אַלטען פריץ ליכט, וועלכען איהר האט פערגיפטעט יעצט מיט איין יאהר צוריק און איהר האט אוועקגערויבט ביי איהם צוואַנציג טויזענד מארק.

ראָזא׳ס געזיכט איז ביי דיעזע ווערטער אזוי פערענדערט געוואָרען, אז קיינער פון איהרע בעסטע בעקאנטע, וואָלטען זיא אין דיעזען מאָמענט ניט דערקענט. דיא שעהנע צינע, דיא גליהענדע אויגען מיט פאָל ליעבע און צערטליכקייט, האבען זיך פערוואנדעלט אין דעם אויסזעהן פון א בלוטדורסטיגע טהיער. זיא האט געזעהן דאס זיא איז פערלאָרען. זיא האט זיך א וואָרף געטהאן פאר דיא פיס פון דעם דעטעקטיוו. איהר וויינען און בעטען האט אויף דעם שטארקען מאן זעהר פיעל געווירקט. ער האט ניט געקענט בעשטעהן געגען דיעזער רייצענדער געטין. זיין ענטשלוס זיא צו פערהאַפטען האט אנגעהויבען אין איהם שוואכער צו ווערן. זיא האט דאס מיט איהר שארפער אויג באלד בעמערקט. זיא האט זיך אויפגעהויבען, האט איהרע הענד ארום זיין האלז געוואָרפען און האט איהם בעשאָטען מיט הייסע קושען.

— איך וועל אייך מיין לעבען, מיין גליק, מיין ליעבע — אלעס וועל איך אייך אפגעבען, נאָר, ליעבער פריינד, רעטעט מיך.

זיא האט דעם לייב באלד בעזיעגט און פאר איהר אונטערטהאן געמאכט.

— אה, מאדאם! — האט ער געמורמעלט — געננוג. איך וועל אייך

רחזיג לאָזען. איך קען אזא שעהנעם ענגעל ניט איבערגעבען אין דיא הענד פון א הענקער. איך וועל בעסער בעגעהן א פערברעכען געגען מיינע פפליכטען איידער איין האר זאָל געקרימט ווערן פון אייער שעהנעם קאָפּ.

אונטער טויזענד ליעבקאָסונגען, צערטליכקייטען און זיסע שמייכע־לאך האט זיא איהם בעוואָגען, ער זאָל ביי איהר דיעזע נאכט בלייבען. זיא האט איהם שוין ניט געוואָלט אבלאזען. זיא האט גוט געוואוסט, אז עס איז מעגליך ער זאָל זיך באַלד אויכניכטערן פון זיין יעצטיגע ליידענ־שאַפט, וואס איהר שעהנעם געזיכט מיט איהר קינסטליכע ליעבעס־בע־וועגונגען האבען איהם פערשיכורט און ער וועט נאך חרטה האבען וואס ער האט איהר פערשפּראָכען. זיא האט שוין אייסגעקלערט א טייפלישען פּלאַן, וויא אזוי איהם גענצליך אפּצוראמען, ער זאל איהר שוין קיין מאל אין וועג ניט שטעהן. עס דארף זיך ניט געפינען אין אמעריקא א מענש וואס וויים פון איהר געהיימניסע, וועלכע זיא האט אזוי קינסטליך ביז יעצט אין געהיים געהאלטען.

דער דעטעקטיוו האט דעם צויבער פון איהר שענהייט ניט געקענט איבערשטארקען. ער איז ביי איהר געבליעבען נעכטיגען און האט מיט איהר צוזאמען געטרונקען וויין, אבער נאָר איין גלאז און דאס, איז שוין גענוג געווען. ער האט באַלד, וויא ער האט דעם לעצטען זופּ געטהאן פון דער גלאז וויין, צוגעמאכט דיא אויגען....

זיא האט באַלד שטיל און אונבעמערקט דאס צימער פערלאזען און איז פערשוואונדען געווארען, וואו קיין מענש האט פאָרלויפיג ניט געקענט וויסען.

גליקליכער ווייזע איז באַלד נאך ראָזא'ס פערשווינדען געקומען א דיענער פון איהרען אן אינטימער פריינד מיט א בריעף צו איהר. ער האט געקלאפּט אייניגע מאל אין דער טהיר, אז ער האט געזעהן מען ענטפערט איהם ניט, איז דאס איהם געווען א גרויסער וואונדער. ער וויים, אז מיסעס ליליענבארג איז אין דיעזער צייט אימער צו הויז. ער

האט פראָבירט צו עפענען דיא טהיר, עס עפענט זיך, דען ראָזא האט ביי איהר פערלאָזען דעם צימער, דיא טהיר ניט צוגעשלאָסען. וויא ער איז אריין אין צימער האט ער געטראפען, צו זיין גרעסטען שטוינען, — אַ פרעמדען מאַן ליעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד. ער איז באלד געלאָפען מעלדען דעם ווייטער פון האָטעל. דיעזער איז באלד ארויף צו מיסעס ליליענבאַרג אין צימער און האט זיך צוגעבויגען צו דעם מאַן וואס איז געלעגען אויף דער ערד.

— ער איז טוידט, — האט ער אויסגערופען — וואו איז מיסעס ליליענבאַרג? שנעל רופט פאָליציי. דא איז געשעהן אַ מאָרד.

דיא פאָליציי איז באלד געקומען מיט א דאקטאר און ווען דער דאקטאר האט אונטערזוכט דעם דעטעקטיוו, וועלכען דיא פאָליציי האט באלד דערקענט, האט ער דערקלערט, דאס דער מאַן איז פערגיפטעט; אבער ער לעבט נאך און עס איז מעגליך איהם נאך צו רעטען. דיא שנעלע הילפע און דיא אנשטרענגונג פון נאך איינינע ערצטע וואס האבען זיך דאמאלס געפונען אין פיפטה עוועניו האטעל, האט ענדליך געלונגען דאס גיפט אויסצופומפען און איהם צו רעטען. ער איז שנעל געזונד געווארען און האט דיא גאנצע וואהרע געשיכטע איבערגעגעבען פארן פאָליציי־אינספעקטאָר.

ווען מאָרים בלום האט נאך אין דעמזעלבען טאג געלעזען דיא גאנצע געשיכטע אין דיא צייטונגען איז ער אין דער גרעסטער פערצוייפ־לונג געקומען, זיין בעטראָגענעם הערץ האט איהם שוין מעהר ניט גע־קלאפט פאר דיעזער וועלט. ער איז אוועק אין צענטראל־פארק און האט דעם שרעקליכען, איבערנאטירליכען זעלבסטמאָרד בעגאנגען.

### 7טעס קאַפּיטעל.
## דיא מענשען־יאַגד.

דעטעקטיוו האָט, ווען ער האט זיך ערהאָלט פון דער פערניפטונג, האט ער געשיקט רופען דעם יונגען לעאָפּאָלד ליכט. דער בעקאַנטער הענקער אויס בערלין, דעם אַלטען פריץ ליכט׳ס זוהן, וועלכער איז ספּעציעל געקומען נאָך אמעריקא, אויפצוזוכען זיין פאטערס מערדערין און זיא איבערגעבען אין דיא הענד דער גערעכטיגקייט. דער דעטעקטיוו האט געשווארען, דאס ער וועט ניט רוהען ביז ער וועט ניט דער טענצערין אויסזוכען. לעאָפּאָלד, אָבוואָהל ער איז געווען א הענקער, פון דעסטוועגען איז ער אויך געווען אן עהרענמאַן. דיא שבועה וואס ער האט געשווארען אויף זיין פאטערס קבר ער זאָל ראַכע נעהמען פון זיין פאטערס מערדערין, איז בייא איהם געווען הייליג. ער האט אפילו דעם דעטעקטיוו פאָרווירפע געמאכט, פאר וואס ער האט זיין פּפליכט פערגעסען; יעצט אבער, אז דער דעטעקטיוו וויל איהם העלפען ווייטער זוכען דער מערדערין האט ער איהם אַלעס מוחל געווען און האט בעשלאָסען ווייטער זייער יאגד אויף ראַזאַן פאָרטצוזעצען.

באלד אויפ׳ן צווייטען טאג, נאך דייזען בעשלוס האבען זיי שוין ווידער זייער ארבייט אנגעפאנגען. דיא אונערמיעדליכע אנשטרענגונג פון דעם דעטעקטיוו האט פאר זיי ענטדעקט דיא גאַנצע ביאָגראַפיע פון דער פערדאָרבענער באַלעט־טענצערין.

ער האט זיך דורך א צופאַל בעגעגענט מיט לואיס גאָלד, וועלכער איז יעצט אין נויארק א בעקאַנטער שיכור און געמבלער. דער אונגליקליכער גאָלד האט איהם דערצעהלט זיין גאנצע געשיכטע מיט דער באַלעט־טענצערין, וויא אזוי ער האט מיט איהר חתונה געהאט, וויא גליקליך זיי זיינען געווען, און וויא אזוי ער איז געקומען צו זיין יעצטיגען צושטאנד. וויא ער האט קומענדיג א היים, נאך דעם וויא ער האט געענדיגט זיין

שטראַפּס-טערמין און איז בעפרייט געוואָרען פון געפענגניס, האט ער ערשט ענטדעקט א גאנצען פּאַקעט בריעף, פון צעהנדלינגער וויסטלינגע, מיט וועלכע זיין פרוי האט פערקעהרט.

— ווען איך וואלט דאס פריהער געוואוסט, — האט ער געזאגט מיט א זיפץ — וואָלט איך ניעמאלס אויפגעפאָדערט מיין אונגליקליכען פריינד אויף א דועל, פאר וועלכען ער האט מיט זיין לעבען בעצאהלט. איך בין זיכער, דאס ווען זיא וואלט איהם ניט אריינגעחאַפּט אין איהר נעץ, וואלט ער, אלס אן עהרענמאַן, ניעמאלס אזא פערברעכען בעגאנגען. ער האט אבער ניט געקענט וויעדערשטעהן געגען איהר טייפעלישע שענהייט און איהרע פרעכע ליעבעס-ערקלערונגען. איך האב פאר ערגערניסע, מיין הויכע שטעלונג אין דער רעפּאָבליקאן נייששאַל קאָמיטע געמוזט אויפגעבען. מיין אייגענטהום האב איך פערשוועגדעט און יעצט בין איך א טרעמפּ — וויא איהר זעהט!

דעטעקטיוו האָנט האט וויעדער ערפאהרען, אז דיא באַלעט-טענצערין געפינט זיך יעצט אין סאן-פראַנציסקאָ, וואו זיא האט וויעדער אויפגעטרעטען אויף דער ביהנע.

ווען לואיס האט ערפאהרען אז זיא געפינט זיך יעצט אין סאן-פראַנציסקאָ און וואס פאר א פערברעכען זיא האט בעגאנגען, האט ער געבעטען דיאביידע מענער, זיי זאלען איהם אויך ערלויבען זיי צו בעגלייטען און זיי האבען איינגעווילינט.

ווען ווילהעלם בלום דער ברודער פון דעם זעלבסטמערדער מאָריס בלום האט זיך גענומען צו איבערקוקען זיין אונגליקליכען ברודערס פאַפּיערען, האט ער צווישען זיי געפונען איינינע בריעף, וואס האבען איהם אן ערקלעהרונג געגעבען איבער זיין ברודערס זעלבסטמארד.

— אה, אה — האט ער געזאגט — מיסעס ליליענבארג איז מיט איהם געשטאנען אין ליעבעס-פערהעלטניסע? איז שוין רעכט וואס זיין געשעפט איז אזוי רואינירט געווארען אין א קורצע צייט און פון שאנדע און ערגערניס האט ער זיך גענומען דעם לעבען.

ווער מיסעס ליליענבארג איז האט שוין ווילהעלם בלום געוואוסט פון דיא צייטונגען.

ענדע פון ערשטען טהייל.

# דיא באללעט טענצערין.

## צווייטער טהייל.

### 1טעם קאפּיטעל.

## דיא שעהנע ראַשעל.

**ביי דעם** באנקיר נאַטפּריעד איז א פּרעכטיגער **באל און דאס** האט מען שוין אין גאנץ מעץ געוואוסט, אז דעם באנקירס א באל קאָסט אָפּ טויזענדער פראנקס און אז אויף זיינעם א באל געפינען זיך דיא גאנצע אַריסטאָקראטיע פון שטאדט. עס איז פאר קיינעם קיין געהיימניס געווען, אז דיא אלע געסט, וואס קומען אויף נאַטפּריעד'ס בעלער, מיינען ניט אזוי דיא קניידלאך, וויא דיא הגדה. ריכטיגער געזאגט, זיי קומען ניט אזוי צוליעב דיא גוטע שפּייזען און ווייגען, וויא צוליעב זיין שיינער, יונגער פרוי ראַשעל.

מען האט אין מעץ נור געברויכט דערמאנען **דעם נאמען** „ראשעל" האט מען שוין אנגעשטעלט מויל און אויערן. יעדען וואר דער נאמען בעקענט און יעדער וואר זעהר נייגיעריג עטוואס צו הערן וועגען דער מערקווירדיגער פרוי וואס האט דאס גליק געהאט צו ווערן פון אן איינפאכע באַלעט־טענצערין איינע פון דיא פאָרנעהמסטע דאמען דער שטאדט.

מיט איין יאהר און א פיערטעל צוריק האט דיא זעלבע ראשעל געטאנצט אויף דיא ברעטער פון דעם גרויסען צירקוס, וואס אן אמעריקאנער האט אין מעץ אויפגעשטעלט. דאס פּובליקום האט דאן מיט דער גרעסטער ענטהוזיאזמוס אפּלאָדירט דער ענגעל־שעהנער טענצערין, פיעל מעהר אלס אלע טאנצענדע פערד, פיעל מעהר זאגאר אלס אלע שעהנע מעדכענס וואס האבען אויף דיא פערד געטאנצט. מען האט זיא

אפּלאָדירט ניט פאר איהר טאַנצען, זאָנדערן פאר איהר אונאַטירליכער שעהנהייט.

אזא שעהנהייט האט נאך מען ניט געזעהן. אזא אַנציהענדע פּרויענצימער האבען די מעצער איינוואָינער נאך ניט בעגעגענט. עס איז דארום קיין וואונדער, וואס די אלע לעבע=מענער פון דער שטאדט האבען ארום דער טענצערין ניט אויפגעהערט צו טאַנצען. מען האט זיא פערשאָטען מיט בוקעטין מיט קאָמפּלימענטע, אפּלאָדיסמענטע און מיט — דאָלערס.

די וואס האבען געשאָטען מיט דאָלערס האבען מעהר גליק געהאט אלס אלע איבעריגע. אבער זייער גאַנצער גליק איז נאָר בעשטאַנען אין א חן׳דעלע, וואס די הימלישע ראַשעל האט זיי געמאכט, אין א שמייכעלע וואס האט זיי פון איהרע שיינע ליפּעליך בעגריסט, אדער א פריינדליך וואָרט וואס איז פון איהר קליינעם ליעבען מונד אַרויס.

א באַלעט־טענצערין זאל אזוי אָרענטליך, אזוי קייש זיין, דאס האט מען ניט געהערט און ניט געזעהן.

אזוי האט מען דאמאלס וועגען איהר גערעדט. קיינער האט זיך געקענט בעריהמען, דאס די שעהנע ראַשעל שטעהט מיט איהם זעהר אויף א פריינדליכען פוס.... קיינער האט געוואגט א פעהלער אויסצוזעצען אין איהר קיישהייט. אלע האבען זיא פאסט פערגעטערט און פאַר איהר נאמען דעם גרעסטען רעספּעקט געהאט.

א מערקווירדיגע איבערראשונג האט פּלוצלונג געמאכט די נאכריכט, וואס האט זיך פערברייטעט אין דער גאַנצער שטאָד דאס דער יונגער רייכער באַנקיר זיגמונד גאָטפּריעד, האט זיך פערלאָבט מיט דער שעהנער באַלעט=טענצערין ראַשעל. דאס וואר אזא נייעס פאר אלעמען, דאס מען איז גאר ניט מיעד געוואָרען ריידענדיג פון דעם. מען האט אזוי לאַנג גערעדט, ביז די חתונה פון דעם אונגלייבען פאר איז געפייערט געוואָרען מיט דעם גרעסטען פּאָמפּ.

דאס איז פאר קיינעם קיין געהיימניס געווען, דאס דעם באנקירס מוטער אנינא גאַטפריעד, האט צו דעם שידוך ניט מסכים געווען. זיא האט זיך מיט איהר זוהן שטארק געקריעגט דערפאר, וואס ער וויל הייראַטהען א באַלעט טענצערין און, אלס ער האט איהר געענטפערט, דאס איהרע רייד וועלען גאר ניט ווירקען. ער מוז הייראַטהען דער שעהנער ראַשעל, האט זיא זיך פון זיין הויז ארויסגעצויגען און האט זיך בעזעצט אין איהר אייגען־הויז, וואס זיא האט אין דער פאריז־שטראַסע.

— דיא כלה קאָסט איהם זעהר טהייער — האט דאס פובליקום צווישען זיך גערעדט — דיא מוטער וועט איהם געוויס ענטערבען און איהר גרויסען קאַפּיטאַל וועט זיא איבערלאַזען אן אנדערן.

אבער דעם גליקליכען זיגמונד גאָטפריעד האט זעהר וועניג אינטערעסירט לייטישע ריידן און זיין מוטערס כעס. דער געדאַנק, אז דיא שעהנע, זיסע ראַשעל איז זיינע, האט איהם פאר דעם גליקליכסטען אין דער וועלט געמאכט. זיצענדיג מיט איהר אין זיין פאסט קעניגליכען וואוינונג האט איהם אויסגעזעהן, אז ער איז לעבעדיגערהייט אין גן־עדן אריין.

נאטפריער איז געווען א מאַן פון אונגעפעהר דרייסיג יאהר, שעהן געוואַקסען מיט זעהר א סימפאַטיש געזיכט. זיין נאמען וואר זעהר גרויס, דען ער האט איבערגענומען דעם פאטערס פירמא וועלכע וואר פאסט א יאהרהונדערט בעקאַנט אלס איינע פון דיא רעעלסטע, ארענטליכסטע פירמען אין עלזאס און לאטערינגען.

— דיא בעלער וועלען איהם רואינירען — האבען פערשטענדיגע לייטע נביאות געזאגט. פיעלע פריינדע האבען גאָטפריעדען פערזענליך געוואָרנט ער זאָל זיך אין אכט נעהמען און זאָל זיך פערהיטען פון א שרעקליכען צוקונפט. אבער גאטפריער האט זיך פון אלעמען אויסגעלאכט. ער האט געוואוסט אז דיא בעלער פערשאפען זיין ראַשעלין פערגניגען, הייגט וואס געהט איהם אן דיא נארישע ווארנונגען פון זיינע

פריינדע. פאר זיין ראשעלן איז איהם קיין זאך צו טהייער געווען. איהרע צירונג האבען אנגעטראפען אזא סומע, מיט וועלכע מען האט געקענט א גרויס געשעפט גרינדען. איהרע קליידער האבען איבערגעשטייגט מיט זייער ווערטה די קליידער פון די גרעסטע רייכסטע דאמען אין מעץ און דער ברוישטער גאטפריעד האט דאס אלעס צוגעקוקט מיט דעם גרעסטען פערגניגען.

אזוי איז פערגאנגען א גאנצעס יאהר און יעצט פייערט מען ביי גאטפריעדן אין הויז דעם טאג פון זיין מולדיגער חתונה.

2טעס קאפיטעל.

## לייד אונטער פרייד.

עס איז זעהר פרעהליך ביי גאטפריעדן אין הויז. אין דעם גרויסען פרעכטיגען זאל, וועלכער איז בעלייכטעט פון פיעלע גאז־פלאמען שוועבען ארום פערפוצטע, מונטערע פארליך. זייערע געזיכטער פלאמען פון טאנ־צען און בעוועגונג. אלע דאמען וואס זיינען יעצט דא ווייזען אויס פרעכ־טיג שעהן, נאר זייער גלאנץ פערדונקעלט זיך געגען דער הויז־ווירטהין. די שעהנע ראשעל אין איהר ווייסען באל־קאסטיום און אין די פינ־קעלנדע שמוק וואס זי טראגט אויף זיך, ווייזט אויס זא בעצויבערנד שעהן, דאס ווער עס גיט נור אויף איהר א קוק, בלייבען זיינע בליקען צוגעקלעפט צו איהר געזיכט און אין יעדענס קאפ קומט די פראגע: איז דאס מעגליך, אז א מענש בלוט און פלייש, זאל אזוי אויסזעהן ?

ראשעל האט אין דעם אבענד אויסגעזעהן ווי א איבערנאטיר־ליכעס, הימלישעס וועזען. גליקליך האט זיך געשעצט יענער, וואס האט מיט איהר געקענט איינינע ווערטער ריידען. מיט ערשטוינען און ניידישע בליקען האבען אלע מענער געקוקט אויף דעם יונגען פראנט, מיט וועלכען די געטליכע ראשעל האט אין דעם אבענד מעהר גערעדט אלס מיט אלעמען און האט נור מיט איהם אליין געטאנצט.

## דיא באלעט טענצערין II.

דאס וואר א יונגער מאן פון אונגעפעהר 25 יאהר. דאס געזיכט, זאנזאר דער שנורבארט וואר גלאט ראזירט. לאנגע בלאנדע לאָקען האָבען זיין קאָפּ בעדעקט און האבען זיך אראפּגעלאזט ביז זיינע שולטערן. ער וואר גראדע ניט שעהן. זיין אדלער־זאז איז געווען צו לאנג, אבער זיין עלעגאנטע קליידונג האט איהם געגעבען דאס אויסזעהן פון אן אריסטאָקראט און זיין פרעכער שמייכעל, וואס איז פּאסט פון זיינע ליפּען ניט אראפּגעגאנגען, האט געצייגט, דאס ער איז אזא סאָרט מענש, וואס איז שוין געוואוינט געוואָרען זיך צו געפינען צווישען א גרויס פּובליקום.

— ווער איז דער יונגער מאן? — האט איינער דעם צווייטען נייגיעריג געפרעגט.

אבער נור צוויי געסט האבען דיעזען מאן געקאנט, וויא מיר וועלען הערען פון זייער געשפּרעך:

— זאגט מיר נאָר, העדר גראָז, — האט איינער פון דיא צוויי געפרעגט דעם צווייטען — איז דער יונגער מאן ניט דער נייער אקטיאָר וואלדין, וואס אונזער טהעאטער־דירעקטאר האט אראפּגעבראכט?

— יא, העדר בראף, דאס איז ער — האט דער צווייטער געענטפערט — זייט איהר געסטערן געווען אין טהעאטער ביי זיין ערשטען דעביוט? ער שפּיעלט פּאָרטרעפליך גוט.

— אז ער שפּיעלט גוט דאס האב איך שוין געהערט, אבער וויא קומט דאס, וואס אונזער גנעדיגע באַנקירין איז מיט איהם אזוי אינטים? צוליעב איהם פערגעסט זיא אן דיא איבעריגע געסט.

— איהר זייט, העדר בראף א פּראקטישער מענש און דאך פרעגט איהר אזעלכע פראגען, וואס נור אן אונפּראקטישער מענש דארף פרעגען — האט גראז לאכענד געענטפערט — איהר פערגעסט, אז יעדער מענש איז זעהר צופריעדען ווען ער בעגעגענט זיך מיט א קאָלעגע פון איין שולע?....

— איך האָב אָבער געגלויבט, אַז מאַדאַם נאָטפּריעד האָט שוין געענדליך יענע שולע מיט אַלע אַלטע קאַלעגען פערגעסען. זיא איז דאָך שוין היינט אַ וועלט־דאַמע, וואָס שפּיעלט אין ווירקליכען לעבען דיא גרעסטע ראָלע.

— מאַדאַם נאָטפּריעד איז אָבער, וויא מיר שיינט זאָ גוט, וויא שעהן. איהרע אַלטע פריינד זיינען ביי איהר נאָך היינט אויך טהייערער אַלס דיא נייע. זעהט נור, זעהט העררבראָף, וויא פערגניגט זיא טאַנצט מיט דעם קאָמעדיאַנט. זעהט, וויא זאָנפט זיא האָט אַרויפגעלעגט דאָס קעפּעלע אויף זיין אַקסעל און ער, וויא אַן עכטער קאַוואַליער, וויא אַ דראַמאַטיסט, האָט זיא צוגעדריקט צו זיין ברוסט. דער באַנקיר נאָט־פּריעד דאַרף זיך גליקליך פיהלען קוקענדיג, וויא זיין ליעב שעהן ווייבעלע, האָט נאָך דיא אַלטע ראָליען ניט פערגעסען.

— אַז איהר האָט מיר דערמאַנט דעם באַנקירס נאָמען מוז איך אייך פרעגען, העררגראַז, צו האָט איהר געהערט וועגען דעם, וואָס מען האָט אָנגעהויבען אין שטאָדט צו ריידען, אַז ער שטעהט מיט זיינע פּי־נאַנסען זעהר שמאָל.

— דאָס גלויב איך ניט. ווען ער זאָל ווירקליך שטעהן שמאָל, וואָלט ער אַזעלכע בעלער ניט געגעבען און וואָלט אַזוי מונטער ניט אויס־געזעהן. קוקט איהם נאָר אָן, דאָרט שטעהט ער לעבען בופעט מיט דעם באַנקיר גראַסמאַן. זעהט וויא הייטער ער ווייזט אויס, וויא ער לאַכט פון הערצען. דאָס איז אַ געלעכטער פון אַ מאַן וואָס פיהלט קיינע זאָרגען.

בראָף האָט אַ קוק געטהאָן אין דער זייט וואו דער באַנקיר נאָט־פּריעד איז געשטאַנען מיט זיין פריינד גראַסמאַן. ביידע האָבען געהאַלטען צו בעכער שאַמפּאַניער אין דיא הענד און האָבען פערגניגט געפּלוידערט. נאָטפּריעד האָט ווירקליך זעהר מונטער אויסגעזעהן און האָט הערצליך און פערגניגט געלאַכט.

## .II דיא באַלעט טענצערין

ז

— איהר ווייסט, הערר גראז, וואס איך וועל אייך זאגען — האט בראף געזאגט נאכדעם, אז ער האט איינינע מינוטען בעטראכט דעם באַנקיר.

— וואס? — האט גראז נייגיעריג געפרעגט.

— אז פון נאטפריעדס הערצליכען לאכען דערקען איך, אז ער האט א הארץ פול מיט וואונדען. איאַ, איהר קוקט מיך אן וויא א וואהנזיניגען? איך זאג אייך, אז פון דעם מענשענס געלעכטער קען מען א מאל גיכער דערקענען זיינע שמערצען, אלס פון זיין וויינען. דעם באַנקירס געלעכטער איז א געמאכטער, א געצוואונגענער. ער וויל נאָר דאמיט שיטען שטויב אין אלעמענס אויגען, מען זאָל ניט דערקענען זיין צובראכען הארץ. הערר גראז, אונזער באַל-געבער איז, וויא איך פערשטעה, אויף גרויסע צרות.

— וואס פאר צרות דענקט איהר קען אזא גליקליכער מענש האבען?

— דאס ווייס איך ניט, נאָר מיר וועלען עלטער ווערן מיט א קורץ שטיקעל צייט וועלען מיר אלעס וויסען.

דער זייגער האט געשלאגען צוועלף האלבע נאכט. אויף דעם וואונק פון דעם הויז-ווירטה האט דער אָרקעסטער מוזיק אויפגעהערט צו שפיעלען. דיא געסט האבען זיך אנגעהויבען צו קלייבען א היים צו געהן.

— מיין בעסטען דאנק, הערר וואלדין! — האט דיא שעהנע ראשעל אין יענער צייט געזאגט, דריקענד איהרמ נצערס האנד — איך האָף, דאס איהר וועט אונז אָפט בעזוכען. איך ערוואַרטע אייך מארגען אום צעהן אוהר פאָרמיטאג.

— איהר מאכט מיך שטאָלץ, מאדאם נאָטפריעד! — האט דער אקטיאָר מיט א גליקליכער מינע געענטפערט — מארגען פונקט אום צעהן אוהר בין איך ביי אייך.

## 3טעס קאַפּיטעל.

## דיא העכסטע פערצווייפלונג.

עס איז שטיל געווארען ביי דעם באַנקיר אין הויז. אלע שטוב מענשען האבען זיך צור רוהע בעגעבען. דיא שעהנע ראָשעל, וועלכע האט זיך אין דיעזען אבענד זעהר ערמיעדעט טאַנצענדיג, איז יעצט גע־לעגען אין איהר ווייכער בעט און האט זאנפט געשלאָפען. לעבען איהר אויף איינינע שטולען ווארען אנגעוואָרפען איהר באַל־קלייד, וויא אויך איהר גאַנצעס שמוק, וואס זיא האט אין דיעזען אבענד געטראגען. אויף איהרע ליפּען, וועלכע ווארען האלב אָפען, איז געלעגען א גליקליכער שמייכעל, קענטיג, אז זיא האט זעהר א זיסען טרוים געזעהן.

נאָר צוויי מענשען פון׳ם הויז האבען ניט געשלאָפען. זיי זיינען געזעסען אין באַנקירס קאַבינעט און האבען זעהר היציג גערעדט.

דאס ווארען דער באַנקיר גאָטפריעד און זיין געשעפטס־פיהרער, דער אלטער יאקאָב פעלז.

— אבער איך פערשטעה אייך גאר ניט, — האט דער באַנקיר צאָרניג געזאגט — איז דען יעצט א צייט פון געשעפטס־זאכען צוריידען? איהר פערגעסט, אז איך בין אויך ניט מעהר וויא א מענש. איך מוז אויך ביי נאכט שלאָפען.

— איך גלויב ניט, אז דוא וועסט קענען רוהיג שלאָפען, זיגמונד — האט דער געשעפטס־פיהרער זיפצענד געענטפערט — אין אזא קריטישע לאגע, וויא דוא שטעהסט יעצט, קען מען ניט שלאָפען.

— וואס זאגט איהר מיר קריטישע לאגע? וואס האט איהר זיך איינגעבילדעט. איך שטעה ניט שלעכט, איך בין אזוי רייך וויא געוועזן.

— זיגמונד! בילדע זיך אזעלכע דומהייט ניט איין — האט דער אלטער איהם געווארנט. איך זאג דיר נאך א מאל, אז דוא ביסט רו־אינירט. ווען דוא וועסט דאָס אונגליק ניט פערהיטען וועט נאָך מאָר־גענדיגען טאג דיין גאנץ געשעפט ברעכען.

**אַ, ווען איך זאָל ניט געווען פערשפּרעכען דיין נומען עהרליכען** פאטער פאר זיין טוידט, אז איך וועל אימער דיין ראטהגעבער און פיהרער זיין, וואלט איך שוין לאנג פון דיר אנטלאפען, מיינע אויגען זאלען דיין אונטערגאַנג ניט זעהן! דעם אונטערגאנג פון דער בעריהמטער פירמא נאטפריעד! וואס דיא גאנצע וועלט האט פאר איהר רעספּעקט געהאט. איך מוז אבער מיין פערשפּרעכונג האַלטען. כל־זמן עס איז נאך דא א שטיקעל האָפנונג דיין נאמען צו ערהאַלטען מוז איך דיך ווארנען. זיגמונד, דוא זאָלסט זיך ניט איינבילדען פוסטע חלומות, דוא ביסט רואינירט. מארגען דארף מען צאהלען א וועכסעל פון צוואנציג טויזענד פראנק. איך זעה קיין געלד ניט מיט וואס דאס וועקסעל צו דעקען.

— לייהט ערגעץ דיא קליינע סומע.

— לייהען? — האט יאקאב ביטער געלאכט — **ניין, פריינד, היינט** **איז ניט** אמאליגע יאהרען, וואס פאר דער פירמא נאָטפריעד זיינען געווען אָפען אלע בּיינק. היינט סודעט מען זיך איבעראל זעהר שטארק וועגען דער פירמא. מען וויל איהר מעהר ניט טרויען. דוא דארפסט וויסען, אז דאס פאָלק, בעזאָנדערס דיא געאיבטע געשעפטס־לייטע זיינען ניט בלינד, מען זעהט און מען פערשטעהט אלעס....

**נאָטפריעד'ס געזיכט האט זיך וויא מיט א וואָלקען פערצויגען. ער** **האט** אנגעהויבען מיט אונרוהיגע טריט אַרומצוגעהן איבערן צימער שטארק צורודערט. מיט זיין זיידענער טאשענטוך האט ער אבגעווישט דעם שווייס פון'ם שטערן און האט ענדליך זיך ווענדענד צו זיין געשעפטס פיהרער, געזאגט:

— געהט א היים, יאקאָב, **האט גאר קיין זארג ניט. דיא 20 טוי־ זענד** פראנק וועלען מארגען צו דער צייט געדעקט ווערן.

**—ווירקליך? — האט יאקאב העכסט ערפרייעט א געשריי גע־ טהאן.**

— אז איך זאג, איז געזאגט — האט דער באנקיר געענטפערט און האט זיך בעמיהעט מאכען א הייטערעס געזיכט.

— דוא האָסט מיך ערקוויקט, ליעבער זיגמונד, אַלזא איך נעה א חיים, מארגען ביז 12 אוהר מוז איך דאס געלד האבען. א גוט נאַכט.

ער האט זיך העפליך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

קוים איז ער פערשוואונדען געוואָרען האט זיך אויף זיגמונד'ס געזיכט אזא שווערער טרויער אויסגעשפרייט, דאס עס וואר אונגלויבליך, אז דאס איז דער זעלבער גליקליכער מענש, וואס האט מיט איין שטונדע פריהער אזוי פערגניגט אויסגעזעהן. ער האט זיך א וואָרף געטהאן אויף א שטול און פערדעקענד מיט דיא הענד דאס געזיכט, האט ער א געשריי געטהאן:

— מיין גאָט, וואס וועט דא פון מיר ווערן!

ער איז פלוצלונג פון זיין אָרט אויפגעשפרונגען, האט מיט צי־טערנדע בליקען זיך ארומגעקוקט און האט מיט אן ערשראָקענע שטימע געזאגט:

— זאָל איך?.... יא, איך האב קיין אנדער מיטעל, איך מוז דאס טהאן. ווייניגסטענס וועל איך האָטש אויף א פאר טאג קענען רוהע האבען און דערווייל וועל איך מיר אן עצה געבען וועגען געלד.

ער האט געחאפט טינט און פעדער און ארויסגענעמענדיג פון שופלאד א פאפיער, אונטער וועלכען עס וואר אונטערשריעבען דער נא־מען לעאָן גראסמאן, האט ער אנגעהויבען נאכצומאלען דיעזען נאמען. ביינאהע א גאנצע שטונדע האט ער זיך מיט דער ארבייט בעשעפטיגט ביז איהם האט געלונגען ריכטיג דעם נאמען לעאָן גראסמאן אויסצו־שרייבען וויא דער אָריגינאל איז.

יעצט האט זיגמונד ארויסגענומען א לעדיגען וועקסעל און האט איינגעטונקט דיא פעדער אום אויף איהם דעם נאמען לעאָן גראָססמאן אונטערצושרייבען. זיין געזיכט איז בלאַס געוואָרען, דיא הענד האבען

אנגעהויבען שטארק צו ציטערן. אבער ער האט זיך געמוטהיגט און האט דאך מיט פעסטער האנד יענעם נאמען אונטערשריעבען. ער איז ארויסגעקומען בעסער וויא געוואונשען. נאטפריעד האט זיין אייגענעם נאמען, אלס זשיראַנט אונטערגעשריעבען.

— אפגעטהאן און אזוי מוז דאס בלייבען! — האט ער געזאגט — איך גלויב אז גאנצע אכט טאג וועט קיינער פון דעם שווינדעל ניט וויסען און ביז גראסמאן וועט דארפען דאס וועקסעל איינצאהלען, וועל איך מיר דערווייל אן עצה געבען וואס צו טהאן.

— אבער וויא וועט זיין ווען דוא וועסט ביז יענער צייט קיין געלד בעקומען? — האט איהם אן אינערע שטימע צוגערופען — דאן וועסט דוא דאך מוזען געהן אין געפענגניס און דוא ביסט אויף אימער פערלאָרען.

ביי דעם געדאנק האט ער געפיהלט וויא אלע גליעדער שוידערן אין איהם. געהן אין געפענגניס פאר אזא מיאוס'ן פאלש. וואס וועט דאן דיא וועלט זאגען און וואס וועט פון זיין ליעבער ראשעל ווערען?

ביי דעם געדאנק פון זיינער פרוי, איז ער פון זיין אָרט אויפגעשפרונגען. ער האט געוואוסט, אז נור זיא האט איהם צו אזא לאגע געבראכט. זיא, דורך איהרע בעלער און אונבערעכענטע פערשווענדערייען האט איהם אין פערלויף פון איין יאהר צו אזא שרעקליכע לאגע געבראכט און דאך האט ער זיא ניט געקענט בעשולדיגען.

— זיא איז אזוי שעהן, אזוי יונג. זיא דארף לעבען — האט ער זיא פערטהיידיגט — זיא דארף ניט וויסען פון קיינע רעכנונגען פון קיין מאנגעל. זיא מוז גענ׳יסען דיא פערגניגען פונ׳ם לעבען וויא איהר הארץ געלוסט.

ער האט זיך אנגעהויבען צו ערא'ינערן וואס ער האט פון איהרטוועגען געטהאן. צוליעב איהר האט ער זיך מיט זיין ליעבער, גוטער מוטער אזוי צוקריעגט, דאס ער קען שוין פאר איהר ניט ערשיינען, צוליעב

איהר האט ער געעפענט דיא מיילער פון אלע זיינע פיינד זיי זאָלען וועגען איהם שלעכטס ריידען און זיין נאמען שמוצען, צוליעב איהר האט ער ענדליך זיין גאנץ קאפיטאל געאָפּפערט און איז יעצט אין אזא פערצווייפעלטער לאגע. נאך איז ער אין שטאנד זיך צו רעטען. ווען ער זאָל איהר ציערונג פערקויפען, קען ער א היבש קאפּיטאל מאכען און זיינע שולדען דעקען; אבער וויא פערשאפט מען איהר אזוי פיעל שמערצען, צו נעהמען ביי איהרע איהרע שמוק־זאכען, מיט וועלכע זיא שטאָלצירט אזוי און האט פון זיי אזוי פיעל פערגניגען. ביי איהם וואר קיין צווייפעל, אז ווען ער זאל איהר נאר זיין ביטערע לאגע קלאר מאכען, וועט זיא אליין איהם איהר ציערונג אפּגעבען, ער זאָל זיך דאמיט העלפען. אבער וויא דערצעהלט מען איהר פון דער ביטערער לאגע אין וועלכער ער געפינט זיך יעצט?

— איז פיעללייכט ניט גלייכער פאר מיר—האט ער זיך געקלערט— איך זאל מיך אין מיין קריטישע לאגע ווענדען צו מיין מוטער. זיא איז דאך פאַרט מיינע מוטער, זיא ליעבט מיך נאך יעצט אויך און ווען זיא וועט ערפאהרען, וואס פיר אן אונגליק מיך דראָהעט, וועט זיא מיך רעטען.

— יא, זיא וועט מיך רעטען. מארגען פריה מוז איך צו איהר געהן — האט ער פעסט ענטשלאסען געזאגט.

4טעם קאפּיטעל.

## מוטער און זאָהן.

דיא אלטע אנינא נאטפריעד האט שוין איהר זיהן זייט א יאהר ניט געזעהן. קיינער וואָלט עס געגלויבט, אז דיא גוטע מוטער וואס האט איהר איינציגען זוהן געליעבט מעהר אלס זיך זעלבסט, זיא זאָל זיך פון איהם אזוי ערוויטערן, דאס ביי איהר זאָל רעכט זיין איהם א גאנצעס יאהר ניט צו זעהן?

**דיא** אלטע שטאלצע פרוי האט זיך געפיהלט אזוי געקריינקט פון דעם זיה׳ס התונה מיט דער באלעט־טענצערין, דאס זיא האט זיך פעכט בעשלאסען, זיך פון איהר איינציג קינד גענצליך צו ענטזאגען.

זיא האט זיך בעשלאסען און האט זיך אין איהר בעשלום מעכטיג געציינט. דאס גאנצע יאהר האט זיא ניט איין ווארט וועגען איהם גערעדט, זיא האט זיין נאמען ניט דערמאנט און ווען יעמאנד האט אין איהר געגענווארט זיין נאמען ערמאנערט איז זיא שטארק בייז געווארען און האט געבעטען מען זאל פון איהם ניט ריידען.

— ער איז שוין ניט מיין זוהן — פלעגט זיא ביי אזעלכע פעלע זאגען. מען פלעגט בעמערקען טרערין אין איהרע אויגען. אין דעם זיפץ וואס זיא פלעגט דאביי געבען האט מען לייכט געקענט פערשטעהן אז דאס הארץ איז אין איהר צובראכען.

מען קען זיך פארשטעלען איהר איבערראשונג, אלס אין א שעהנעם פריה־מארגען ווען זיא איז געזעסען ביי דער קאפע איז איהר אלטער קעכין קלארא ארייגעלאפען מיט א געשריי:

— גנעדיגע מאדאם, ער געהט א הער!

— ווער געהט א הער? — האט דיא אלטע געפרעגט.

— אייער זוהן, דער גנעדיגער הערר זיגמונד.

— זיגמונד געהט א הער? — האט דיא אלטע ערציטערט אויסגערופען און דיא גלאז קאפע, וואס זיא האט אין דער האנד געהאלטען, איז ארויסגעפאלען און האט זיך צערבראכען — דאס איז ניט מעגליך.

— איך מוז אייך זאגען, מאדאם, דיא וואהרהייט. ער איז שוין דא און ער האט מיך געבעטען איך זאל זיין מליץ זיין פאר אייך, איהר זאלט איהם צולאזען צו אייך. ער דארף מיט אייך זעהר וויכטיגעס שפרעכען.

— וויכטיגעס? הא, איך פערשטעה אז א אונגליק האט איהם געטראפען, — האט דיא אלטע מיט א ביטערן זיפץ געזאגט — אנדערש

וואָלט ער זיין שטאָלץ ניט געבראכען און וואָלט ניט געקומען אַ הער צו מיר. — זאָל ער אריינקומען. לאָמיך הערען וואס ויל ער פו מיר.

דיא קעכין איז ארויסגעגאנגען און באלד האט זיך דיא טהיר געעפענט און זיגמונד גאטפריעד איז אריינגעקומען. פון ווייטען האט דיא מוטער אויף איהם א קוק געטהאן און דאס הערץ איז איהר צוגאנגען אלס זיא האט דערזעהן וויא פערענדערט איהר ליעבער זוהן איז געוואָרען. זיא האט איהם נאך קיין מאל ניט געזעהן אזוי בלאס און אזוי ניעדערגעשלאגען. נאָר זיא האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג און האט דאס געזיכט אפגעווענדעט.

זיגמונד איז איינינע מינוטען שטעהן געבליעבען אין טהיר. ער האט ערווארטעט, אז אקוקטהאַנדיג אויף איהם וועט דיא מוטער פערגעסען אלעס וואס עס איז געוועזן און וועט איהם עמפפאנגען מיט אָפענע הענד; אלס ער האט אבער געזעהן וויא זיא האט דאס געזיכט אפגעווענדעט פון איהם, איז ער נעהנטער צוגעגאנגען און מיט א ציטערנדע שטימע האט ער א געשריי געטהאן:

— מוטער, ליעבע מוטער!

— שוין לאנג האב איך ניט געהערט דיא שעהנע פראזע „ליעבע מוטער“ — האט אנינא געענטפערט זיך אומווענדענדיג צו איהם „איך בין שוין פון אזעלכע צערטליכע ווערטער אפגעוואוינט געווארען און וויל זיי יעצט אויך ניט הערן. איך ווייס, אז זיי קומען פון אזא הארץ וואס איז פון מיר אויף אימער אפגעריסען געוואָרען.

— זאג דאס ניט, מוטער. א הארץ פון א קינד קען קיין מאל פון זיין מוטער ניט אפגעריסען ווערן, זאגאר ווען דיא מוטער וויל איהם גענצליך פון זיך פערשטויסען, וויא דוא האסט מיר געטהאן.

— און דוא רעדסט דאס? — האט דיא אלטע צאָרניג געזאגט — דוא וואגסט צו זאגען, אז איך האב דיך פערשטויסען, ווערענד דוא

האסט מיך פערלאָזען צוליעב דער שאַנסאָנעטקע, דער באַלעט־טענ־צערין?

— מוטער, שווייג! — האט זיגמונד העכסט אויפגעבראַכט גע־שריען — בעליידיג ניט ראשעלן. זיא איז מיין פרוי.

— ליידער איז דאס מיר צו גוט בעקאַנט אז זיא איז דיין פרוי. דיא פרוי וועלכע האט דיך ענטוועדער שוין אין טיעפסטען אבגרונד געוואָרפען אדער זיא וועט דיך אין גיכען פאַר דעם אונגליקליכסטען אין דער וועלט מאַכען. דוא זאַגסט איך זאָל זיא ניט בעליידיגען? זאָג מיר דיא וואַהרהייט, זיגמונד, געשטעהע מיר, וויא שטעהן דיינע געשעפטען, איז נאָך ווייט צו דיין קראַך?

זיגמונד איז נאָך בלאַסער געוואָרען אלס פריהער. ער האט יעצט דעם גאַנצען שטאָלץ פערלאָרען און מיט א שוואַכער שטימע האט ער געזאָגט:

— איך וועל דיר ניט לייגנען, מוטער, אז מיינע געשעפטען געהן זעהר שלעכט, אבער מיין ראשעל איז אין דעם ניט שולדיג.

— דיין ראשעל איז ניט שולדיג? — האט אַנינאַ מיט פייער גע־שריען — האט נאָך א פרוי אין דיעזער שטאָדט דעם מאַן אַזוי פיעל געלד אויסגעבראַכט וויא דיין ראשעל? מיינסט דוא, פיעללייכט, אז איך וויים ניט פון דיא בעלער וואס דוא האסט איהר צוליעב, יעדע וואָך אין דיין הויז גענעבען. פרעמדע מענשען האבען זיך ביי דיר געבאָדען אין וויין און אין דיא טהייערסטע זאַכען, דוא האסט נאָר פערגעסען אז גאָלדענע קוואַלען קענען זיך אויך אויס׳שעפען. איך וויים אויך פון דיא הונ־דערטער קליידער וואס דיין ליעב ווייבעט׳שקע האט זיך אין דעם יאָהר געמאַכט, פון דיא טהייערע ציערונג וואס דוא האסט איהר געקויפט און נאָך אַזאַ אונבעזאָנענער פיהרונג זאָגסט דוא, אז זיא האט קיין שולד אין דיין אָרמוטה? איך זאָג אָרמוטה, וויל איך בין פעסט איבערצייגט

אין דעם, אז דוא ביסט שוין יעצט אן ארימאן. זאג, זיגמונד, איז דאס ניט וואהר?

— דאס איז וואהר, מוטער, אז איך בין יעצט זעהר אין א קרי־טישע לאגע. איך האָף אבער, אז עס וועט זיך נאך צום גוטען אומ־ענדערן. יעצט בין איך געקומען צו דיר אלס צו דער איינציגער אין וועלכער עס ברענט נאך א פונק מיטלייד צו מיר. איך בין געקומען ביי דיר בעטען דוא זאָלסט מיר לייהען 20 טויזענד פראנק און אויב דוא וועסט דאס ניט טהאן....

— וואס וועט דאן זיין?

— דאן וועל איך מוזען אין געפענגניס געהן און דער נאמען פון אונזער פירמא וועט אויף אימער פערשמוצט ווערן.

— זיגמונד האט געערעבענט, אז ווען דיא מוטער וועט דיא ווער־טער הערען, וועט זיא געשווינד איהם געבען דאס נעטהיגע געלד. וויא ערציטערט איז ער אבער געוואָרען, אלס דיא מוטער האט איהם קאַלט געענטפערט:

— שאָדע דיין מיהע, זיגמונד, איך וועל דיר דאס געלד ניט געבען.

— וויא? — האט נאמפריעד וויטהענד געשריען — ביי דיר איז רעכט צוליעב לומפיגע צוואנציג טויזענד פראנק מיך לאזען אין געפענגניס שמאכטען און אונזער פירמא זאל פערשמוצט ווערן?

— איך וועל דיר קיין געלד געבען — האט זיא רוהיג געזאגט — אונזער פירמא, דיין פאטערס גוטער נאמען איז שוין אלס איינס פער־שמוצט. מיט לומפיגע צוואנציג טויזענד פראנק וועסט דוא, וויא איך פערשטעה, ניט געהאָלפען ווערן. שאָדע דאס געלד, דיא סומע וועט דיר בעסער צו־ניץ קומען שפעטער, ווען דוא וועסט שוין ניט קענען מעהר ספעקולירען און דוא וועסט אין שטאנדע זיין צו לעבען א רוהיג שטיל לעבען מיט אן אָרענטליבער פרוי, וויא דיר פאסט.

— מוטער! — האט זיגמונד אויסער זיך פאר אויפרעגונג גע־שריען — דוא ברייננסט מיר אין פערצווייפלונג.

— זאג מיר נור, זיגמונד, — האט דיא אלטע נאך א קורצעס נאכדענקען געזאגט עטוואס צערטליכער — ווען צוואנציג טויזענד פראנק וויא דוא זאגסט, קענען דיך ביי דיין עהרע ערהאלטען, ווארום זאָל דיר דיין פרוי ניט געבען איהרע ציערונג צו פערקויפען? איך גלויב, אז דוא וועסט פאר זיי בעקומען פיעל מעהר אלס צוואנציג טויזענד פראנק.

— איך וויל זיא ניט דערשרעקען מיט דער נאכריכט אז איך שטעה אזוי שלעכט.

— ווארום ווילסט דוא זיא ניט דערשרעקען? צווייפעלסט דוא פיעללייכט אין איהר טרייהייט און האסט פורכט זיא זאָל דיך ניט אוועקווארפען, ווען זיא וועט ערפאהרען, אז דוא ביסט שוין ניט דיא גאָלד־מאשינע וואס ארבייט פון איהרט־וועגען אויס דאס געלד, וואס זיא בעדארף?

— א, רייד ניט אזעלכעס, מוטער, איך וויים, אז מיין ראשעל איז מיר געטריי מיט לייב און לעבען און עבען דארום וויל איך זיא פון שמערצען פערהיטען.

— אבער דוא ביסט זיכער, אז ווען דוא וועסט איהר דיין לאגע דערצעהלען, וועט זיא דיר איהרע ציערונג געבען?

— איך בין אין דעם איבערצייגט.

— גוט. דוא בעקומסט פון מיר דיא סומע וואס דוא פערלאנגסט, ווען דוא וועסט מיר איבערצייגען, אז דוא האסט קיין אירטהום. איך מיין, דוא זאלסט זיך דאס מאל ערלויבען זיא צו דערשרעקען. דערצעהל איהר דיא לאגע און ווען זיא וועט דיר געבען איהרע ציערונג, דאן גיב איך דיר 20 טויזענד פראנק און דוא זאלסט איהר דאס ציערונג צוריק אפגעבען. ביסט דוא דאמיט צופריעדען?

— יא! — האט זיגמונד עטוואס נאכדענקענד מיט היץ גע־ענט־

פּערט — איך געה שוין און וועל איהר אַלעס דערצעהלען. דוא וועסט זעהן, אז נאך אין א פּאָר שטונדען ארום ברייננ איך דיר איהרע ציערונג, וואס זיא זעלבסט וועט מיר געבען איך זאל זיך קענען פון מיין אונגליק רעטען.

— איך וועל זעהר צופריעדען זיין — האט דיא אַלטע שמייכלענד געענטפערט.

5טעס קאפּיטעל.

## דיא אַראָפּגעריסענע מאַסקע.

אין דער נאַכט וואו דעם באַנקיר נאַטפּריעד'ס הויז איז געשטאַנען, זיינען צוויי מענשען ארומגעגאנגען און האבען פאָלגענדען געשפּרעך געפיהרט:

— אין זיא ווירקליך אזוי שעהן, וויא איהר זאגט, הערר וואַלדין — האט דער עלטערער פון דיא צוויי געפרעגט דעם איננערן.

— זיא איז נאך מיינער מיינונג דיא שעהנסטע אין דער וועלט — האט וואַלדין מיט פייער געענטפערט — איך האב נאך אזא רייץ און אזא פאָלקאָמענע שעהנהייט אין א פרוי ניט בעגעגענט.

— און איז נאך דאצו א מיליאָנערס א ווייב — האט דער ערשטער געלאכט.

— יא. מען זאגט, אז דער באַנקיר נאַטפּריעד איז א מיליאָנער. ייערפּון אַליין קענט איהר פערשטעהן וויא שעהן זיא איז, אבוואהל זיא וואַר נאָר א באַלעט־טענצערין, פון דעסטוועגען האט דער מיליאָנער מיט איהר געהייראַטהעט. נאָר וויא מיר שיינט איז זיא מיט איהם וויא אויך מיט זיינע מיליאָנען אונצופריעדען.

— און וואס פערשטעהט איהר דאס ?

— פערגעסט ניט, אז איך בין אן ארט'סט. איך בין שוין א ספּע־ציאַליסט אין דעם פאך צו דערקענען דיא פרויען. איך פערשטעה און

בין זאגאר אין דעם איבערצייגט, אז אן איינפאכער אקטיאר איז ביי איהר טהייערער אלס איהר באנקיר מיט זיין גאנצעם קאפיטאל.

זאגט דייטליך ליעבער וואלדין, אז וויא איהר פערשטעהט, וואלט זיא מיט אייך מעהר צופריעדען געוועזן, וויא מיט איהר מאן.

— איך צווייפלע גאר אין דעם ניט. — האט וואלדין מיט א פער־בייגטען שמייכעל געענטפערט — אייך פריינד, אבוואהל איך האב דאס גליק געהאט מיט אייך ערשט זייט צוויי טעג בעקענט צו ווערן, פון דעסטוועגען וועל איך אייך וויא פאר א גוטען ברודער פערטרויען, אז וויא מיר שיינט האב איך שוין איהר הערץ געוואונען.

— ווירקליך ?

— יא ? און ניט מעהר וויא מיט צוויי מאל ריידען מיט איהר האט איהר אזא זיעג געמאכט ?

— ניט מעהר וויא מיט צוויי מאל, — האט וואלדין שטאָלץ גע־ענטפערט — דאס ערשטע מאל האב איך זיך מיט איהר געזעהן אין טהעאטער, מיין שפיעלען האט זיא אזוי איבערראשט, דאס נאך דער פאָרשטעלונג האט זיא מיר מונדליך געדאנקט און האט מיך געבעטען איך זאל זיין א גאסט אויף איהר באלל. דאס צווייטע מאהל האב איך זיך מיט איהר געזעהן טאקע אויפ'ן באלל, זיא האט זיך מיט מיר געפרייעט מעהר אלס מיט אלע איבעריגע געסטע און האט נור מיט מיר אליין געטאנצט. איך האב דערקענט אין איהרע אויגען, אז זיא איז צו מיר ניט גלייכגילטיג. אלס איך האב פון איהר אבשיעד גענומען האט זיא מיר הערצליך דיא האנד געדריקט און האט מיך געבעטען, איך זאל היינט אום צעהן אוהר זיין ביי איהר.

— אהא — האט דער פריינד געלאכט — דעריבער האט איהר זיך הייטע אזוי יום־טובדיג פערפוצט ? נו, געהט אין א גוטער שעה צו דעם ענגעל און ענדיגט דאס, וואס איהר האט אנגעהויבען. אדיע!

— וואוהין געהט איהר יעצט, אין אונזער גאסט־הויז ?

— ניין, איך וועל מיך נאך אביסעל דורכגעהן דא אין גאַס. קענט איהר מיר פריינד טהאן א געפעליגקייט?

— וואס פערלאנגט איהר?

— איך בין זעהר נייגיעריג צו זעהן דיעזען ענגעל, וועלכען איהר ריהמט אזוי. איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין, ווען איהר וועט מיר געבען דיא געלעגענהייט זיא צו זעהן.

— וויא אזוי?

— זעהר איינפאך, איהר זאָלט מאכען זיא זאל א קוק טהאן דורך דעם פענסטער אין גאַס דאן וועל איך זיא זעהן.

— איך קען דאס אייך טהאן. דאס איז פון דיא קלענסטע זאכען.

— גוט, טהוט דאס פריינד וואַלדין. איך בין זעהר נייגיעריג צו זעהן דער פרוי, וועלכע איז אין אייערע אויגען דיא שעהנסטע אין דער וועלט.

— באלד וועט איהר זיא זעהן — האט וואַלדין פערגניגט געזאגט און איז אריינגעגאנגען צום באַנקיער גאַטפריעד אין הויז.

אין דערזעלבער צייט ווען דיא צוויי פריינדע האבען דעם ערשטען געשפרעך געפיהרט. האט זיך ביי דעם באַנקיער אין הויז פאָלגענדע סצענע אבגעשפיעלט.

אלס דיא שעהנע ראשעל איז געזעסען הערליך פערפוצט אין איהר פראכטפאָלען מאָרגען-ראָק אין איהר בודואר און האט זיך געגען שפיעגעל אייפעריג בעשעפטיגט מיט איהר קאָפּ-פוץ, איז אריינגעקימען איהר מאַן מיט זעהר א טרויעריגע מינע און האט איהר א ליעבליבען גוט מאָרגען געזאגט.

זיא האט מיט דעם ערשטען בליק אויף איהם דערקענט, אז אַן אונגליק האט געמוזט טרעפען. זיא האט איהם קיין מאל אזוי בלאַס און טרויעריג ניט געזעהן.

— וואס איז געשעהן, ליעבער זיגמונד? — האט זיא זעהר צערטליך געפרעגט — ווארום ווייזט דוא אויס אזוי טרויעריג?

— עס טהוט מיר זעהר לייד מיין טהייערע ראשעל, וואס איך בין געצוואונגען דיר א שלעכטע נאכריכט צו ברענגען; אבער איך קען דאצו גאר ניט העלפען. איך מוז דיר דיא וואהרהייט זאגען: איך געפין מיך יעצט אין זעהר א טרויעריגער לאגע. איך בין שרעקליך פערהענגט און ווען דוא וועסט מיר ניט העלפען בין איך פערלארען.

— איך זאל דיר העלפען? — האט זיא פערוואונדערט געפרעגט — מיט וואס קען איך דיר העלפען?

— דוא זאלסט מיר לייהען דיינע ציערונג איך זאל אויף זיי קענען געלד לייהען, אום דיא וועקסלען צו דעקען, וואס איך מוז היינט צאהלען.

— ביזט דוא וואהנזיניג זיגמונד? — האט זיא געפרעגט אויפשפרינגענד פון'ם ארט — ווילסט דוא דיך אזוי ערניעדריגען און לייהען געלד אויף משכנות?

— איך האב קיין אנדער ברירה ניט, ראשעל. ווען איך וועל היינט קיין געלד בעקומען, וועל איך מוזען אין געפענגניס וואנדערן.

— דוא פערלאנגסט פון מיר אונמעגליכעס,—האט זיא אונפריינדליך געענטפערט — איך וועל דיר מיינע ציערונג ניט געבען.

— איז ביי דיר רעכט איך זאל געהן אין געפענגניס?

— ווען דוא האסט דאס פערדיענט, מוזט דוא אהין געהן — האט זיא קאלט און ערנסט געענטפערט.

— ראשעל! איז דאס דיין שטימע? — האט זיגמונד העכסט אויפגערעגט געשריען — דאס איז מיין לאהן פאר דיא פיעלע גוטעס וואס איך האב מיט דיר געטהאן.

— גוטעס האסט דוא מיט מיר געטהאן? — האט זיא געלאכט — איך גלויב פערקעהרט. דוא האסט מיך העכסט אינגליקליך געמאכט. מיט דיין געלד האסט דוא מיר פערבלענדעט דיא אויגען איך זאל דיך

היירא́טהען, אָבוואָהל איך האב דיך ניט געקענט ליעבען.

— מיין נאָט! — האט זיגמונד געשריעען זיך ביי דיא האר ערגרייפענד — יעצט זעה איך דאס מיין מוטער האט רעכט.

— נו, ווען זיא האט רעכט קענסט דוא זיך צוריק מיט איהר פעראיינען וויא פריהער און מיר וועסט דוא דיא גרעסטע געפעליגקייט טהאן, ווען דוא ווערסט מיך פריי לאזען.

— ראשעל! — האט זיגמונד העפסט צאָרניג געשריען.

— איך וויל מיט דיר זעהר ניט טענה'ן — האט זיא רוהיג געענט־פערט — ווען דוא ביסט א קבצן גיה אין דיא הייזער און איך וועל געהן וואוהין איך וויל.

6טעס קאפיטעל.

## סוף גנב לתליה.

ראשעל האט אויף איהר מאן א פעראכטליכען בליק געוואָרפען און איז ארויסגעגאנגען פון בודואר און איז אריינגעקומען אין גרויסען זאל וואו געסטערן אבענד איז דא אזוי לוסטיג געווען.

— עס איז שוין צעהן אוהר און ער איז נאך ניט דא — האט זיא אונגעדולדיג געזאגט קוקענדיג אויף דער אוהר.

בעפאר זיא האט דיא ווערטער געענדיגט האט מען א קלונג געטהאן אין דער טהיר גלאָקע.

— דאס איז ער! — האט זיא העפסט ערפרייעט א געשריי געטהאן און איז צום שפיעגעל צוגעלאָפען. זיא האט זיך איין מינוט בעטראכט און האט זיך מיט א פערגניגט שמייכעלע געזעצט אויף א ווייכער שטוהל.

עס האט לאנג ניט געדויערט האט זיך דיא טהיר פון זאאל גע־עפענט און וואלדין איז אריינגעקומען מיט זעהר א פריינדליכען גוט־מאָרגען.

— אך, וויא אונגעדולדיג איך האב אייך ערוואַרטעט, ליעבער פריינד — האט זיא געזאגט איהם ריכענד דיא האנד.

— בין איך ניט צו דער בעשטימטער צייט געקומען?

— יא, אבער דיא צייט האט זיך ביי מיר וויא אן עווינקייט אויס־געצויגען. איך וייס ניט ווארום? איך מוז געשטעהן, אז פון ערשטען אויגענבליק וואס איך האב אייך דערזעהן ציהט מיך נור צו אייך.

— איין הערץ פיהלט דאס צווייטע—האט ער פערגניגט געענטפערט. איך פון מיינער זייט'ס מוז אייך געשטעהן, אז איך האב דיא נאכט ניט גע־קענט שלאָפען. איך האב קוים דערלעבט דיא צייט, איך זאל קענען צו אייך פליהען. ראַשעל! מיט אייערע זיסע רייד מיט דער פריינדשאַפט וואס איהר בעווייזט מיר, ניט איהר מיר מוטה איך זאל אייך זאגען אז....

— אז וואס? רעדט ליעבער וואלדין.

— איהר האט מיר געגעבען מוטה איך זאָל אייך דיא וואהרהייט געשטעהן, דאס פון דעם ערשטען מאמענט, וואס איך האב אייך דער־זעהן לעב איך ניט און איך וייס, אז איך וועל שוין גליקליך קיין מאל ניט קענען לעבען....

— זאגט דייטליך — האט זיא מיט א קאָקעטישע מינע געזאגט — אז אָהן מיר קענט איהר ניט לעבען.

— יא, מאדאם — האט ער זיפצענד געענטפערט און האט אראפּ־געלאזט דיא אויגען.

— אבער מיט מיר צוזאמען וועט איהר זיך גליקליך פיהלען?

— איך האב קיין רעכט אזא גליק צו ערווארטען.

— נו, ווען אזוי, זאג איך אייך אז איהר זאָלט דאס גליק יא ער־ווארטען. איהר האט דאס זעלבע געזאגט וואס איך האב אייך געוואָלט זאגען. אַלזא, הערר וואלדין זיט איהר בערייט מיך אין אייער קווארטיר צו עמפפאנגען?

— אָ, ראַשעל! איך גלויב מיינע אויערן ניט — האט ער מיט שטראַהלענדע אויגען געזאגט — איז דאס ד י י ן ערנסט?

— דאס איז מיין ערנסט, ליעבער וואלדין—האט זיא געענטפערט

איהם דיא האנד רייבענד — דיא מינוט בין איך פערטיג מיט ד י ר צו געהן.

ער האט איהר האנד ערגריפען און זיא מיט הייסע קושען בע־דעקט.

— איך בין דער גליקליכסטער אונטער דעם הימעל! — האט ער ענטציקט געשריען.

— גענוג מיט אזוי פיעל צערטליכקייט. לייגט דאס אב אויף שפּע־טער, עס האט זיך יעצט געמאכט אזא צופאל, וואס איך מוז שוין פון דעם פערפלוכטען הויז אפּטרעטען. זיצט דא, איך געה נור נעהמען מיינע ציערונג און מיין קאפּיטאל און וועל באלד מיט אייך געהן.

זיא האט געוואלט ארויסלויפען פון'ם זאל, אבער ער האט איהר אפּגעהאלטען דאמיט וואס צוגעהענד צום פענסטער האט ער געזאגט:

— זעה נור, ליעבע ראשעל, איז יענער עקיפּאַזש ניט דיינער?

זיא האט א קוק געטהאן אין פענסטער און האט געענטפערט:

— ניין, דאס איז ניט מיינער.

דורך דעם קוק אין פענסטער האט וואלדין געגעבען געלעגענהייט זיין פריינד ער זאל זעהן דער שעהנער ראשעל.

ראשעל איז ארויסגעגאנגען ברייננגען איהרע ציערונג און וואלדין איז דא אליין געבליעבען. פערגניט האט ער זיך דיא הענד געריעבען. איהם האט יעצט געטראפען אזא גליק, וואס קען טרעפען איין מאל אין טויזענד יאהר, אז אזא שעהנהייט, א מיליאָנעו־ס א פרוי זאל זיך אין איהם, און ארמען אקטיאָר, אזוי פערליעבען דאס זיא איז בערייט מיט איהם צו אנטלויפען וואוהין ער וויל.

א שמייכעל האט זיך געוויזען אויף זיינע ליפּען אלס ער האט זיך דערמאנט אן דיא ציערונג און געלד וואס דיא שעהנהייט וועט איהם אין דיא הענד אריינברייננגען. ביי איהם איז געבליעבען ער זאל ווערן אויס

אקטיאָר און זאָל מיט זיין געליעבטער פליהען נאך איטאליען און דאָרט לעבען א גוטען טאג.

ראשעל האט זיינע געדאנקען איבערגעשלאָגען דאמיט וואס זיא איז אריינגעקומען טראָגענדיג א היבשען סאקוואָיאזש.

— נאָ, מיין ליעבער אַאלדין — האט זיא געזאגט — טראג דאס אראפ אונטען און לאָמיר פאהרען צו דיר אויפ'ן קווארטיר.

— קום מיין טהייערע, מיין ענגעל, — האט ער מיט א דראמאַ־טישען טאָן געענטפערט צונעהמענדיג דעם סאקוואָיאזש פון איהרע הענד.

וויא זיי האבען נור געוואָלט געהן האט זיך דיא טהיר האסטיג געעפענט און וואלדינס פריינד איז אריינגעקומען.

קוים האט איהם ראשעל דערזעהן איז זיא לייכענבלאַס געוואָרען און האט ווילד א געשריי געטהאן.

— מערדעריך, ראָזאַ קליין! — האט דער דעטעקטיוו אויסגערופען — דאס בין איך, איך האב דיך ענדליך דערטאפט. יעצט וועסט דוא שוין פון מיינע הענד ניט אנטלויפען.

ראשעל אדער רוזא קליין — האט געוואלט אנטלויפען, אבער דער דעטעקטיוו האָט האט זיא אזוי פעסט אנגענומען, דאס זיא האט אנ־געהויבען שרעקליך צו שרייען.

דער אונגליקליכער גאַטפריעד, וועלכער איז נאך אלץ געזעסען אין זיין ווייבס בודואר העכסט פערצווייפעלט, איז דערהערענדיג דעם געשריי ניט טוידט ניט לעבעדיג אריינגעלאפען און אלס ער האט געזעהן וויא א פרעמדער מאן שלעפט זיינער פרוי, האט ער צארניג א געשריי געטהאן:

— ווער זייט איהר?

— איך בין אייער מלאך־הגואל! — האט דער דעטעקטיוו געענט־פערט — איך בין געקומען אייך רעטען פון דעם מלאך־המות הענד. ווייסט איהר, הערר באנקיר, ווען איהר האט געהאט פאר א פרוי? א מער־

דערין, וואס האט שוין צוויי מענער ערמאָרדעט. א הערצלאָזע פרוי, וואס האט פיעלע רייכע מענער רואינירט און הערכסט אונגליקליך גע־ מאכט. זיא הייסט ניט ראשעל זאָנדערן ראָזא קליין. אין בערלין און אין נויאָרק איז איהר נאמען פערשריעבען צווישען דיא מערדער וואס האבען דעם טוידט פערדינט.

— מוטער, מיינע גוטע מוטער! — האט זיגמונד געיאמערט פאַ־ לענדינג אויף דער ערד — אך, ווארום בין איך דיר ניט געהאָרזאם גע־ ווען? וואלט איך דאך צו אזוי פיעל אונגליק ניט געקומען.

— — — — — — — — — — —

דער דעטעקטיוו האנט האט איבערגעגעבען דער באַלעט־טענצערין אין דיא הענד פון דער פאליציי מיט דיא בעשולדיגונגס־פאפיערען, וואס ער האט געהאט פון בערלין און נויאָרק. אין א קורצע צייט איז אנגע־ קומען דיא נייטהיגע אויסליעפערונג־פאפיערען פון בערלין און דער זעלבער דעטעקטיוו מיט נאך א דייטשען שוצמאן האבען איהר אפגעפיהרט אין בערלין. עס איז באלד געווען איהר פראָצעס און א דזשורי (שוואור־גע־ ריכט) האט איהר געפונען פיר שולדיג אויף ערשטע קלאסע מארד און דער ריכטער האט איהר פערארורטהיילט זיא זאָל דעם 15טען יולי 1892 אין בערלינער געפענגניס געקעפט ווערען.

ע נ ד ע.

# דער באָרדער.

**א בילד פון דעם אמעריקאַנער לעבען.**

**פון נ. מ. ש.**

## א.

## צוויי יענער נאך גליק.

**אַבוואָהל זיי האבעןביידע ניט געפונען אין אמעריקא דאס גליק, וואס זיי זיינען געפאהרען זוכען, דאך האבען זיך ביידע גליקליך געפיהלט.**

**יאָ, אויב גליק הייסט צופריעדענהייט מיט דעם וואס מען האט, זיינען זיי זעהר גליקליך געוועזען. דען זיי וואָרען צופריעדען מיט זייער רוהיג שטילעם לעבען, זיי וואָרען צופריעדען מיט זייערע צוויי בריליאַנטענע קינדערליך און דיא הויפּטזאַכע, זיי זיינען געוועזען צופריעדען איינער פון'ם אַנדערען.**

— — — — — — — — — — — — — — — —

פערלאָזענדיג דער פינסטערער, באַרבאַרישער רוסלאַנד, פאָהרענדיג איבער דעם אונערמעסליכען, שטירמישען אָקעאַן אין דער נייער וועלט, האבען ביידע פאַנטאַזירט נאָר פון אַנדערע גליקען. יעקב וואַלדבער, וועלכער האט געענדיגט אין זיין געבורטס־שטאָדט ווילנא א גימנאַזיום, האט ניט געצווייפעלט, אז אין דער פרייער אמעריקא וועט ער באַלד אריינטרעטען אין'ם אוניווערזיטעט און וועט גלענצענד ענדיגען דעם מעדיצינישען פאַקולטעט און דאַן, וועט ער אויסחאַפּען א כלה מיט וועניגסטענס צוואַנציג טויזענד דאָלער און ער וועט זיין אין שטאַנד פירסטליך צו לעבען.

**און ער האט פאָלעס רעכט געהאט אזוי צו דענקען, דען אין דער**

אלטער היימאַטה האט ער געהערט, אז אין אמעריקא קען אריינטרעטען אין אוניווערסיטעט זאגאר אזעלכע מענשען, וואס האבען קיין גימנאַזיום אין דיא אויגען געזעהן און האט פון בילדונג גאָר קיין בעגריף ניט און דאָך ענדיגען זיי דעם סטודיום, בעקומען דעם טיטעל דאָקטאר און האבען גרויס פרנסה. נו, וועט ער (וואָלדבער), וועלכער האט געענדיגט אַלע קלאַסען גימנאַזיום געוויס שנעל און גלענצענד דעם סטודיום ענדיגען און, אזוי וויא אין אמעריקא זיינען צו יעדער צייט דאָ רייכע כלות, וועט זיך דאָך פאר אזא גרויסען מענשען, וויא ער וועט דאמאלס זיין, געוויס גע־פינען א שעהנע כלה מיט נאך שענערע טויזענדער דאָלערס.

חנה לעפשטיין האט שווימענדיג איבער דעם ים־הגדול גע־האָפט, אין אמעריקא צו ערגרייכען דאס זעלבע גליק וואס האט, לויט מען האט ביי איהר אין שטעדטיל דערצעהלט, אין דער נייער וועלט געטראָפען פיעלע רוסישע ארמע מיידלאך. דערצעהלט האט מען אין איהר שטעד־טעל זעהר שעהנע וואונדערליכע געשיכטען פון אזעלכע מיידלאך. זאָ צום ביישפּיעל, האט טעמע דיא קצב׳טע דערצעהלט פאר א גאנצע קאָמפּאַניע ווייבער א מעשה פון איהרע א גישוועסטער־קינד גיטעלע, וועלכע איז היינט א מיליאָנשציכע געוואָרען.

דיא גיטעלע האט זיך נאך מיט צעהן יאהר צוריק אוועקגעלאָזט אין אמעריקא זוכען איהר מזל, דען אין איהר שטעדטעל דובאָוויץ האט זיא נעביך גאר קיין גליק געהאט. ביז 25 יאהר איז זיא געזעסען א מויד און קיין חתן האט אויף איהר געוואלט א קוק טהאן, וויל זיא איז געוועזען אביסעל פּאָמפּעוואַטע מיט א צוגעפּלאַטשעטען נעזל. דאס הערץ האט איהר געזאגט, אז אין יענער נייער גליקליכער וועלט, וועט זיך איהר בעשערטער ארויסווייזען, וכך הוה, אזוי איז געוועזען. אין אכט טאג ארום נאך איהר קומען אין נויאָרק האט זיך אין איהר פערליעבט א גרויסער גביר און נאך גאר א יונגער מאַן. ער האט כיט איהר חתונה געהאט. קורץ און גוט, דיא פּאָמפּעוואַטע גיטעלע איז א מיליאָנשציכע,

זיא האט איינענע עקיפּאַזשען און זיא באדעט זיך פּשוט אין אימפּעריאַלען.

נו, ווען אזא פּאָמפּעזאַטע מויד, וויא גיטעלע וואר האט געפונען אזא חתן — האט זיך חנה'לע געטראכט — וועל איך דאָך דאָרט געוויס א מיליאָנער אויסחאַפּען, דען אויף מיר זאגען דאָך אלע, אז איך בין א שענהייט.

אזוי האבען ווירקליך אלע געזאגט, ווייל חנה'לע לעפּשטיין איז טאקע געווען זייער א שעהן מיידעל. זאגאר אלע פּריצים פון'ם שטעדטעל האבען זיך צו איהר געשדכענט און האבען איינשטימיג געזאגט, אז חנה'קען פּאַסט גאר ניט צו זיין א זשידאָווקע, דען זיא האט אן עכט קריסטליך פּנים.

צו איהר שעהנקייט איז חנה'לה געווען אויך א היבש ביסעל געבילדעט. דארום איז קיין וואונדער, וואס גראָדע זיא האט פיעלע אנבעטער געהאט. א סך פיינע יונגע לייט האבען חשק געהאט זיא צו הייראַטהען, אבער זיא האט פון זיי ניט געוואָלט הערן, ווייל איהר איז געלעגען אין זינען נור אן אמעריקאנער מיליאָנער. זיא האט צוויי יאהר נאך דער רייהע זיך געריסען פאהרען נאך אמעריקא; אבער איהרע עלטערן האבען זיא דאצו ניט דערלאזט. דע', אַבוואָהל זיי וואַרען ארעמע בעליבתים, האבען זיי זיך דאָך ניט געוואָלט פון זייער ליעבע טאָכטער שיידען. גוטע פריינד האבען זיי אבער צו פערשטעהן געגעבען, אז זיי טהוען א גרויסען פעהלער דאמיט וואס זיי זיינען ניט מסכים צו דער טאָכטער'ס רייזע.

— וואס ווילט איהר? — האט צו חנה'לע'ס פאטער געזאגט רבי אבי דור דער מגיד, וועלכער איז בעקאנט אלס לאַנדחכם — פארוואס לאזט איהר אייער קינד ניט פאהרען אין אמעריקא? עס קען זייער זיין, אז דאָרט איז טאקע איהר בעשערטער און גאָט'ס ווילען איז, דאס דיא כלה זאָל פאהרען צום חתן; ניט דער חתן זאל פאהרען צו דער כלה. לאָזט איהר, זאָל זיא פאהרען אין גאָט'ס נאמען. ווייסט איהר דען ניט, אז היינט איז

אמעריקא מיט דובאָוויץ איין שטאָדט. סך־הכל אין צוואנציג.טעג איז מען הין און צוריק. ממה־נפשך, וועט חלילה אייער טאָכטער דאָרט ניט טרעפען וואס זיא וויל, קען זיא אויסדרעהן דעם וואָגען און קומען צוריק א הער.

דעם קלוגען מגידים ווערטער האבען אויף דיא האַרטנעקיגע על־טערן שטארק געווירקט און זיי האבען זיך בעשלאסען צו טהאָן זייער טאכטערס ווילען. זיי האבען פערמשכנט דעם ווילנער ש״ס, וואס איז ניט לאנג ארויס פון דעם דפוס של האלמנה והאחים ראָם. אויך דיא פערל, וואס חנה׳לעס מאַמע האט בעקומען צו איהרע תנאים א געשאנק פון איהר חתן. עס איז געווארען הונדערט זילבערנע רובעל און....

וואס פערשטעהט איהר דאָ ניט, חנה׳לע האט גענומען דיא הונ־דערט רובעל, האט זיך פיין אבגעזעגענט פון איהרע עלטערן און איז אין א גוטע שעה אוועקגעפאהרען אַ הין, וואו איהר האט שוין פון א לאנגע צייט געצויגען. אַ הין, וואו א מיליאָנער וואַרט אויף איהר, אום זיא צו בעגליקען מיט אלעם גוטען.

זיא האט ניט פערגעסען, ארויספאהרענדיג פון דובאָוויץ, צו נעהמען ביי טעמע דער קצב׳טע, א בריעף צו איהר שוועסטערקינד ג י ט ע ל ע דיא פאַמפאָוואַטע מיליאָנשציכע. אין דעם בריעף האט טעמע דער רייכער קרובה הערצליך געבעטען, זיא זאָל חנה׳לען בעטראכטען וויא אן אייגענעם מענשען און זאָל איהר העלפען, וויא ווייט זיא וועט קענען, אז דאס מעד־כען זאל וואס גיכער איהר גליק עררייכען.

חנה׳לע האט געגלויבט, אז צו אזא מיליאָנשציכע וויא גיטעלע איז קומען ניעווים אריין א סך יונגע מיליאָנערן און וויא וועט זיך ניט געפינען חאָטש איינער פון זיי, וואס זאָל זיך אין איהר פערליעבען?

פיינע, זעהר פיינע בילדער האבען זיך פאר איהרע אויגען געמאלט פאהרענדיג איבערן ים. ביי איהר וואַר פאסט קיין צווייפעל, אז גאנץ גיך וועט זיא קענען שרייבען צו דיא עלטערן א „מזל־טוב“ פון תנאים

מיט זעהר א רייכען חתן און דאביי וועט זיא דיא דומע מענשען שטעכען דיא אויגען מיט דער דומהייט וואס זיי האבען בעגאנגען דאמיט וואס זיי האבען זיא ביז אַ הער ניט געלאָזט פליהען צו איהר גליק.

יעצט וועלען מיר זעהן וואס דיאביידע פאנטאזיאָרען האבען זיך איבערצייגט קומענדיג אין דער גליקליכער וועלט.

ב.

יעקב וואלדביער איז אנגעקומען אין נויאָרק.

דער קעסעל־גארדען, דער פארק, דער עלעוועטעד ריילראוט, דיא שטאדט אליין און דאס גוואלטיגע געטומעל פון איהרע שטראסען, האט אויף דעם יונגען מאַן זעהר א גוטען איינדרוק געמאכט. ער האט געזעהן אז דא לעבט מען, אז ווען דאס גליק שפילט נור, קען מען דא האבען פרעכטיגע פאלאצען און דאביי אלעס וואס א מענש קען זיך נור ווינשען.

— דיא איינענטהימער פון דיא אלע שעהנע הייזער, וואס איך זעה דאָ, זיינען געווים אויך א הער אנגעקומען ארים, וויא איך בין יעצט, — האט ער זיך געטראכט און דאָך האבען זיי זיך אזא רייכטהום ערוואָרבען. נו. פארוואס־זשע איז ניט מעגליך, אז איך זאָל אויך מיט דער צייט זיין איינער פון דיא היזיגע מיליאָנערן?

ער איז אריינגעפאהרען צו זיינעם אָנקעל, וועלכער האט זיך שוין דאָ זיט איינינע יאהר בעזעצט. דער האט איהם אלס גוטער גאסט צוגענומען און דיא ערשטע עטליכע טעג איז געווען שמחה וששון.

ענדליך האט דער אָנקעל אנגעהויבען זיין גאסט אויסצופרעגען, וואס ער דענקט צו טהאן. יעקב האט איהם ערקלערט אז ער דענקט אריינטרעטען אין אוניווערסיטעט און אויסשטודירען דאקטאר מעדיצין.

— דוא מוזט דאָך אבער ערשטענס קענען גוט דיא ענגלישע שפראכע, — האט דער אנקעל געזאגט — צווייטענס מוז יעדער סטודענט אריינטראגען א היבשע סומע געלד פאר זיין לערנען אין אוניווערסיטעט.

דריטענס דארף מען דאָך האבען דיא איינינע יאהר, וואס מען לערנט אין אוניווערסיטעט, פון וואנען צו לעבען?

אויף דער פראַגע האט וואלדבער ניט געהאט וואס צו ענטפערן. ער האט פערשטאַנען, אז זיין אָנקעל דענקט גאָר ניט איהם לאַנג ביי זיך אלס גוטען גאסט צו האַלטען און וועגען שטיצונג ער זאָל קענען אין אוניווערסיטעט אריינטרעטען, איז גאר קיין רעדע ניט.

— אלזא, וואס איז אייער ראטה, ליעבער אָנקעל? — האט ער געפרעגט.

— מיין ראטה איז דוא זאָלסט וועגען דעם טיטול דאָקטאָר גאר ניט דענקען, — האט דער אָנקעל געענטפערט — דוא פערגעס גאר, אז דוא ביסט א מאל געווען אין א גימנאַזיום. פערגעס אויך, אז דוא ביסט א מיוחס און אין דיין משפחה איז קיין בעל־מלאכה ניט געווען אמעריקא איז אן אנדער וועלט, דא איז אן עולם־המעשה, א וועלט וואס מען מוז אין איהר ארבייטען. נור דורך שווערע ארבייט קען מען דא קומען צו רייכטהום און צו א נאמען.

— ארבייט? — האט וואלדבער פערוואונדערט א געשריי געטהאן — וואס פיר אן ארבייט קען איך דאָ טהאן?

— וואס? — האט דער אָנקעל לאַבענד געענטפערט — דוא קענסט ווערן א העמדען־נייער, אן אָפּער־יטער אָדער איינפאַך א פעדלער.

— וואס רעדט איהר, אָנקעל? גאָט איז מיט אייך, — האָט יעקב ערשראָקען געפרעגט — איך זאָל ווערן א פשוט׳ער שניידער אדער א פעד־לער, איך?

— דוא מענסט ביי זיך זיין דער גרעסטער „איך“ אין דער וועלט. קוים ביסט דוא אין אמעריקא געקומען, מוזט דוא דיין שטאָלצען „איך“ מבטל זיין און זיך נעהמען צו אזא ארבייט, וואס קען דיר געבען ברויט.

— ניין, אָנקעל, דאס וועל איך קיין מאל ניט טהאן — האט יעקב מיט זעהר אן ערנסטע מינע געענטפערט — איך מוז ערררייכען מיין גליק

דורך דעם אוניווערסיטעט. איך מוז ענדיגען דאקטאר און איהר, אלס גוטער אָנקעל, מוזט מיר בעהילפיג זיין איך זאָל מיין ציעל ערנייכען.

— ווען דוא וועסט זיין נאך אביסעל אין אמעריקא — האט דער אנקעל שמייכלענד געענטפערט, וועסט דוא ערפאהרען פון דעם ווערטעל, וואס זאגאר יעדעס קליינעס קינד וויים פון איהם. דאס ווערטעל איז: „העלפ יור סעלף" (העלף זיך זעלבסט). דוא פערש עהסט וואס דאס בעדייט? דיא אמעריקאנער זיינען ניט זאָ גוטהערציג וויא דיא אייראָ־פייער. זיי זאגען, אז דער מענש וואס פערלאָזט זיך אויף דיא שטיצע פון אנדערע, דער איז קיין מענש ניט. יעדער איינציגער מוז פאר זיך זאָרגען און ווען ער טהוט עס ניט, דארף מען אויף איהם קיין רחמנות האבען.

— אָבער אָנקעל, איך מוז דאך האבען א וואהלטהעטער וואס זאָל מיר חאטש דיא ערשטע צייט אויסהעלפען ביז איך וועל אליין אים שטאנדע זיין פאר זיך צו זארגען.

— ניין, דוא ביזט שוין קיין קינד ניט. דוא דארפסט קיינע וואהל־טהעטער האבען. אזעלכע יונגע לייט וויא דוא ביזט ערנעהרען שוין דא זייערע עלטערן. ביי מיר קאנסט דוא זיצען נאך אפאָר טעג און ווייטער זוך זיך אליין דיא וועג צו דיין עקסיסטענץ.

יעקב איז שטארק צאָרנינג געוואָרען אויף זיין שלעכטען אָנקעל און ער האט זיך בעשלאָסען אלע מיטעלן אנצו־ווענדען זיך, אהן זיין הילף צו בעגעהן.

אָבער וויא אזוי בעגעהט מען זיך אין אזא אונטערנעהמונג אהן דער הילף פון פרעמדע?

אונזער וואלדבער האט זיך געפרואווט ווענדען אין דער אבטער סטריט. אָבער דארט האט ער געמוזט עטליכע טעג לויפען אהנע דאס גליק צו האבען יעמאנד פון דיא וואהלטהעטער זאל מיט איהם ריידען. ענדליך האט איינער יא מיט איהם גערעדט און, אלס ער האט דער־

הערט, דאס דער יונגער מאן האט חשק צו שטודירען דאקטאר, האט ער מיט א פערעכטליכען שמייכעל געענטפערט:

— ווען איהר ווילט זיך לערנען פאר א סטאָליער, קען מען אייך טהאן א שטיקעל טובה.

יעקב האט געפּרוביערט זיך ווענדען צו זיינע לאנדסלייטע זיי זאלען איהם העלפען, קומען צו זיין ציעל. אָבער דא האט ער דיא פּראקטיק געהאט צו הערען פון יעדען איינציגען דאס ווערטעל, „העלפּ יור סעלף״ קיינער האט איהם זאגאר געוואלט לייהען עטליכע סענט אויף א שטי־קעל ברויט.

עס איז געווארען זייער ביטער און אונזער קינפטיגער דאקטאָר, האט געמוזט אלע זיינע האפנונגען אויפגעבען און זיך ווידמען דער איינ־פאכער פּשוטער ארבייט „שניידעריי״.

ער איז געווארען א העמדעל נייער. מיט א צובראָכען הארץ און מיט טרעהרענדע אויגען האט ער זיך צו דער ארבייט געזעזצט. ער האט געמוזט אויסהערען יעדען טאָג פּארווירפע און שימפּווארטען פון זיין שטאל־צען באָס וועלכער איז געווען אן אמת׳ער מיוחס, א געבאָרענער שניידער פון דער היים. ער האט זאגאר זיין נאָמען ניט געקענט אונטערשרייבען, און דאך האט ער שטארק שטאָלצירט מיט דער גאָלדענער וואָטש אונד טשיין (אוהר און קעטע), וואס ער האט גענומען אויף אויסצאהלען און האט שוין באלד אויסגעצאהלט.

— נויטה ברעכט אייזען — זאגט דיא וועלט. און דער נויטה האט אונזער וואָלדבער׳ן גיך אויסגעלערנט דיא ארבייט. ער האט זיך ביסליך וויים מיט איהר צוגעוואוינט, ביסליך־וויים האט ער, פיהלענדיג אז ער פערדינט יעדע וואָכע זעכס דאלער, דיא ארבייט ליעב בעקומען און האט זיך מיט מעהר חשק צו איהר גענומען. ער האט זיך אויסגעקליידעט נאך אמעריקאנער מאָדע, האט אויך גענומען א גאָלדענע וואָטש־און־טשיין אויף אויסצאָהלען, זיין נאמען יעקב האט ער פערביטען אויף דזשייק און

איז געוואָרען אין פערלויף פון איין יאהר אן עכטער אמעריקאנער.

ווענען דעם אוניווערסיטעט האט ער שוין אין גאנצען פערגעסען, ער האט יעצט נור אין זינען געהאט, מיט א פאר דאָלער א וואָך מעהר צו פערדינען, אום ער זאָל זיך קענען א שטיקעל קאפיטאל עריוערבען. זיין איינציגער וואונש וואר יעצט, ער זאָל אין שטאנדע זיין אין ניכען אליין צו ווערן „באָס" ער זאָל פערשפאָרען אליין פיעל צו ארבייטען, נור אנדערע זאָלען פאר איהם ארבייטען.

אין שאפ, וואו ער האט געארבייט, איז ער בעקענט געווארען מיט דער ארבייטערין ענני לעפשטיין און צווישען דיא יונגע לייט האט זיך פערוויקעלט א הייסע ליעבע.

ג.

ז י א.

חנה לעפשטיין איז אויך בשלום אין אמעריקא אנגעקומען. איהר האט אויך דער גלאנץ פון דער גרויסער שטאדט דיא אויגען פער־בלענדעט און זיא האט געמיינט אז זיא איז אין הימעל אריינגעפלויגען. ביי איהר איז אויסגעקומען, אז דיא אלע פראנטען אין דיא סטאָפפייפס (צילינדער־היט), וואס זיא האט אין גאס בעגעגענט, זיינען אלע מיל־יאָנערן.

זיא האט קיין אָנקעל געהאט אין נויאָרק און האט געמוזט אריינ־פאהרען מיט איהרע פעקלעך אין איינע פון דיא אכסניות אין עסעקס סטריט, וואו אלע גרינע פאהרען אריין. אלס זיא האט זיך אביסעל אויס־גערוהט פון'ם וועג האט זיא זיך פערפוצט אין איהר בעסט קליידעל, אום צו מאכען א וויזיט דער מיליאָנשציבע גיטעלע פעפערקרוים. געוויסע דריי שטונדען איז זיא געגען שפיגעל געשטאנען און האט אלע איהרע קרעפטען אנגעווענדעט אויסצואווייזען פרעכטיג שעהן. דען ווער ווייס צו וועט זיא גראדע יעצט ניט טרעפען ביי דער מיליאָנשציבע איהר בעשערטען?

ענדליך האט זיא געגומען דיא אדרעסע וואס טעמע דיא קצב׳טע האט איהר געגעבען און איז אוועקגעגאנגען. דיא אדרעסע האט געלויטעט: „83 לודלאָוו סטריט". חנה׳לה האט זעהר גיך אויסגעפונען דאס הויז.

— אך וואס פאר א גרויס הויז! — האט זיא זיך-געקלערט—דיא גיטעלע מוז טאקע האבען קרח׳ס אוצרות. עפּעס א קלייניגקייט אזא פּאַלאַץ? ווען ער זאָל שטעהן אין דובאָוויץ, וואָלט מען דאָך געלאָפען אויף חידושים איהם אנקוקען. ער איז אזוי הויך און אזוי גרויס, אז עס איז פּשוט א מורא.

— וואו וואוינט דאָ דיא מאַדאַם פּעפּערקרויט? — האט זיא געפרעגט ביי איינעם פון דיא מענשען, וואס זיינען ארויסגעגאנגען פון׳ם הויז.

— מאַדאַם פּעפּערקרויט? — האט דער געפרעגטער געפרעגט — איך הער דאָס ערשטע מאָל דעם נאָמען.

— איהר וואוינט ניט אין דיעזעם הויז?

— יא, איך וואוין דאָ.

— נו, און איהר קענט גאָר ניט דער אייגענטהימערין פון דעם הויז?

— איך פערשטעה ניט וואס איהרווילט, פריילין. דאס הויז האט קיין אייגענטהימערין. דער ווירטה פון איהם איז אן אלמן און זיין נאמען איז ניט פּעפּערקרויט. איהר מוזט אן אירטהום האבען.

— איך האב קיין אירטהום — האט אונזער גריינע געענטפערט און האט נאך א מאָל א קוק געטהאן אויף דער אדרעסע. דא שטעהט אויסדריקליך אברהם פּעפּערקרויט נומער 13 לודלאָוו סטריט.

— אָה, איך ווייס שוין וועמען איהר מיינט. איהר זוכט געוויס אייבראַם דעם עקספּרעססמאַן.

— איז זיין ווייב מיט א פּלאַטשיגער נאָז?

— יא און א היבש ביסעל פּאָמפּעוואַטע אויך.

— דאס איז זיא, — האט חנה'לע ערפרייט געענטפערט — וואו וואוינט זיא?

— זיא וואוינט טאָפּ־פלאָאָר, אין דיא בעק.

— וואס איז דאס אזוינס, טאָפּפלאָר אין דיא בעק?

— דאס איז אויפ'ן פערטען שטאָק, דיא פענסטער קומען אריין אין הויף אריין.

חנה האט אנגעהויבען צוקריעכען אין דער הויך. זיא האט גערעכענט אז „עקספרעסמאַן" מוז זיין אזא גרויסער טיטול, וויא צום ביישפּיעל. באַראָן אדער גראַף. קריעכענדיג אויף דיא טרעפּ האט זיא זיך זעהר געוואונדערט, וואס גיטעלע דיא מיליאָנערטע וואָינט אין אזא שמוציג הויז. דיא טרעפּ זיינען וויא איינגעטונקט אין בלאָטע און איבעראל האט זיך געהערט א גן־עדן־ריח פון א בית־הכבוד.

ענדליך איז זיא אנגעקומען צום פערטען פלאָר און א באָרפוסער לויפער, וועלכער איז גראַדע ארויס געגאנגען פון א טיהר האט אויף איהר פראַגע, וואו וואוינט דער העדר עקספרעסמאַן אייבראַם פעפערקרויט, איהר אנגעוויזען אויף א טיהר, נעבען וועלכער עס איז געלעגען א באַרג שמוץ פון כל־המינים.

— דאס מוז זיין אן אירטהום, — האט זיך חנה'לע געקלערט — עס איז אונמעגליך, אז א מיליאָנער זאָל וואוינען אין אזא שמוץ. דאָך האט זיא געעפענט דיא טיהר און איז אריינגעגאנגען אינוועניג.

א פרוי מיט א פלאַטשיגע נאָז, געקליידעט אין אן אלט שמוציגע, צעריסענע קליידעל איז איהר ענטגעגען געקומען און האט געפרעגט, וועמען זיא זוכט דאָ.

— איך האב געמוזט א טעות האבען — האט חנה'לע געענטפערט — איך דאַרף האבען צו א פרוי, וואס הייסט גיטעלע פעפערקרויט.

— דאס בין איך אליין מיסיס פעפערקרויט — האט דיא פלאַטשיגע נאָז שטאָלץ געענטפערט.

— זייט איהר פון דער שטאדט דובאָוויץ?

— יא.

חנה'לה איז אויסער זיך געוואָרען פאר ערשטוינען. זיא האט איהרע אויגען און איהרע אויערן ניט געגלויבט, דאָך האט זיא ווייטער געפרעגט:

— האט איהר אין דובאָוויץ א שוועסטער־קינד טעמע?

— טעמע דיא קצב'טע? — האט דיא מיסיס פעפערקרויט געענטפערט — וואס? איהר קענט זיא? יא, זיא איז טאקע מיין'ס א לייבליבע שוועסטער־קינד. דען מיין עלטער־זיידע מיט איהר עלטער־באָבען זיינען געוועזען שוועסטער און ברידער. איהר פאהרט יעצט פון דובאָוויץ?

חנה'לע האט שוין ניט געקענט ענטפערן. יעצט וואר שוין ביי איהר קיין צווייפעל מעהר, אז דאס איז דיא מיליאָנשציבע גיטעלע, מיט וועלבע טעמע דיא קצב'טע בעריהמט זיך אזוי.

— וואָס קוקט איהר מיך אזוי אן? — האט גיטעלע געפרעגט מיט איהר פאָמפעוואטע שטימע.

— איך מוז אייך זאָגען, אז איך בין זעהר ערשטוינט—האט חנה'לע געענטפערט — ביי אונז אין שטעדטעל ערצעהלט מען, אז איהר זייט א גרויסע גבירה געוואָרען אין אמעריקא, אז איהר זייט דאָ זעהר גליקליך.

— גליקליך?—האט דיא פאָמפעוואטע מיט א זיפץ געענטפערט— אָי אויף מיינע שונאים, טאטע זיסער, געזאגט געוואָרען דיא אמעריקאַנישע גליקען. מען מוטשעט זיך דא וויא אויף דעם טוידט. מיין מאַן נעביך, שוין א איד פון איבער זעבציג יאהר, שלעפט זיך ארום א גאנצען טאג מיט זיין הונגעריגער קליאטשע און פעדדינט קוים אויף רענט און אויף א שטיקעל טרוקען ברויט און איך קוועל מיך גאנצע טעג און גאנצע נעכט, וויא דער רשע אין גיהינם. ניחאי וואָלט איך דיא פיס צור בראָכען, איידער איך בין גאָר א הער אין דער פערפלוכטער לאַנד געקומען!

— וואס, סטייטש, פון רוסלאנד פליהען דאָך א הער אלע טאג

טויזענדער מענשען? — האט חנה׳לע שטארק אונצופריעדען געפרעגט — דאס איז דאָך א בעווייז אז אין אמעריקא איז בעסער אלס אין רוס־לאנד.

— וואַרט מיין קינד, דוא וועסט דא זיין אביסעל אין׳ם גליקליכען לאנד, וועסט דוא שוין זעהן וויא גוט דא איז.

אונזער חנה׳לע האט זיך טאקע באלד ארומגעזעהן, אז דיא פּאָמ־פּעוואַטע האט זעהר רעכט. דען צוויי גאנצע מאָנהייט האָט זיא זיך גע־פּלאָנט אין נויאָרק און, ניט נור קיין מיליאָנער האט זיך אין איהר פערליעבט, זאָגאר אן איינפאַכער זינדיגער בעל־הבתיש׳ער יונגער מאן האט זיך ניט געפונען, וואָס זאָל איהר צייגען חאָטש עטוואס ליעבע.

דאס ביכעל געלד וואָס זיא האט ביי זיך געהאט האט זיא אויפ־געגעסען און אלס דער הונגער האט זיא אנגעהויבען צו דריקען, האט זיא זיך בעשלאָסען ווערן אן איינפאַכע ארבייטערין. זיא איז אנגעקומען אין דעם זעלבען שאָפּ וואו אונזער בעקאנטער דזייק וואַלדבער האט געאר־בייט, דאָ האט זיא אנגעהויבען פערדינען געלד און דער גאָט פון דער ליעבע האט זיך צו איהר בעוויזען און האט זיא צוזאמענגעקניפּט מיט וואַלדבער׳ן. זיי האבען זיך אזוי לאנג געליעבט ביז — זיי זיינען געוואָרען מאן און ווייב.

דיא פּראַקטיק האט זיי געלערנט צופריעדען צו זיין מיט זייערע קליינע פערדינסטע, וועגען מיליאָנען האבען זיי שוין ניט פאנטאזירט און דארום קען מען זאגען, אז זיי האבען גליקליך געלעבט. ער האט געוואוסט אז ער דאַרף ארבייטען פאר זיין ליעבע פרוי און פאר דיא צוויי שעהנע קינדערליך, וואס זיא האט איהם געשענקט און זיא האט געוואוסט, אז זיא דאַרף זיין א בעל־הבית׳טע אין שטוב, א געטרייע ווייב צו איהר מאן און א צערטליכע מוטער צו איהרע קינדער.

אָבער דיא פערדינסטען, וואָס וואַלדבער האט געבראכט יעדען פרייטאג א היים ווארען ניט גענוג צו דעקען אלע הוצאות וואס דאָס

לעבען פאָרדערט, דארום ווארען זיי גענעטהיגט אריינגעהמען צו זיך אין שטוב א באָרדער (קוואַרטיראַנט), פאר דעם לאָהן פון דריי דאָלער א מאָנהייט.

## ד.

## דער שמן.

מאָריס פלאָט (אַזוי האט דער באָרדער פון אונזער פאָר־פאָלק געהייסען) וואר א מאַן פון א יאהר דרייסיג. ער איז געווען שטארק גע־בויט און אַ פראַכט נאך דער לעצטער מאָדע. לויט וויא ער האט דער־צעהלט, האט ער אין מאסקווא געדינט אלס בוכהאלטער אין א גרויס געשעפט, נור אין דער לעצטער צייט האט מען איהם, צווישען נאך טויזענדער אידען, פון מאסקווא ארויסגעטריעבען און דארום איז ער אנטלאָפען אַ הער אין דער נייער וועלט זוכען זיין גליק.

אויף דער פראגע צו האט ער א פרוי מיט קינדער האט פלאָט געענטפערט דאָס ער האָט געהאט א פרוי מיט אלע מעלות. ליידער אבער איז זיא אין א יאהר אַרום נאך זיין האָכצייט געשטאָרבען פון א קינפעט.

ער איז שוין אין אמעריקא זייט א יאהר. ער האט אין דער קורצער צייט זיך געהאפט צו פיעלע געשעפטען און איז ענדליך געוואָרען אן איידזשענט פון א לייף־אינשורינגס־קאָמפּאַניע אויף פון לאָטס און דיא בעשעפטיגונג האט איהם עטליכע דאָלער א וואָך פראָפיט געבראכט.

פלאָט וואר זעהר א פרעהליכער יונגער מאַן. אין זיין געגענוואַרט האט מען ניט געקענט אונמוטהיג זיין. ער האט געהאט זעהר א זיסע טענאָר־שטימע און פלעגט זינגען זעהר שעהנע רוסישע, אויך אידישע ליעדער. ער וואר זעהר סימפּאטיש און האט אויף יעדע מענשען א גוטען איינדרוק געמאכט.

דיא ערשטע אכט טאג וואס ער האט זיך אריינגעקליעבען צו וואלדבערן אין וואוינונג האט ער זעהר וועניג גערעדט, מען פלעגט איהם

ניט מעהר זעהן וויא ביי נאכט, אלס ער פלעגט קומען א היים שלאָפען. אויפשטעהענדיג האט ער אבגעטרונקען קאפע, וואס עני וואלדבער האָט שוין פאר איהם צוגעגרייט, פלעגט זעהר העפליך זאגען „דענק־יו" און איז אוועקגעגאנגען.

נור אין אכט־טאָג ארום אלס ער איז א היים געקומען פאר־נאכט, נאך בעפאָר וואלדבער איז צוריקגעקומען פון שאפ, האט ער זיך פאר־נאנדערגערעדט מיט דער מיסיס וואלדבער. ער האט איהר דערצעהלט זיין טרויעריגע געשיכטע און האט מיט זיין ערצעהלונג ערוועקט מיטלייד אין עני'ס גוטע הארץ. ענדליך אבער האט ער זיא דערפרייט מיט דער גוטער נאכריכט, דאס יעצט איז איהם זעהר גוט ער פערדינט זיינע 15 דאָלער א וואָך און ער האָפט דאָס מיט דער צייט וועט ער זעכס מאָל אזוי פיעל פערדינען, ווייל די קאָמפּאַניעס מיט וועלכע ער האנדעלט זיינען פון איהם העכסט צופריעדען.

אויף דעם צווייטען טאג איז פלאט נאך פריהער א היים געקומען. יעצט האט ער שוין מיט זיין מיסיס גאָר פון אנדערע זאכען גערעדט. ער האט איהר דערצעהלט פון זיין גליקליך לעבען וואס ער האט פערבראכט אין רוסלאנד; פון דיא טהעאטערע, וואס ער האט בעזוכט דאביי האט ער פאר איהר געזונגען א פאר שעהנע ראמאַנסען, פון וועלכע עניע איז ענטציקט געוואָרען. זיא האט געליעבט זיין זיסע שטימע און ער האט איהר אויך אייניגע קאָמפּלימענטען געמאכט, אז זיא איז דיא איינציגע פרוי, וואס ער האט דאָ אין אמעריקא געפונען מיט וועלכער מען קען א פאר שטונדען פערברייננגען אָהנע צו גענעצען.

אזוי זיינען איבערגעגאנגען שעהנע עטליכע טעג און אונזער עניע האט זיך געפיהלט שטארק צוגעבונדען צו דעם שעהנעם קלוגען טאַ־לאנטפאָלען פלאָט. זיא פלעגט שוין פאר איהם צוגרייטען יעדען טאג גוטע זאכען איהם צו ערפרישען, ווען ער קומט א היים נאך זיין שווערער

ארבייט. ער האט אויך שכל געהאט איהר צו ברענגען פון דער גאס פערשיעדענע ערקוויקונגען.

דער ארמער דושייק וואלדבער, וועלכער האט דעם גאנצען טאג געארבייט אין שאפ וויא אן עזעל, האט קומענדיג א היים קיין פערענדערונג בעמערקט אין זיין ליעבער פרוי. ער האט זיך זאָגאר ניט געוואונדערט אויף דעם, וואס זיין עניע האט זיך שבת ענטזאגט ארויסצוגעהן מיט איהם שפאציערען אדער געהן אין טהעאטער, מיט דעם אויסרייד, אז זיא פיהלט זיך אונוואָהל. ער האט יעצט וויא פריהער געארבייט פאר זיין פרוי און קינדער און האט נעביך ניט געוואוסט, אז דער גרעסטער טהייל פון זיין פערדינסט פערווענדעט זיין עניע אויף גוטע שפייזען, וואס זיא גרייט צו פאר דעם ליעבען באָרדער. דער געטרייער מאן האט אויך ניט בעמערקט, אז זיין ווייב׳ס גאָלדענע בראָשע, וואס ער האט איהר געשענקט צו דיא תנאים ליעגט שוין אין פאונשאָפ, זיין עניע האט אויף דעם גענומען איינינע דאָלער צו דעקען דיא איבעריגע הוצאות, וואס זיא האט געמאכט פאר מיסטער פלאָט.

ארמער, ארמער וואלדבער! ער האט ניט בעמערקט מיט וואס פאר א בליקען זיין פרוי קוקט אויף איהם יעצט. דיא בליקען ווארען שוין ניט מעהר יענע ליעבליכע, מיט וועלכע זיא האט איהם יעדען אבענד בעגעגענט אלס ער איז פון זיין ארבייט א היים געקומען. ניין, דאָס ווארען יעצט בליקען פול מיט האס און פעראכטונג. איהר הערץ האט שוין ניט געהערט צו איהם, זאָנדערן צו דעם באָרדער מיסטער פלאָט.

מען קען זאגען דאס עניע אליין האט אויך ניט ריכטיג געוואוסט, דאס פערענדערונג וואס אויף איהר איז געקומען. זיא האט געמיינט אז זיא בעהאנדעלט איהר מאן מיט דער זעלבער צערטליכקייט, וואס פריהער. דען וואס איז דער אונטערשיעד פון יעצט ביז פריהער. ביז א הער פלעגט זיא איהם געבען עסען אלס ער פלעגט קומען א היים. פריהער

פלענט ער געפינען זיין בעט אויסגעבעט און א ריינעם האנדטוך און יעצט איז אויך דאס זעלבע.

אבער אין א שעהנעם טאג האט עניע זיך ארומגעזעהן, וואו זיא האלט אין דער וועלט, אויך אונזער דזשייק האט זיך ארומגעקוקט, אז ער לעבט אין טעות.

## ה.

## דער אויסברוך.

דאס וואר אין א שעהנעם יוני טאג, עניע וואלדבער איז געזעסען ביי זיך אין פראָנט־רום און האט ערווארטעט דעם מיסטער פלאָט, וועלכער פלעגט צו דיעזער צייט אימער קומען.

ער האט זיך דאס מאל מיט א האלבע שטונדע פערשפעטיגט. ער איז אריינגעקומען זעהר טרויעריג.

— וואו זייט איהר דאס געוועזען אזו לאנג, מיסטער פלאָט?—האט עני צערטליך געפרעגט.

— איך בין ארומגעגאנגען זוכען פאר זיך אן אנדער קוואַרטיר.

— וואס? — האט מיסיס וואלדבער ערשראָקען געפרעגט — אן אנדער קוואַרטיר זוכט איהר. ווילט איהר דען פון אונז זיך ארויסציהען?

— יא — האט ער קאלט געענטפערט.

— ווארום? וואס בעדייט דאָס?

פלאָט האט אנשטאט אן אנטוואָרט, נור א זיפץ געטהאן.

— אום גאָטעס ווילען, הערר פלאָט. זאגט מיר וואס איז מיט אייך,—האט עני ערשראָקען געפרעגט איהם ערגרייפענד ביי דער האנד— ווארום ווילט איהר אונז פערלאזען?

— איך קען אייך דיא אורזאכע דערפון ניט זאגען.

— איהר קענט ניט? ניין, הערר פלאָט, איהר מוזט מיר דיא ריינע וואהרהייט זאגען. וואס טרייבט אייך פון מיין הויז? פיעללייכט האט אייך מיין מאן גראָב אנגעטראָטען?

— ניין.

— וואס דען איז אייך פלוצלונג איינגעפאלען זיך פון אונז ארויס־צוציהען?

— ווען איהר אויף מיר ניט זיין צאָרניג פאר מיין אָפּגעהערציג־קייט?

— ניין, בעהיטע גאָט! זאגט וואס איהר ווילט, איך וועל אַלעס געדולדיג אויסהערן.

— איך מוז אייך זאגען, מיסיס וואלדבער, דאס מיר איז אייער וואוינונג צו ענג געוואָרען. איך קען דאָ מעהר ניט זיין, ווייל איך פיהל דאס ווען איך וועל דאָ נאך א קורצע צייט זיין, וועל איך מוזען זעלבסט־מאָרד בעגעהן.

— זעלבסטמאָרד?—האט עני העכסט ערציטערט געפרעגט—האט אייך דען א גרויס אונגליק געטראָפען?

— מיין אונגליק בעשטעהט אין דעם, וואס איך זעה מיין גליק פאר מיינע אויגען און קען צו איהם ניט קומען.

— דאס פערשטעה איך שוין ניט. זאגט דייטליך וואס מיינט איהר דאמיט?

— ווען איהר פערשטעהט דאס ניט, איז פאר מיר פיעל ערגער, ווייל דאס בעווייזט, אז איהר זייט זעהר פרעמד פון מיר און אין דעם בע־שטעהט מיין גאנצעס אונגליק.

עני האט איהם מיט ליעבעספאָלע אויגען אנגעקוקט און האט שמייכלענד געזאגט:

— זאָל איך גלויבען אז אייער גאנצעס אונגליק בעשטעהט אין דעם, וואס איך בין צו אייך פרעמד? פערגעסט אבער ניט, מיסטער פלאט, דאס ערשטענס בעטראכט איך אייך אלס אייגענעם מענשען, דאס ווייסט איהר זעהר גוט און זיך ערלויבען זיין נאך נעהענטער צו אייך טאָר איך ניט, ווייל וויא איהר ווייסט, בין איך א פערהייראטהעטע

פרוי. מיסטער פלאַט, פערלאָזט אונז ניט, איך וועל נאָך אייך בייַנקען.

— דאס עבען קריינקט מיך, וואס איהר זייט זאַ אונגליקליך פערהייראַטהעט, — האט ער געענטפערט—מיר רייסט אויס שטיקער הארץ, ווען איך דערמאַן מיך, דאס איהר לעבט זאָ אונגליקליך. צו דאַרפט איהר האבען א מאַן א העמדען־נייער, וואס זאל אייך פערדינען נור אויף דיא נויטהווענדיגסטע לעבענס מיטלען? איהר זייט געבוירען צו לעבען וויא א פירסטין אין אלעם גוטען, אייך זאָל ניט פעהלען פון פייגעל־מילך.

— איך האב אבער בעסער ניט געקענט מאכען און איך קען אויך יעצט בעסער ניט מאכען—האט זיא געענטפערט מיט א שטאַרקען זיפץ.

— איהר קענט בעסער ניט מאכען? — האט ער געלאכט—ווייסט איהר דען ניט אז איהר לעבט אין דער פרייער אמעריקא, א לאַנד וואס וויל פון שקלאַפעריי ניט וויסען. צווינגט אייך דען יעמאַנד איהר זאָלט אייערע יאהרען אויסלעבען מיט אזא מאַן, וואס מאכט אייך אזוי אונגליקליך?

— וואס פאר א גליק ערוואַרטעט מיך, ווען איך וועל פון מיין מאַן אבטרעטען?

— דאס איז גוט געפרעגט — האט ער שמייכלענד געזאגט—ווער וועט דען ניט וועלען זיין דער שיצער פון אזא ענגעל וויא איהר זייט? איך צום ביישפיעל וואָלט מיך פאר דעם גליקליכסטען געפיהלט, ווען איהר זאָלט מיך בעגליקען מיט דער בעפאָלמעכטיגונג אייער שיצער צו זיין. איך וואָלט אלע מיינע קרעפטען אנגעווענדעט, אייך זאַ פיעל פערגניגען צו פערשאפען, וויא פיעל שמערצען איהר האט פון אייער מאַן געהאט אין דיא פאר יאהר וואס איהר לעבט מיט איהם צוזאמען.

— ווארום ווילט איהר אזא לאַסט אויף זיך נעהמען?

— א לאַסט?—האט ער מיט פייער א געשריי געטהאן—אך וויא בעליידיגט איהר מיך מיט דיעזע ווערטער. איהר וועט זיין אויף מיר צו לאַסט? ניין, ענגעל. איך פערלאנג גאָר קיין גרעסער גליק ניט, וויא דיעזען

לאַסט איוף זיך צו טראגען. איך מח אייך אַפען זאָגען, אז איך ליעב אייך שטערבליך און אָהן אייך איז מיין לעבען קיין לעבען ניט. אויב איהר ווילט מיך פון טוידט לעבעדיג מאכען ענטפערט מיר נור, דאס איהר ווילט מיינע זיין און אלע מיינע ווינשע זיינען עררייכט. נו, איהר שווייגט? איהר קענט זיך ניט בעשליסען א שטערבענדען צוריק דאס לעבען צו געבען ?

עני וואר זאָ פערווירט, דאס זיא האט אנפאנגס גאר ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן, ענדליך אבער האט זיא זיך געווענדעט צו פלאַטין און האט געזאגט מיט א ציטערנדער שטימע :

— איך בין צופריעדען. פיהרט מיך וואוהין איהר ווילט.

— עני מיינע, טהייערע זיסע עני—האט פלאַט ענטציקט א געשריי געטהאן און באלד זיינען זיי געשטאנען אומגעארמט מיט צוזאמענגע־קלעפטע ליפען. זיי ווארען ביידע זא פערשיכורט פון גליק דאס זיי האבען ניט בעמערקט, וויא דיא טיהר האט זיך געעפענט און דזשייק וואלדבער איז אריינגעקומען.

ערשט דאַן, אלס ער איז מיט אַ־בענע העגד אריינגעפלוינע אין פלאַט׳ס באַקען, האבען זיך דיא ביידע פערליעבטע ערוואכט פון זייער זיסען חלום און עס איז געוואָרען אַזא שקאַנדאל, דאָס אלע נאכבאַרען זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען.

## ו.

## מזל־טוב.

צערטרימערט איז געוואָרען דעם ארמען דזשייק וואלדבערס גליק. זיין ליעב פיינעלע איז פון זיין נעסט אוועקגעפלויגען און ער איז געבליעבען אליין נור מיט זיינע ביידע קינדערליך, מיט דיא לעבעדיגע יתומימליך. אנפאנגס וואר ער שטארק פערצווייפעלט. ווען ער זאָל ניט געווען מיט־לייד האבען מיט זיינע אונשולדיגע קליינע קינדערליך, וואָלט ער געווים

זיך דאס לעבען גענומען. ענדליך אבער האבען איהם זיינע פריינדע אויפ־געקלערט, דאס ער וועט זיין א גרויסער נארר ווען ער וועט בענקען נאך אזא אונגעטרייע פרוי, וויא זיין עני וואר. ער האט פערשטאנען, אז זיי האבען רעכט און האט געפאָרדערט דורך געריכט מען זאָל איהם מיט זיין פרוי צושיידען אויף אימער. דער ריכטער האט ארויסגערופען עני'ן אין קאָורט, האט געמאכט נאכפארשונגען און זיא האט זיך אליין מודה געווען, אז זיא איז איהר מאן אונגעטריי געווען און זיא לעבט מיט אן אנדערן.

— איהר זייט געטרענט ! — האט דער ריכטער זיין אורטהייל גע־געבען.

דזשייק מיט עני'ן זיינען געוואָרען פרייע פייגעלעך. וואלדבער האט געדאנקט גאָט, וואס ער איז פטור געוואָרען פון אזא אונגעטרייע פרוי און עני האט זיך גליקליך געפיהלט דאמיט, וואס זיא קען אונגעשטערט הייראטען מיט איהר ליעבען פלאט פאר וועלכען זיא וועט, לויט ער האט איהר פערשפראָכען, דיא גליקליכסטע אין דער וועלט זיין.

דיא צווייטע האָכצייט פון אונזער עני'ן האט באלד שטאטגעפונען אין ק.... האָל.

דאָ וואַרען נור געצעהלטע געסט. אונגעפעהר צוואנציג פערזאָנען פון ביידע צדדים. אן אָרקעסטער מוזיק האט לוסטיג געשפיעלט און דיא געפוצטע דאמען און הערען האבען זיך מיט אפעטיט גענומען צום מאנצען.

מיסטער פלאט מיט מיסיס וואלדבער האבען געאָרעמט שפּאצירט איבערן זאָל, ביידע וואַרען שטארק פערגעניגט. אלע אנוועזענדע האבען געזעהן, דאס דיא ביידע מענשען זיינען יעצט אין'ם זיעבענטען הימעל.

נור וואס איז דאס. איז דאס קיין טרוים ?

עני האט איהרע אויגען ניט געגלויבט. פון ווייטען האט זיא דער־זעהן וויא איהר מאן דזשייק וואלדבער, איז אריינגעקומען דורך דער גרויסער

מיהר אין דער בענלייטונג פון א פרוי מיט פיער קליינע קינדער און זיך וועגדענד צו איהר ליעבען פלאָטץ האט זיא געזאגט:

— זעה נור מיין לעבען, מיר שיינט, אז דאָרט איז אריינגעקומען מיין שלימזל.

פלאָט האט א קוק געטהאן אין יענער זייט און איז בלאַס געוואָרען וויא דער טוידט.

— וואס האסט דוא זיך אזוי דערשראקען, מיין נשמה?—האט זיא לאַכענד געזאגט — דוא האסט פיעללייכט מורא דזשייק זאָל דא קיין שקאנדאל ניט מאכען. זאָל ער נאר פרובירען איין הויך־וואָרט ארויס־לאָזען וועט מען איהם אין לייליכער פון דאנען אוועקטראגען.

אין דער מינוט איז דזשייק מיט דער פרוי און מיט דיא קליינע קינדער צוגעגאנגען צו אונזער גליקליך פאָר־פאָלק.

— נו, מאדאם — האט וואלדבער צו דער פרוי מיט וועלכער ער איז געקומען געזאגט — איז דאס אייער סוחר?

דיא פרוי האט זיך איינגעקוקט אין פלאָט'ן און האט א געשריי געטהאן:

— פראָיקע! דוא ביסט דאָ מיין גזלן, מיין קיילער. דוא האסט מיך מיט דיא קינדער איבערגעלאָזט אין הונגער און אין נויטה און ביזט אליין אנטלאפען געוואָרען אין אמעריקא חתונה צו האבען מיט אן אנדער ווייב. יעצט האב איך דיך דערטאפט, דוא וועסט שיין פון מיינע הענד גאנץ ניט ארויס.

פלאט האט געוואלט מאכען פליטה אבער דיא פרוי האט זיך איינגעקטשעפעט מיט דיא נעגעל אין זיינע האר און האט געמאכט א גוואלד. עס זיינען אנגעלאָפען פאָליס־לייטע און אלס זיי האבען דערהערט אום וואס דאָ האנדעלט זיך, האבען זיי אונזער ליעבען חתן צוזאמען מיט זיין ערשטע ווייב און מיט זיינע קינדער אוועקגעפיהרט אין סטיישען־הויז.

— מזל־טוב אייך מיסיס פלאט! — האט דזשייק נעזאגט צונעַ־הענד צו חנה׳לען, וועלכע איז דא געשטאנען מעהר טוידט אלס לעבע־דיג—אייך האט זיך געוואָלט נעהמען א מאַן א לייט, ניט קיין איינפּאַכען ארבייטער. נו, האט איהר זעהר שעהן אויסגעביטען. איך ווינש אייך גליק און זאג אייך נאך א מאל א שעהנעם מזל־טוב.

* * *

וויא אזוי דזשייק האט דערטאפּט דער מאדאם פלאט נומער 1 גראדע אין דעם טאג פון זיין ווייב׳ס חתונה, וועלען מיר דערצעהלען אין א בעזונדער געשיכטע.

ע נ ד ע.

---

# דיא בּארדערקע.

## אַ בילד פון דעם אַמעריקאַנער לעבען.

פון

## שמעון חיים קריטשאַוו.

---

### א.

### ר ח ל ' ע.

ארמע אונגליקליכע רחל'ע!

אזוי האבען זיפצענד אויסגעשריען אלע שינאָווקער איינוואָינער אלס זיי האבען גערעדט וועגען רחל'ע גאָלד.

זיא איז ווירקליך געוועזען בעדויערנסווערטה. דיא אמאָליגע גליק־ליכע שעהנע רחל'ע איז היינט דיא אונגליקליכסטע אין דער וועלט. איהר בּאראקטערלאָזער מאן אפרים'קע גאָלד, וואס אלע האבען געמיינט אז ער איז דער עדעלסטער, פיינסטער יונגער מאן אונטער דעם הימעל, דער פערמאסקירטער אונמענש האט זיא מיט זיינע פיער קליינע קינדער איבערגעלאָזען אין גרעסטען נויטה און איז פערשוואונדען געוואָרען אהנע נאך זיך א שפּור איבערצולאָזאָן.

ארמע אונגליקליכע רחל'ע! ערשט מיט צעהן יאהר צוריק האט איהר דער זעלבער אפרים'קע ערקלערט אז ווען זיא וועט איהם ניט הייראטהען וועט ער זעלבסטמארד בעגעהן. ערשט מיט פינף יאהר צוריק האבען זיא אלע יונגע ווייבליך מקנא געוועזען און זיא האט קיין אנדער נאמען געהאט אלס „דיא גליקליכע רחל'ע" און יעצט וואָינט זיא מיט

איהרע פיער שעהנע קינדערליך ביי א ווייטען קרוב אין א הינטער־צימער און זיא דאנקט גאָט ווען זיא האט גענוג ברויט פאר איהר ליעבע קינדערליך.

מיט צעהן יאהר צוריק האט דיעזעלבע געבליהט וויא א פראַכטפאָלע שעהנע בלומע. אלע שינאָווקער לעדיגע יונגע לייט האבען זיך קיין גרעסערן גליק געוואונשען, וויא דעם שאָץ צו בעזיצען. זיא וואר דער שטאָלץ פון איהרע רייכע עלטערן, וועלכע האבען ניט געצווייפעלט, דאס זיא וועט אויסחאַפּען דעם פיינסטען מאַן פאר וועלכען זיא וועט אימער גליקליך לעבען, און אלס דער שעהנער טאַלענטפאָלער אפרים׳קע נאָלד איז איהר חתן געוואָרען, האבען זיי געגלויבט, אז זייער וואונש איז ערפילט געוואָרען און זייער טאָכטער האט איהר גליק ערררייכט.

אפרים׳קע נאָלד וואר ווירקליך אזא יונגער מאַן וואס מען האט מיט פאָלעס צוטרויען געקענט אין זיינע הענד איבערגעבען אזא שאָץ וויא רחל׳ע וואר. דען ער האט אין זיך געהאט אלע מעלות וואס נור עלטערן פון א טאָכטער קענען זיך ווינשען צו געפינען אין זייער טאָכטערס מאַן.

ער איז געווען א יונגער מאַן פון צוואַנציג יאהר, א זוהן פון פאָר־נעהמע עלטערן, וואס האבען זיך בעשעפטיגט מיט פאָדריאַדען. ער וואר זעהר א שעהנער יונג, קלוג, אביסעל געבילדעט און זעהר א שעהנער זינגער. ער האט זיך ערצויגען ביי זיינע עלטערן אין דער שטאָדט פינסק און איז בעקאנט געוואָרען מיט רחל׳ען ביי זיין שוועסטער אויף דער חתונה, וואס איז געפייערט געוואָרען אין דער שטעדטעל שינאָווקע. ביי זייער ערשטער בעגעגנונג האבען זיי איינער אויף דעם צווייטען א שטאַרקען איינדרוק געמאַכט. אפרים׳קע וועלכער וואר בעלעזען אין פיעלע ראָמאַנען, האט שוין שכל געהאט אזא שעהן מעדכען, וויא רחל׳ע וואר דעם האָף צו מאַכען. זיי האבען אנגעהויבען ראָמאַנסירען און סך הכל, אין צוויי טעג ארום נאָך זייער ערשטער בעקאנטשאַפט, האט דער פערליעבטער איהר זיין פייערינע ליעבע ערקלערט. ער האט איהר געשוואָרען ביי גאָט,

ביי דעם הימעל און אלע שטערן, אז אָהן איהר איז ער ווי א קערפּער אהן א זעעלע און, ווען בעהיטע נאָט זיא וועט איהם מיט איהר האנד ניט בעגליקען, וועט ער זיך נאך אין דעמזעלבען טאג שיעסען.

זעלבסטפערשטענדליך, אז זיא האט איהם די ארבייט פון שיעסען איינגעשפּאָרט, דאמיט וואס זיא האט איהם פערשפּראָכען זיינע. עווינ זיינע צו זיין ווען נור איהר פאטער וועט צו דעם שידוך איינוויליגען.

איהר פאטער האט נאר ניט לאנג קלערענדיג צו דעם שידוך איינגעוויליגט. דען קיין בעסערן חתן האט ער ניט פערלאנגט....

רחל'ע איז געווארען אפרים'קעס כלה און אין א קורצע צייט נאך דעם איז זייער האָכצייט געפייערט געוואָרען. אלע איינוואָינער פון שינאַווקע האבען זיך שטארק געפרייעט מיט רחל'עס גליק, דען זיא וואר פון יעדען געליבט און געשעצט. דער „מזל טוב" וואס יעדער האט איהר אבגעגעבען וואר א הערצליכער.

און רחל'ע איז ווירקליך נאך איהר חתונה זעהר גליקליך געוועזען. זיא איז ארויסגעפאהרען נאך פינסק. איהר מאן האט זיא אנגעהויבען אריינצומישען אין זיין פאטערס געשעפטען און האט פיעל געלד פערדיענט. פאר זיין רחל'ען איז איהם קיין זאך ניט טהייער געוועזען, עס וואָלט מעגליך געוועזען וואָלט ער איהר געגאָסען גאָלד אין האלז.

זא זיינען איבערגעלאָפען פינף גליקליכע, האָנינזיסע יאהר. רחל'ע האט אין דער צייט געשענקט איהר מאן פיער שעהנע קינדערליך. דריי טעכטער מיט איין זוהן. איהר הימעל וואר אונבעפלעקט און די גליקסזאָנע האט דאָרט אין איהר פאָלען פראכט געשטראהלט.

מען האט אפילו פיעל מאל דערצעהלט רחל'ען, אז איהר מאן מאכט חן'דעלאך שעהנע מיידלאך. און מאנכע פון זיי שענקט ער אויך א זיסען קוש. אבער זיא האט דאס ניט געגלויבט. דען אין זיין בעהאנדלונג געגען איהר האט זיא קיין פערענדערונג געפונען. ער איז אימער געוועזען

דערזעלבער געטרייער מאן וואס פריהער און דארום האבען דיא בעריכטע איהר גליק ניט געשטערט.

דאס אונגליק איז אבער געקומען פון אנאנדער זייט. איהר שוויגערפאטער האט באנקראָטירט און איז בדלות געוואָרען. דער יונגער אפרים האט קיין אנדער מיטעל געהאט זיך אין זיין אונגליקליכע לאגע צו רעטען, וויא אנצונעהמען א שטעלע ביי זיינעם אָן אָנקעל אין קיעוו אלס בוכהאַלטער אין א מאנופעקטור געשעפט.

אבוואָהל רחל'ען איז זעהר שווער געוועזן זיך פון איהר מאן צו שיידען, דאך האט זיא זיך אונטערגעגעבען איהר שיקזאל און האט איהם געלאזט פאהרען, דען ער האט איהר פערשפראָכען: דאס וויא נור ער וועט בעמערקען דאס ער שטעהט אין קיעוו אויף א פעסטען פוס, וועט ער זיא אויך ארויסנעהמען צו זיך מיט דיא ליעבע קינדער.

זיא האט איהם געגלויבט און בעגלייטענד איהם מיט טרעהרענדע אויגען צום וואגזאל האט זיא שוין אנגעהויבען צו האָפען אויף דער צייט, ווען זיא מיט דיא קינדער וועלען פאהרען נאך קיעוו צו איהר ליעבען מאן.

דיא ערשטע צייט האט זיא פון אפרים'קען ערהאלטען גרויסע בריעף, פול מוט הייסע ליעבע און צערטליכקייט. ער האט איהר געשיקט געלד און האט זיא געמוטהיגט זיא זאל האָפען אויף דער גליקליכער צוקונפט וואס ער זעהט פאר זיך ארויס אין קיעוו. ער האט איהר פער־זיכערט דאס ער צעהלט דיא מינוטען, זיין געטרייע וייב מיט זיינע ליעבע קינדער זאלען שוין זיין לעבען איהם. ענדליך האט ער איהר געמעלדעט דאס דערוויל איז אונמעגליך ער זאל זיא נעהמען צו זיך, וויל זיין אָנקעלס געשעפטען געהן זעהר שלעכט און ער פירכטעט, דאס ער וועט אויף דער שטעלע לאנג ניט זיין.

אין א יאהר ארום איז אפרים'קע אראפגעפאָהרען אהיים אויף פסח. צו רחל'עס פריידע איז קיין גרענעץ ניט געוועזן. ענדליך איז איהר ליעבער מאן פארט מיט איהר צוזאמען. ליידער אבער האט דיא פריידע ניט לאנג

גערויערט. דען אין אכט טאג ארום האט דער טהייערער נאסט נעמעלדעט רחל'ען דאס ער מוז פאהרען צוריק נאך קיעוו. דען אזוי האט ער פער־שפראָכען זיין פרינציפאל ער זאל באלד נאך יום־טוב צוריקקומען. ער האט איהר ווייטער פערזיכערט, אז ער וועט אלע מעגליכקייט אנווענדען זיא מיט דיא קינדער צו זיך צו נעהמען אין קיעוו.

ער איז אבערמאלס אוועקגעפאהרען.

רחל'ע איז ווייטער געבליבען אליין, הייסע טרערען האט זיא זיצענדיג אליין אין שטוב פערגאָסען. דאס הערץ האט איהר געזאגט דאס איהר ליעבער, געטרייער אפרים'קע איז שוין ניט דערזעלבער גע־טרייער מאן וואס געווען.

## ב.

## דער אונגעטרייער מאַן.

אפרים'קע האט זיצענדיג אין קיעוו זיך ארומגעזעהן דאס אהן א ווייב קען מען אויך לעבען אין נחת און אין פריידען. דאס עס ניעבען אין דער וועלט פיעלע שעהנע פרויען, וואס אין זייער געזעלשאפט קען מען אויך זעהר פערגעניגט דיא צייט פערטרייבען. פון דעם געלד וואס ער האט פערדיענט, האט ער זיין רחל'ען נור אזוי פיעל געשיקט, זיא מיט דיא קינדער זאלען ניט שטארבען פון הונגער. דאס איבעריגע האט ער פער־שווענדעט אויף אקטריסעס, אויף טהעאטערע און אין דיא ווינקעלערס. רחל'ען האט ער געשריעבען פערשיעדענע ליענגס זיא זאל ניט פער־שטעהן וואס פאר א לעבען ער פיהרט. אויך זיין פרינציפאל האט ער גענארט און האט איהם דערצעהלט, אז דאס גאנצע געלד וואס ער פערדיענט שיקט ער אָפּ אהיים צו זיין ווייב.

— אזוי, אין אזא לעבען זיינען איבערגעלאָפען פיער פאָלע יאהר. דיא אונגליקליכע רחל'ע האט געלעבט אין דחקות און אין איינזאמקייט און דאָך האט זיא זיך אויף איהר מאן ניט בעקלאגט. זיא האט איהם

גענלויבט אז ער קען איהר מעהר נעלד ניט שיקען. איין מאל אין יאהר פלעגט ער קומען אהיים און אפזיצען געצעהלטע אכט טאג און דאן צוריק אוועקפאהרען. דיא אכט טאג איז איהם שוין געווען זעהר אונמוטהיג. ער האט קוים דערלעבט דיא מינוט ער זאל זיך קענען ארויסחאפען פון דער היים און פליהען אהין אין דער פרעהליכער קיעוו צו זיינע בעקאנטע אַקטריסעס און פריינדע, מיט וועלכע ער האט אזוי פערגעניגט דיא צייט פערבראַכט.

ביי אזא לעבען, איז זעלבסטפערשטענדליך, אז מען קען מיט דיא טרוקענע וויידשעס (שכירות) ניט אויסקומען און אונזער העלד האט פערחאַפט פון זיין אָנקעל'ס געלד א היבשע סומע.

דער אָנקעל וואָלט זיך אזוי גיך ניט דערוואוסט פון דאס געלד ואס איהם פעהלט, ווען איהם אין דיא הענד זאל דורך א צופאַל ניט געווען אריינגעפאלען א בריעף וואס רחל'ע האט געשיקט צו איהר מאן. אין דעם בריעף האט זיא זיך פאר איהם נעקלאגט דאס מיט דיא 15 רובעל א מאָנאט וואס ער שיקט איהר, קען זיא ניט דורכקומען. דערביי האט זיא איהם געשילדערט דיא טרויערינע לאגע פון איהרע קינדער וויא זיי געהן נאקעט און בארפוס און זיי פעהלט דאס נויטהווענדיגסטע.

דער אָנקעל איז ערשטוינט געוואָרען דערזעהנדיג. דאס פון דיא הונדערט רובעל א מאנאט וואס אפרים ערהאלט פון איהם שיקט ער זיין פרוי נור 15. ער האט אנגעהויבען הינטען ארום נאכצופאָרשען וועגען אפרים'ס לעבען און האט באלד ערפאהרען אין וואס פאר א בלאָטע ער איז פערקראָכען. דאן ערשט האט ער אנגעהויבען נאכצוזעהן דיא ביכער און האט זיך ארומגעזעהן דאס עס פעהלט א סומע פון דריי טויזענד רובעל, וואס זיין ליעבער נעפע האט דורך פאלשקייטען אנגענומען.

עס איז געוואָרען א געשריי, א ליארם און דער רעזולטאט דערפון וואַר דאס אפרים איז ענטזאגט געוואָרען פון זיין שטעלע.

יעצט איז דער לעבעדיונג געבליעבען וויא א צובראָכענע שיף אין

מיטען ים. קוים האט מען נור ערפאהרען, דאס ער האט שוין קיין שטעלע ניט, האבען זיך אלע זיינע געליעבטע אקטריסעס און טהייערסטע פריינדע פון איהם ענטפערנט און ער האט ניט געהאט זאגאר אויף א מיטאג.

ער האט פערשטאַנען אז מיט איהם איז ניט פריילין, דארום האט ער קיין שיהות נעמאכט. האט פערקויפט זיין גאָלדענע אוהר, זיין גאָלדענעם פאַנסנע און אלע זיינע טהייערע קליידער, האט צוזאמענגעקליעבען פופציג רובעל און ער האט זיך בעשלאָסען פאהרען נאך אמעריקא.

אבער מיט פופציג רובעל איז אונמעגליך פון קיעוו נאך אמעריקא צו פאהרען. דאס האט אפרים גוט געוואוסט און ער איז געפאלען אויף א גוטען פלאַן וויא אזוי דאָך אין דער גליקליכער, פרייער וועלט צו קומען.

ער האט געהערט, דאס אין בערלין האט זיך געגרינדעט א וואָהלטהעטיגער פעראיין מיט דעם צוועק, אלע פון רוסלאנד ארויסגע־טריעבענע אידען צו שטיצען און זיי פערזאָרגען מיט שיפסקאַרטען ביז ניו־יאָרק. דארום האט ער אזוי געמאַכט, אז דיא קיעווער פאָליציי האט אויף זיין פאַספאָרט אנגעשריעבען, אז אין פערלויף פון 24 שטונדען מוז ער דיא שטאדט פערלאזען.

מיט דעם פאַספאָרט איז ער אוועקגעפאהרען נאך בערלין, דאָרט האט ער זיך געמעלדעט אין דער קאָמיטע פון דעם אונטערשטיצונגס פעראיין, האט געוויעזען זיין פאַספאָרט דאס ער איז נעביך אן ארויסגע־טריעבענער איד פון רוסלאנד. דאס האט זעהר גוט געווירקט, מען האט איהם באלד געגעבען אויף רייזע קאָסטען נאך האמבורג און א שיפס־קאַרטע גלייך נאך ניו־יאָרק.

א ניי וועלט און א ניי לעבען האט זיך פאר אונזער אייסוואַנדערער יעצט פאָרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע. ער האט שוין לאנג געהערט, אז אמעריקא איז א וועלט וואס בשטעהט נור אויף שווינדעל. דער וואס טויג נור צום שווינדעל, דער קען דאָרט אין א קורצער צייט א מיליאָנער

ווערן און צו אזעלכע זאכען האט זיך אפרים זעהר פעהיג געפיהלט. ער האט זיך, זעצענדיג אויף דעם גרויסען דאמפפער, געפיהלט אזוי פערגעניגט, וויא איינער וואס פאהרט מאכען א לוסטרייזע. אליין! ער איז יעצט גאנץ אליין. אהן א ווייב, אהן קינדער, ער איז א פריי פויגעלע, וואס קען פליהען זאָ לייכט וואוהין זיא וויל אהנע דאס יעמאנד זאל איהר דארין שטערין. דאָרט אין אמעריקא וואו מען קען אין א קורצער צייט מיליאָנען מאכען קען מען דאך געוויס אויך זעהר לייכט א שעהנע, יונגע, פרישע כלה געפינען. קורץ און גוט, עס איז „חי" געלעבט. דורך דער פערגרעסערונגס גלאז זעהט מען דאָרט אין דער גליקליכער אמעריקא גרויסע גאָלדענע בערג....

נור וויא דערלעבט מען שוין צו זיין אין יענעם גליקליכען לאנד.

דער דאַמפפער וואס האט געפיהרט אונזער העלד, איז גליקליך אנגעקומען אין דעם האפען פון ניו־יאָרק. קומענדיג אין קעסיל־גארדען האט אפרים זיך רעדזשיסטרירט מיט דעם נאמען מאָריס פלאָם.

יעצט איז געקומען דיא צייט, וואס מען דארף עפּעס אנהויבען צו טהאן. מען מוז פערקאטשען דיא פאָלעס, דיא מיליאָנען אנצוקלייבען. ליידער אבער האט זיך דער נייער אמעריקאנער בירגער באלד ארומגעזעהן, דאס קיין מיליאָנען וואלגערן זיך ניט אין דיא ניו־יאָרקער גאסען, און אז עס פיהרט זיך ניט יעדע זאך מיט שווינדעל וויא ער האט זיך פריהער פאָרגעשטעלט. דא מוז מען גאר ארבייטען און גראָדע מיט'ן ביטערן שווייס אום עפּעס צו פערדינען.

אבער אפרים'ס קלוגער ערפינדערישער קאָפּ האט איהם באלד געציינט א וועג צום שווינדעל. ער האט ערפאהרען פון דיא גוטע קאָנדיציאָנען וואס דיא לייף־אינזשוראנס קאָמפּאניע ניט איהרע אגענטען.

— דאס איז פאר מיר סחורה! — האט זיך אפרים געקלערט און האט זיך באלד געמעלדעט אין אָפיס פון דער גרעסטער לייף-אינזשוראנס קאָמפּאניע. און וויא גרין ער איז נאך געווען האט ער שוין געגעב נעמ

נעקענט פערפליארען דעם סופערינטענדענט פון קאָמפּאניע, אז ער וועט מאכען נייע אינשוראנסען אין דיא טויזענדער, און ער איז באלד אנגעשטעלט געוואָרען אלס אגענט.

דיא ערשטע וואָך האט ער אין דער פערזיכערונגס געזעלשאפט אריינגעבראכט זעקס לעבענס־פערזיכערונגען, נאכהער האט ער ניט ווענינער פון צעהן יעדע וואָכע אריינגעבראַכט.

דיא קאָמפּאניע וואר מיט דעם טיכטיגען אגענט זעהר צופריעדען; זיא האט אבער ניט געוואוסט, אז דיא אלע מענשען וואס דער מיסטער פלאָט האט צו איהר אריינגעבראכט, זיינען געווען נור אנגעשטעלטע פון דעם אגענט. ער האט שוין אויסגעזוכט אזעלכע סוביעקטען, וואס פאר א גלאז ביער האבען זיי איינגעווילינט בלומרשט זיך פערזיכערן אין א געוויסע סומע. דאס ווענינע געלד וואס זיי האבען בעדאַרפט צום אנפאנג איינצאהלען, האט פאר זיי פלאָט פון זיין טאַשע געגעבען און עס האט געהייסען, אז זיי האבען זיך פערזיכערט. דערווייל האט מיסטער פלאָט אפּגענומען יעדע וואָכע 25 דאלאר און מעהר, לויט 15 מאל אזוי פיעל וויפיעל דיא ערשטע איינצאהלונג איז געווען.

אויף אזא אַרט איז ער געוואָרען אן אגענט פון זינגערס נעה־מאשינען, ער האט ערהאלטען פינף דאלאר פאר יעדער מאשינע און א געוויסען מאָנאטליכען געהאלט מיט דעם בעדינג ער זאל יעדע וואָך פערקויפען עטליכע מאשינען. ער האט שוין געפונען גוטע ברידער, וואס האבען בלומרשט געקויפט מאשינען און דיא ערשטע פינף דאלאר וואס זיי מוזען איינצאהלען האט ער פון זיין טאַש בעצאהלט. ער האט געוואוסט אז דיא פינף דאלאר געהערן אלס איינס צו איהם.

ער האט אויסגעזוכט זעהר א גוטע קוואַרטיר ביי א געוויסען העמדען־נייער וואלרבער, וועלכער האט געהאט זעהר א שעהנע יונגע פרוי, וואס האט מיט איהר שעהנקייט אויף איהם א גרויסען איינדרוק געמאַכט....

ג.

## דיא העכסטע שטופע פון׳ם אונגליק.

רחל׳ע האט זיך געטרונקען אין א זומפּיגען מעער און דיא וואַסער זיינען איהר ביז צום האַלז געקומען.

אומזאָנסט האט זיא אויסגעקוקט דעם בריעפטרעגער, וועלכער פלעגט איהר פון אנפאנג יעדען מאָנאט א בריעף מיט פופצעהן רובעל ברייננען. עס זיינען איבערגעלאָפען צוויי מאָנאטען אז זיא האט פון איהר כאראקטערלאָזען מאן גאר ניט געהערט. אויף אלע איהרע בריעף וואס זיא האט צו איהם געשריעבען, האט זיא קיין אנטוואָרט בעקומען. דיא בעלי־חובות האבען זיא אונערבארמליך געדריקט. מען האט איהר אויפ־געהערט אין קרעמעל צו באָרגען און זיא מיט איהרע ליעבע קינדער האבען אנגעהויבען איינפאך הונגער צו ליידען.

— אפרים׳קע איז נעווים געשטאָרבען—האט זיך דיא אונגליקליכע געקלערט און דער געדאנק האט זיא געטריעבען נאך קיעוו זיא זאל זיך ריכטיג איבערצייגען אין דער וואהרהייט פון דעם גרויסען אונגליק.

דער איינענטהימער פון א דאמפּפער, וועלכער געהט פון פינסק נאך קיעוו. האט כיט דער אונגליקליכער מיטלייד געהאט און האט זיא מיט אלע קינדער אָהנע בעלוינונג געפיהרט נאך קיעוו. דיא גאנצע וועג האט פאר איהרע אויגען געשוועבט דיא שרעקליעכע סצענע וואס זיא וועט טרעפען קומענדיג נאך קיעוו. זיא וועט געווים דארט ערפאַהרען, אז איהר ליעבער מאן איז טויט, מען וועט איהר איבערגעבען זיינע קליידער, וואס זיינען פון איהם געבליעבען און מען וועט איהר אנווייזען זיין קבר.

ביטערע טרערין האבען איהרע בלאַסע וואנגען בעפייכט אלס זיא האט זיך דאס בילד פאָרגעשטעלט. איהרע קליינע קינדער האבען קוקענדיג אויף איהר אויך ביטער געוויינט. דיא אונגליקליכע האט זיי געגלעט, געקושט און האט זיי שוין בעטראכט אלס עלענדע יתומים׳ליך.

ענדליך איז זיא אין קיעוו אנגעקומען. מיט א קלאפּענדע, ציט־טערענדע הארץ האט זיא זיך געווענדעט צו איהר מאַנס פּרינציפּאל און האט איהם געפרעגט וואו איז איהר מאן, איהר אפרים׳קע.

זיא האט זיך געשטארקט איבערצוטראגען דיא נאכריכט וואס זיא האט ערוואַרטעט פון איהם צו הערן, דאס איהר אפרים׳קע איז שוין לאנג טויט. מען קען זיך פאָרשטעלען איהר איבערראשונג אלס דער רייכער אָנקעל האט מיט אן ערנסטע בייזע מינע געענטפערט:

— אייער מאן איז א שופט, א בעטריגער, ער האט ניט דיא ווערטה מען זאל איהם אין א שטוב אריינלאזען.

— ער לעבט? — האט זיא העכסט ערפרייעט און ערשטוינט א געשריי געטהאן.

— יא ער לעבט — האט דער פּרינציפּאל געענטפערט — האט ער אייך דען ניט מיטגעטהיילט דאס איך האב איהם פון מיין געשעפט פעריאָגט?

— ניין, איך האב שוין פון איהם העכער צוויי מאנאטען קיין בריעף ערהאלטען.

— עס וואונדערט מיר גאר ניט. דען פון אזא אונמענשען האט מען דאס בעדאַרפט ערוואַרטען. איך וייס, וויא טיראניש ער האט אייך בעהאנדעלט.

— אבער, אום גאָטעס ווילען, זאגט וואו איז ער? — האט זיא וויינענד געזאגט.

— לויט איך האב געהרט, האט ער נאך אמעריקא אבגערייזט.

— נאך אמעריקא? — האט רחלע ניט מיט איהר קול א געשריי געטהאן און האט זיך אנגעהאפּט אן דעם טיש זיא זאל ניט פאלען.

דער קויפמאן האט דערקענט אין וואס פאר אן אונגליק דיא עלענדע געפינט זיך יעצט, דארום האט ער זיא באלד אוועקגעזעצט אויף א שטוהל און האט אלע קרעפטען אנגעווענדעט זיא צו בערוהיגען.

— מיינט ניט, ליעבע פרוי, דאס אמעריקא איז א קבר, פון וועלכען מען קען דעם דאָרט בעגראָבענעם ניט מעהר ארויסנעהמען, — האט ער געזאגט — אמעריקא איז היינטיגע צייט ניט אזוי ווייט פון דאנען, וויא אמאל. אין פערלויף פון צוויי וואָכען קענט איהר דאָרט זיין און אייער כאראקטערלאָזען מאן אויפזוכען.

— אבער ערשטענס פעהלען מיר דיא מיטעל צו אזא ווייטע רייזע, האט רחלע געיאמערט — צווייטענס ווען איך וועל שוין אהין קומען ווער ווייסט צו וועל איך איהם דאָרט געפינען. איז דען אמעריקא איין שטאדט? און אז איך וועל איהם שוין יא געפינען, וואס וועל איך טהאן ווען ער וועט מיר נאר ניט וועלען ענטפערן. מען זאגט דאך, אז אמעריקא איז א פריי לאנד, יעדער מענש קען דאָרט טהאן וואָס ער וויל.

— דאס אלעס זיינען פוסטע זאכען — האט דער גוטער מענש געענטפערט — דיא מיטעל וויא צו קומען נאך אמעריקא וועל איך אייך געבען. קומענדיג נאך ניו־יארק, וועט איהר דאָרט מעלדען אין דיא צייטונגען, אז איהר זוכט אזא און אזא מאן. דיא צייטונגען זיינען דאָרט פערברייטעט אין אלע שטעדט, וועט מען איהם געוויס געפינען און קוים וועט איהר איהם דערטאפען, קענט איהר זיכער זיין אז ער וועט ניט וואגען זיך פון אייך צו ענטזאגען, דען לויט איך האב געהערט האט דאָרט א פרוי א גרעסערן ווערטה אלס א מאן און דיא רעגיערונג פערטהיידיגט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט דיא אינטערעסען פון אן אונגליקליכער פרוי, וואס ווערט שלעכט בעהאנדעלט פון איהר מאן.

רחלע האט דעם גוטען מענשען דיא הענד געקושט פאר דער הילף, וואס ער ערצייגט איהר און פאר דעם גוטען ראטה וואס ער גיט איהר.

דער מאן האט זיך ווירקליך זעהר גראָססמוטהיג און וואָלטהעטיג געגען איהר געציינט. ער האט איהר געגעבען צוויי הונדערט רובעל, האט זיא אויך בעזאָרגט מיט א גובערנאטאָרסקען פאספאָרט זיא זאל קענען אונגעהינדערט דיא גרענעץ איבערגעהן און נאך אין דערזעלבער וואָך, אין

זיא מיט אלע קינדער אוועקגעפאהרען נאך האמבורג און פון דארט נאך אמעריקא.

ד.

## דיא שקלאַפעריי פון'ם 19טען יאַהרהונדערט.

ניט מיליאָנען זובען איז אונזער בעקאנטע רחלע נאך אמעריקא געפאהרען. ניין, דיא אונגליקליכע האט שוין לאנג דיא האָפנונג אויף געגעבען גליקליך צו זיין. איהר איינציגער וואונש איז בעשטאַנען נור דאראן, זיא זאל דעם פאטער פון איהרע קינדער געפינען און איהם צווינגען ער זאל דיא עלענדע שעפעלאך אונטער זיין שוץ נעהמען, זיי זאלען ניט גענעטהיגט זיין בעטלען געהן אדער פאלען צו לאסט אויף פרעמדע מענשען. ווענען זיך זעלבסט האט זיא שוין ניט געזאָרגט. זיא האט גוט איינגעזעהן דאס איהר לעבען איז פערשפיעלט. זיא קען שוין אויף גליק ניט האָפען. דען וואס פאר א גליק קען איהר דאס לעבען געבען, ווען איהר ליעבער מאן, איהר אפרים'קע האסט זיא און איז פון איהר אין אן אנדער וועלט אנטלאָפען.

ערשט יעצט פאהרענדיג אויף דעם דאמפפער צווישען דיא שטירמישע וועלען, וועלכע האבען אלע קרעפטע אנגעווענדעט דיא שיף אין אבגרונד צו ווערפען. יעצט האט זיא צייט געהאט צו בעטראכטען דיא ערשטע פערגאנגענע פינף יאהר און פערשטעהן, דאס אפרים'קעס הערץ געהערט שוין לאנג ניט צו איהר.

מיט דיא פינסטערע געדאנקען איז זיא אנגעקומען אין ניו־יאָרק.

אין קעסעל־גאַרדען האט זיא איהר וואהרען נאמען געמעלדעט און אוך האט געזאגט דאס זיא איז געקומען צו איהר מאן אפרים נאָלד, וועלכער וואָינט שוין לאנג אין אמעריקא. אבער דיא בעאמטע פון קעסעל־גאַרדען האבען קיין חשק געהאט א שוואכע פרוי מיט פיער קליינע קינדער לאַנדען צו לאזען. מען האט זיא אבגעהאלטען ביז איהר מאן וועט

נאך איהר קומען. אומזאָנסט האט דיא אונגליקליכע ערקלערט דאס זיא ווייס נים דעם מאַן׳ס אדרעסע און דארום קען זיא איהם איהר אנקאמען נים מעלדען. איהרע ווערטער, וויא אויך איהרע טרעהרען האבען נים געווירקט און עס האט געהאלטען דאבײ, מען זאל זיא מיט דיא קינדער צוריקשיקען נאך אייראָפּא.

צום גליק אבער האט א פּינסקער, וועלכער האט זיא געקענט פון דער היים ערפאהרען איהר קריטישע לאגע. ער האט פאר איהר דיא נעטהיגע באָנדז געגעבען און מען האט זיא מיט דיא קינדער פריי געלאזט געהן וואוהין זיא וויל.

דיא ערשטע עטליכע טעג האט זיא געוואינט ביי דעם נוטען לאַנדסמאַן, וועלכער האט זיא פון קעסל־גארדען בעפרייעט. זיא האט אבער לאנג נים געקענט צו לאסט זיין אויף דעם גוטען מענשען און האט זיך דארום בעשלאָסען זעלבסט צו ארבייטען און איהרע קינדער צו ערנעהרען ביז גאָט וועט איהר בעהילפיג זיין צו געפינען איהר הערצלאָזען אפרים׳ן

ארבייט פעהלט נים אין ניו־יאָרק. דער מענש וואס וויל נור שווער האָרעווען בעקומט אימער א פּלאַץ וואו זיינע קרעפטע אוועקצוליינען פאַרן דאָלער. רחלע האט נאך אין דער אלטער היימאטה זיך אויסגעלערנט גוט נייען דרעסעס (דאמענקליידער), דארום איז איהר זעהר לייכט אנגעקומען צו געפינען א שאָפּ וואו צו ארבייטען פאר דריי דאָלער א וואָך.

אריינגעהענדיג אין דיא ניו־יאָרקער שאַפּס, וואו טויזענדער מענער און פרויען שטעהן פון אין דער פריה ביז שפּעט אין דער נאכט און ארבייטען שווער און ביטער אונטער דעם בעפעהלענדען געשריי פון׳ם פאָרמאַן „האָריאָפּ !“ מוז מען פרעגען דיא ביטערע פראגע : במה נשתנה? מיט וואס איז דיא פרייע אמעריקא אנדערש אלס אלע פערשקלאַפטע לענדער און וואס איז דער אונטערשיעד פון היינט צו יענע יאָהרען. ווען

דיא שקלאַפעריי האט נאך אין איהר גרוזאמען צושטאנד עקסעסטירט אין דיא סאוט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

דיא וועלט האט אמאל געליארמט אויף דער גרויזאמקייט מיט וועלכער דיא ווייסע האבען בעהאנדעלט דיא נעגערשקלאַפען. מען האט דיא אונגליקליכע געצוואונגען זיי זאלען גאנצע טעג שווער ארבייטען און מען האט זיי זעהר שטרענג און גראב בעהאנדעלט. היינט שרייט מען גאר ניט, מען איז איינגעבילדעט, אז היינט האט דיא שקלאַפעריי אן ענדע גענומען.

האט דען טאקע דיא שקלאַפעריי אן ענדע גענומען? זיינען דיא אלע מענשען וואס זיינען פערגראבען אין דיא מיינס (קוילען גרובען) און אין דיא פערשטיקטע שאַפּס און ארבייטען דאָרט מיט דיא לעצטע קרעפטען פארן שטיקעל טרוקען ברויט, ניט פערקויפטע שקלאַפען? בעהאנדעלט מען זיי בעסער אלס דיא אמאָליגע באָסעס האבען בעהאנדעלט זייערע געקויפטע נעגערן?

דעם זעלבען האָריאָפּ, וואס דער נעגער האט אמאל געהערט פון זיין שטרענגען ווירטה הערט היינט דער ווייסער פון זיין באָס און פון דעם פאָרמאַן. קוים וואגט זיך אן ארבייטער אויסרעדען איבעריגע עטליכע ווערטער אין שאַפּ בעטראַכט מען דאס אלס פערברעכען און מען סעקט איהם, דאס הייסט, מען הייסט איהם הונגערן מיט זיין פאמיליע. פאר זיין שווערער ארבייט בעקומט דער ווייסער שקלאַפע זאגאר ניט גענוג צום לעבען און דאָך איז מען איינגעבילדעט, אז דיא שקלאַפעריי האט אן ענדע גענומען.

דאס הערץ ווערט צובראָכען קוקענדיג, וויא שעהנע, צארטע מעדכען, עדלע שוואכע פרויען זיצען אין דרייען געביינען אין דיא פינסטערע שאָפּס. אין דיא הויכע טענעמענטהייזער און ארבייטען, וועהרענד זייערע קליידער זיינען דורכגעוויקט פון'ם שוויים און פאר וועמען ארבייטען זיי, פאר דיא באָסעס וואס טהוען גאר ניט. זייער ארבייט בעשטעהט גוף

אין עקספּלואַטירען דעם ארמען ארבייטער. זיך מאַכען בעדער פון זיין שוויים און זיך פאַרבען מיט זיין בלוט.

צווישען אַזעלכע אונגליקליכע ארבייטער איז יעצט אויך אונזער ארמע רחלע אריינגעפאַלען.

און וויל זיא האט דאך געמוזט בעזאָרגען איהרע ליעבע קינדער זאָלען האבען זייער עסען אין דער צייט האט זיא געדונגען איין רום ביי אן ארמער פאַמיליע אויפן טאַפּ פלאָר און איז א „באָרדערקע" געוואָרען.

## ח.

## אימער ערגער.

באָרדער, באָרדערקע, מיסעס.

דיא נעמען זיינען זעהר גוט בעקאַנט אין אמעריקא.

וועה איז דעם באָרדער און ווינד איז דער מיסעס.

דער באָרדער וואס צאַהלט נור דריי דאָלער א מאָנאַט פאַר קוואַרטיר, קאַפע און אונטערוועש, מוז זיך צופריעדענשטעלען מיט דעם וואָנצענדינגען נאַכטלאַגער, וואס דיא מיסעס גיט איהם. מיט דיא וואַסערדיגע קאַפע וואס זיא דערלאַנגט איהם און מיט דיא שמוציגע וועש וואס זיא בעגליקט איהם. ער מוז זעהר אָפּט הערען, וויא זיין מיסעס וואָרטשעט אונטער דער נאָז פאַר יעדע קליינינקייט וואס ער טהוט ניט נאָך איהר פערלאַנג. ער מוז אויך געדולדיג איבערטראַגען דיא אונפריינד־ליכע מינע מיט וועלכע זיא בעגעגענט איהם, וויל ער וויים אז פאַר אַזא קליינע סומע וויא ער צאַהלט, קען ער בעסערס ניט ערוואַרטען.

נאָך פינסטערער איז דער מיסעס אליין. נאָך ניט גענוג, וואס זיא דאַרף זיין א מאַמע צו איהרע קינדער, א ווירטהין אין שטוב, מוז זיא נאָך זיין א דיענסט ביי דעם באָרדער: וואַשען זיינע וועש, אויפשטעהן פאַר־טאָג צוגרייטען איהם קאַפע און פערבעטען זיין בעט, זיך מוטשען מיט זיינע שמוציגע זאַכען און ווּפיעל בעקומט זיא דערפאַר, דריי דאָלער

א מ אָ נ אַ ט. ווי אָפט מוז זיא הערן פאָרווירפע פון דעם באָרדער פאר דעם וואס איהרע קאָפע געפעלט איהם ניט, דיא וועש איז ניט אזוי ריין, וויא ער וויל און זיין בעט איז ניט אזוי ווייך און ציכטיג, וויא ער איז געוואוינט געוואָרען אין דער היים.

פיעלע זעהר פיעלע פרויען ארבייטען מיט דער נאָל ארום דיא באָרדערס וואס זיא מוז אריינגעהמען אין איהר הויז אום זיא זאל קענען צו דער ציים רענט צאהלען. דער לענדלארד זאָל זיא מיט איהרע בעביכעס אויף דער גאַס ניט ארויסווארפען. דעם מאַן'ס פערדיענסט קלעקט קוים אויף ברויט.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וואס פאר א לעבען אונזער רחלע האט פערבראכט אין דעם איינציגען צימער וואס זיא האט געמ'טהעט טאָפ-פלאָר פאר זיך און פאר איהרע פיער קינדער. זיא פלעגט קומען אן אנגעהאָרעוועטע אהיים און איהר מיסעס פלעגט דאן דעקען דעם טיש מיט א שמוציגען טישטוך און האט דערלאנגט פריש פלייש, וואס איז ערשט מיט אכט טאג צוריק ארויס פון'ם שוחט'ס הענד. דאס איז פון פון דיא פרישע פליישען, וואס דיא ניו-יאָרקער רעסטאָראנען קאָרמענען זייערע געסט פאר 13 סענט א מיטאג אויסער פודינג און קאפע. פליישען וואס ווען זיי קומען אריין אין דיא גידערים מאכען זיי דאָרט אַן אזא רעוואָלוציאָן, וואס נור דער גוטער ארצט מיט אַפּאָטהעקען קענען זיי איינשטילען.

רחלע וועלכע איז צו אזעלכע פרישע מיטאגן ניט געוואוינט געווען, איז באלד קראנק געוואָרען און זיא האט מעהר ניט געקענט געהן צו דער ארביים. אבער דיא מיסעס פון איהר קווארטיר האט דאס פאר א תירוץ ניט געוואלט אַנגעהמען און האט שטרענג געפאדערט געלד. רחלע האט זיך געמוזט בע'של'עסען איהרע צוויי עלטערע קינדער, ביידע מערבען פון ניין און אכט יאהר שיקען אין א פעקטאָרי ארבייטען.

קאפיטאליסטען! מיליאנערן! ביז וויא לאנג וועט איהר זיך דיא

מיהע ניט נעבען צו בעטראכטען דיא לאגע פון דיא טויזענדע זאלבע אינגליקליכע, וויא דיא ארמע רחלע מיט איהרע קינדער זיינען און וועט זיי לאזען זיך זא קוועלען, וועהרענד מיט א קליינעם טהייל פון אייער קאפּי־טאל קענט איהר זעהר לייכט דיא אונגליקליכע גליקליך מאכען. מיט דעם געלד וואס איהר פערשווענדעט אויף אייערע מאטרעיסעס און עקיפּאַזשען מיט פערד אדער אייערע רייסעס־וועטרייען (פערד־רענען), קענט איהר זעהר פיעלע בלוטיגע טרעהרן אויסווישען.

נור דאס איז נעווים אז דיא קאפּיטאליסטען וועלען אויף אזעלכע קלייניגקייטען קיין מאל ניט קוקען און דיא מיליאָנען עלענדע, הילפלאזע מענשען וועלען זיך ניט אויפהערן צו קוועלען.

רחלעס קינדער האבען נעביך זייער שווער געארבייט און האבען אלע וואָך געבראכט דער מוטער דריי דאָלער.

אין ניו־יאָרק עקסעסטירט א קינדער־שוץ געזעלשאפט וואס זייער גאנצער ציעל איז צו שיצען דיא קליינע קינדער פון גרויזאמקייט, און דאָך פלאגען זיך דאָ טויזענדער שוואכע קינדער מעהר אלס אין אלע אנדערע שטעדט. פאסט אין אלע פאבריקען ארבייטען קליינע קינדער, מען בע־האנדעלט זיי וויא דיא פערד. מען לאזט זיי פריי ניט אטהמען.

דיא קינדער־שוץ געזעלשאפט קען נור א מאל אוועקרייבען א ליעבעס קינד פון זיינע עלטערן דערפאר וואס מען האט איהם געחאפּט טראגען א פיינט ביער פאר זיין פאטער, וואס איז געקומען און אנגע־האָרעוועטער פון דער ארבייט אז ער קען זיך קוים ריהרען.

ו.

## דערטאָפּט.

פינף מאָנאטען זייען פערגאנגען פון דער צייט וואס רחלע איז אנגעקומען אין אונזער פרייער וועלט.

דאס זיינען געווען פינף פינסטערע שרעקליכע מאָנאטען. דיא

אונגליקליבע האט שטארק חרטה געהאט, וואס זיא איז נאר געקומען אהער. אבער דאס וואר שוין א פערפאלענע זאך. זיך צוריק אומקעהרען אין דער אלטער היימאטה, וואר אונמעגליך און צוועקלאז.

זיא איז שוין צו איהר ווירטהזי'ס מיטאגען געוואינט געווארען און האט שוין אויך שלום געמאכט מיט דיא וואנצען און האט אויך אנגע־הויבען צוריק צו ארבייטען. צוזאמען מיט דיא עלטערע קינדער האט זיא אויסגעארבייט פינף דאלער דיא וואך דאס איז געווען ניט מעהר, וויא אויף דיא נעטהיגסטע בעדערפניסע. איהרעביידע קינדער וואס האבען געארבייט זיינען געווארען דאר וויא דיא סקיליעטען, זיא פלעגט טייבען טרעהרין פערגיעסען קוקענדיג אויף זיי, אבער זיא האט נאר ניט געקענט העלפען, דען אפרייסען זיי פון דער ארבייט וואר אונמעגליך. זייערע קליינע ווירדזשעס האט זיא געמוזט האבען. איהרע צוויי קלענערע קינדער זיינען געגאנגען אין סקול אבגעריסען איינגעהילט אין לאטעס און אין שמאטעס.

וועגען איהר מאן האט זיא שוין גאר ניט געדענקט, דען זיא האט קיין צייט געהאט איהם צו זוכען. זיא האט איינמאהל אריינגעגעבען אן אדווערטייז אין א אידיש בלאט, דאס זיא זוכט איהר מאן אפרים נאלד; אבער קיינער האט זיך אויף דעם ניט אבגערופען.

איין מאל אלס זיא איז אבענדסצייט צוריקגעקומען פון איהר ארבייט אהיים זעהר מיעד און קראפטלאז, האט זיא ביי איהר מיסעס געטראפען א יונגען מאן וועלכען דיא מיסעס האט איהר פארגעשטעלט אלס דער מיסעס א לאנדסמאן מיט דעם נאמען **יעקב וואלדבער** אוים ווילנא.

— ניט אומזיסט זאגט מען אז אמעריקא איז א פערקעהרטע וועלט, — האט דיא מיסעס לאבענד געזאגט צו רחלען — ביי אונז אין יוראפ פערלאזען דיא מאנען זייערע ווייבער און דא אין אמעריקא פער־לאזען דיא ווייבער זייערע מאנען. דער יונגער מאן וועט אייך דערצעהלען א שהענע געשיכטע פון זיין ווייבעלע וואס האט איהם אוועקגעווארפען

צוליעב א געליעבטען, וועט איהר ערשט זעהן אז אונזער אמעריקא איז נאר אן אנדער וועלט.

ווי רחלע איז מיעד געוועזן, וואר זיא דאך נייניעריג צו הערן די שעהנע געשיכטע, וואס דעם יונגען מאן האט געטראפען. זיא האט זיך אוועקגעזעצט און האט איהם געבעטען ער זאל איהר זיין געשיכטע דערצעהלען.

יעקב וואלדבער האט זיך לאנג ניט געלאזט בעטען און האט אין קורצע ווערטער דערצעהלט, וויא ער האט מיט דריי יאהר צוריק געהייראטהעט א שעהנעס מעדכען, וואס האט געארביים אין זיין שאפ מיט'ן נאמען חנה לעפשטיין. ער האט מיט איהר זעהר גליקליך געלעבט. זיא האט איהם אויך געשענקט צוויי שעהנע קינדערליך, וועלכע זיי האבען ביידע געליעבט וויא זייערע אויגען אין קאָפּ. נור פּלוצלונג האט זיך דער טייפעל אריינגעמישט און האט זייער גן-עדן צערטרימערט. דער טייפעל וואר דער באָרדער מאריס פּלאָט, וואס האט ביי זיי אין הויז זיים איינינע מאנאטען קווארטירט. ער האט זיין פרוי פּוּ'ם גלייכען וועג אראָפּ-געפיהרט. דורך זיינע ליגענס און גלאטע רייד האט ער געמאכט, דאס זיא האט איהם, איהר מאן מיט די קינדערליך פערלאזען און איז מיט דעם אונמענשען אנטלאָפען געוואָרען.

— יעצט, האט וואלדבער געענדיגט — האבען מיר זיך געשיידעט און די נאכט האט מיין פערפלוכטע געמאהלין חתונה מיט דעם טייפעל, וואס האט אונזער קלארען הימעל פערפינסטערט.

— די וועלט איז זעהר רייך מיט אזעלכע אונמענשען וואס האבען קיין הערצער און קיין געוויסען, — האט רחלע געענטפערט אלס זיא האט די געשיכטע אויסגעהערט — מיין מאן האט מיך אויך בעטראָגען אויף אזא שענדליכער ארט!

זיא האט איהם דערצעהלט אויך איהר גאנצע טרויעריגע געשיכטע און האט געענדיגט מיט די ווערטער:

— איך בין שוין דא פינף מאנאט און מיין בעשטענדיגע שווערע ארבייט ערלויבט מיר ניט איך זאל איהם זאגאר זוכען. עס קען זיין, אז ער געפינט זיך דא אין ניו־יאָרק, אבער איך האב ניט קיין צייט נאכ־פאָרשונגען וועגען איהם צו מאכען.

— האט איהר זיין בילד ? — האט וואלדבער געפרעגט.

— יא, איך האב זיין פאָטאָגראפישע קארטע.

— זייט אזוי גוט און צייגט זיא מיר, — האט וואלדבער געזאגט — פיעלייכט וועט מיר זיין געזיכט קענטליך פאָרקומען, אדער פיעלייכט וועל איך אייער טייפעל אירגענד וואו בעגעגנען, וועל איך איהם נאך דער קארטע דערקענען.

רחלע איז אריינגעגאנגען אין איהר צימער און האט פון דאָרט ארויסגעטראגען א פאטאגראפיש בילד איינגעפאסט אין א שעהנער פריים.

קוים האט וואלדבער אויף דעם בילד א קוק געטהאן איז ער לייבענבלאס געווארען. זיינע הענד האבען אנגעהויבען אזוי צו ציטערן, דאס דיא בילד איז שיער פון זיין האנד ניט ארויסגעפאלען.

— וואס איז אייך, מיסטער וואלדבער, — האט דיא מיסעס גע־פרעגט, — ווארום זייט איהר אזוי ערשראקען ?

— מיין גאָט ! — האט ער מיט א ציטערענדע שטימע געענטפערט — דאס איז דאך מיין מלאך־המות. דאס איז מאָריס פלאָט.

— וואס ? — האט יעצט רחלע ערציטערט געפרעגט — וואס זאגט איהר ?

— דאס איז מאָריס פלאָט — האט וואלדבער געענטפערט — איך וואלט איהם דערקענט זאגאר אין דער פינסטער.

— וויא קומט דאס צו מאָריס פלאָט ? דאס איז דאך מיין מאן אפרים גאָלד — האט רחלע ערשטוינט געזאגט.

— ביי מיר איז קיין צווייפעל, אז אייער אפרים גאָלד האט אזוי

איבערגעביטען זיין נאָמען אויף מאָרים פלאָט. מיין ראטה איז, איהר זאלט דיא מינוט מיט מיר אונטערפאהרען אהין צום האלל, וואו זיין האָכצייט מיט מיין פרוי דארף באלד שטאטפינדען. וועט איהר זיך שוין איבערצייגען צו דאס איז אייער מאן צו ניט.

— איך געה מיט אייך — האט רחלע געענטפערט — איך וועל נאָך מיטנעהמען אלע מיינע קינדער, אויב דאס איז ווירקליך מיין אפרים, וועל איך איהם שוין דאָרט אויפשפיעלען אזא חתונה, וואס ער וועט מיך האבען צו געדענקען כל זמן ער וועט לעבען.

אוןביידע צוזאמען מיט אלע פיער רחלעס קינדער זיינען אוועק געפאהרען מיט דער קאַר צו דעם האל וואס וואלדבער האט געזאגט.

* * *

דער האל וואר זעהר פיין בעלייכטעט. אן „ארקעסטאר מוזיק“ האט דאָרט מעהר געבארעבאנעט אלס געשפיעלט. דאס זיינען פון דיא ארקעסטערס, וואס האבען זיך צוזאמענגעשטעלט פון דיא מוזיקאנטען וואס זיינען אהער אנגעקומען פון דיא קליינע ליטוועשע שטעדטליך.

יעקב וואלדבער האט רחלען מיט דיא קינדערליך אריינגעפיהרט אין האל.

דא זיינען געווען אונגעפעהר צוואנציג געסט פערפוצט, ווי צו א חתונה. דער חתן מיט דער כלה האבען געארמט ארום שפאציערט איבער דעם גרויסען האל. ביידע האבען אויסגעזעהן זעהר מונטער און גליקליך.

— איהר זעהט מיסעס גאָלד דעם חתן, — האט יעקב געזאגט צו רחלען — קוקט זיך נור גוט אין איהם איין און דערקענט איהם, איז דאס ניט דערזעלבער וואס איז אבגעמאלט אויף דעם בילד?

— ער איז זעהר ענליך צו מיין אפרים׳ן, — האט רחלע געענט־פערט — אבער איך קען פּאָזעטיוו ניט זאגען, אז דאס איז ער.

— שא! — האט וואלדבער געזאגט — דיא כלה האט מיך דערזעהן, זיא סורעט זיך מיט איהר חתן. זעהט ער האט א קוק געטהאן אהער.

וויא מיר שיינט האט ער זיך שטארק דערשראָקען. דאס איז ער, מיסטע גאָלד, איך דערקען אין זיין שרעק, אז דאס איז ער, ער האט אייך דערזעהן דארום איז ער ערציטערט געוואָרען. קומט צו נעהנטער און גיבער דען ער קען מאכען פליטה.

זיי זיינען צוגעגאנגען שנעל צו דעם גליקליכען פּאָרל.

פלאָט אדער גאָלד האט באלד דערקענט זיין ווייב רחל'ען און ער האט טאקע בדיעה געהאט צו מאכען א ויברח אבער רחלע האט איהם שוין יעצט גוט דערקענט און זיא האט איהם ערגרייפענד ביי זיין ראָק א געשריי געטהאן: פראָיקע! דוא ביסט דאס? איך האב דיך דערטאפּט מיין מלאך־המות מיין קיילער. יעצט ווערסט דוא פון מיינע הענד ניט אנטלויפען.

עס איז געוואָרען א רעש א געטומעל, פראָיקע האט זיך געוואָגט ארויסרייסען פון זיין ווייבס הענד, אבער זיא האט איהם ניט אבגעלאזט און דערווייל זיינען אנגעלאפען פּאָליסלייטע און אלס זיי האבען ערפאהרען אום וואס דא האנדעלט זיך האבען זיי דעם ליעבען חתן מיט זיין ערשטע ווייב אוועקגעפיהרט אין סטיישען הויז.

דער ריכטער וועלכער האט רחלע'ס ווערטער אויסגעהערט האט בעשולדיגט אפרים'ן אין ביגאמיע (חתונה האבען מיט צוויי ווייבער) און האט איהם פעראורטהיילט צו צעהן יאהר סינג־סינג. און האט רחלע'ן ערלויבט צו הייראטהען. מיט שווערער מיה איז רחל'ן געלונגען ארויס צו בעקומען פון איהם א גט.

רחלע מיט דיא קינדער זיינען היינט אין ניו־יאָרק. זיא האט געהייראטהעט א פיינעם כאן אן אלמן פון אָפּטאן. ער איז אויך א שינאורקער נור ער איז אין אמעריקא שוין מעהר אלס צוואנציג יאהר און רעכענט זיך צווישען דיא אפּטאנער רעפאָרמירטע אידען. ער געדיינקט רחלע'ס עלטערן זעהר גוט און דארום האט ער מיט איהר חתונה געהאט און זיא לעבט פאר איהם זעהר גליקליך. איהרע קינדער האבען אין זייער מוטערס צווייטען מאן א פיעל צערטליכערן פאטער געפונען אלס זייער וואהרער פאטער אפרים.

ע נ ד ע

# דער שאַך.

(אַן אראַבישע ערצעהלונג).

## א.

## א בריליאַנט אין בלאָטע.

**דעם שענסטען** טהייערסטען בריליאַנט קען מען א מאל גלייכגילטיג פערביינעהן אהנע זיין ווערטה צו פערשטעהן, ווען ער ליעגט אין שמוץ און אין בלאָטע און דיא שענסטע פרויען־געשטאלט קען אונזער אויפ־מערקזאמקייט אויף זיך ניט ציהען, ווען זיא איז אין לומפען איינגעהילט. דעם ריכטיגען בעווייז דאצו קענען מיר נעהמען פון דער שעהנער מאַנאַ־לינאַ, אויף וועלכער קיינער האט זיך ניט אומגעקוקט נור דערפאר, וואס זיא וואר אימער זעהר ארים געקליידעט און איהר בעשטענדיגע שווערע ארבייט האט איהר זאגאר ניט ערלויבט זיך ריין ארומצואוואשען.

שעהן און רייצענד וואר מאַנאַלינאַ. דיא נאַטור האט זיא בעשאנקען מיט דעם גאנצען וויבליכען צויבער, איהר פיגור און אלע איהרע גליעדער וואַרען וויא פון א קינסטלער־האנד זאָרגפעלטיג געפאָרמט און דאָך האט עס קיינער בעמערקט, ווייל זיא וואר זא ארים, דאס זיא האט אימער געמוזט געהן פערשמוצט און געקליידעט אין לאַטעס און שמאַטעס. מאַנ־בעס־מאל האבען איהרע שווארצע פונקעלנדע אויגען יא געפעסעלט דיא בליקען פון דיא מענשען וואס האבען זיא בעגעגענט; אבער דאס וואר א פערביינעהענדער, מאָמענטאַלער איינדרוק. דען וועלכער עהרענמאַן וויל זיך דאס ערלויבען אין זינען צו האבען א בעטלערין, א שמוציגע ארמע פרוי?

עס איז גאר קיין וואונדער וואס מאַנאַלינאַ זעלבסט האט ניט געוואוסט אז זיא איז שעהן און האט זיך דארום איינגעבילדעט, אז זיא איז בעשאפען געווארען וויא אלע געוועהנליכע ארימע מעדבענס, נור

שווער צו ארבייטען און הייראַטהען אן ארמען ארבייטער, וואס זאל אין שטאנדע זיין איהר גענוג ברויט צו געבען. דיא איינבילדונג האט זיא געבראכט דאצו, דאס זיא האט אין הערצען גערעכט געגעבען דעם רייכען עלי, פאר וועלבען זיא איז נאך אלס קינד בעשטימט געווארען זיא זאל זיינע ברויט זיין, דערפאר וואס ער האט נאר אין איהר ווינקעל ניט געוואלט א קוק טהאן און האט זיך גאר געשעמט ווען מען האט איהם דערמאנט, אז דיא מיאוס'ע בעשעפענים האט בעדארפט זיין זיין בראוט.

מאנאלינא'ס פאטער יאבון און עלי'ס פאטער קארים ווארען צוויי רייכע אראבער, זיי האבעןביידע פיעלע יאהרען געהאנדעלט, האבען פיעל געלד צוזאמען פערדינט און זייער פריינדשאפט וואר זא גרויס, דאס אלס זייערע קינדער ווארען נאך צו דריי יאהר אלט, האבען זיי פון זיי געמאכט חתן־כלה און האבען געשווארען, דאס דיאביידע קינדער מוזען מאן און ווייב ווערן.

דיא ביידע קינדער ווארען אין איין עלטער. זיי זיינען אין איין וואך געבארען געווארען, ביידע זיינען געוועזן שעהן, קלוג און שטארק געראטען. אלע מענ'שען וואס האבען זיי געזעהן האבען איינשטימיג געזאגט, אז זיי זיינען איינער פאר דעם אנדערן בעשאפען געווארען. דיא עלטערן האבען זיך זעהר געפרייט הערענדיג דיא רייד און זייער צופריעדענהייט האט זיך פערגרעסערט פון טאג צו טאג, אלס זיי האבען בעמערקט וויא זייערע ליעבע קינדערליך זיינען זיך איינער דעם צווייטען זעהר גערן און נאך אין דיא קינדער־יאהרען ליעבען זיי זיך וויא צוויי ערוואקסענע יונגע לייט.

אלס דיא קינדער זיינען צו צעהן יאהר אלט געווארען, איז מאנא־לינא'ס פאטער יאבין געשטארבען גאר פלוצלונג. אלע האבען געמיינט אז ער האט פאר זיין פרוי און טאכטער אן אונגעהייער גרויסען קאפיטאל איבערגעלאזט, אבער וויא ערשטוינט איז מען געווארען אלס מען האט זיך ארומגעזעהן, אז פון איהם איז איין פיאסטער (א טירקישע מטבע) ניט געבליעבען און דיא אלמנה האט נאך געמוזט ענטפערן איינינע בעלי־

חובות וואס איהר מאן האט ביי זיי געליהען גמילות־חסדים אויף עטליכע טעג.

דאס וואר פאר אלעמען א רעטהזעל. מען האט גוט געוואוסט אז יאבין האט געהאט אזעלכע צייטען וואס ער האט מיליאָנען פערדינט און אימער האט ער געלעבט זעהר שפּארזאם און סאליד, ווארזשע איז אהינגעקומען זיין רייכטהום?

אויף דער פראגע האט קיינער געקענט ענטפערן און זיין ווייב סערוואַ מיט זיין שעהנער טאכטער מאנאלינאַ זיינען געבליעבען עלענד און אין גרויסען נויטה.

דער גוטער קארים האט אויף זיי מיטלייד געהאט און האט זיי צו זיך אין שטוב אריינגענומען. ער האט זיי פאסט מיט פעטערליכע צערט־ליכקייט בעהאנדעלט, זא דאס זיי האבען ניט געפיהלט דעם פערלוסט פון זייער שפּייזער יאבון. מאנאלינא האט זיך אלץ גערעכענט פאר עלי'ס כלה און וויא עס האט אויסגעזעהן איז אין זייער ליעבע קיין פערענדערונג געקומען.

אבער דאס גליק האט ניט לאנג צו דיא צוויי פרויען געשמייכעלט, דען אין פינף יאהר ארום איז אויך דער גוטער קארים געשטארבען און זיין קאפּיטאל מיט זיינע געשעפטען האט איבערגענומען זיין פרוי א י ד א מיט זיין פופצעהניעהריגען זוהן עלי.

אידא וואר א שלעכטע, גיפטיגע פרוי. זיא האט קיין מאל געוואָלט ליידען וואס דיא ארימע סערוואַ מיט איהר טאכטער מאנאלינאַ וואוינען ביי איהר אין הויז. זיא האט אבער מורא געהאט איהר אונצופריעדענ־הייט ארויסצואווייזען, ווייל זיא האט געוואוסט, אז זיא וועט דאמיט ביי איהר מאן גאָר ניט אויספיהרען. יעצט אבער אלס זיא איז אליין געבליעבען דיא איינענטהימערין פון איהר מאַן'ס געשעפטען, האט זיא אנגעהויבען איינריידען איהר זוהן עלי, דאס פאר איהם איז גאר קיין פּלאַן ניט ער זאל הייראטהען אזא ארמעס מעדכען וויא מאנאלינא איז. דען ער קען

זיך אויסזוכען א כלה פון דיא רייכסטע אראבער. זיא האט מיט איהם אזוי לאנג געטענה׳ט ביז ער האט זיך געלאזט איבערריידען און אין א קאלטען ווינטער-טאג האט דיא שלעכטע אידא אנגעזאגט סערוואַן מיט איהר טאכטער, זיי זאלען זיך פון איהר הויז ארויסציהען, ווייל דער שידוך וואס איהר נארישער מאן האט געשלאסען, איז שוין מעהר קיין שידוך ניט.

עס האט ניט געהאָלפען קיין וויינען, קיין טרערין און קיין בעטען, דיא אונגליקליכע פרויען האבען זיך געמוזט ארויסציהען פון אידא׳ס הויז. אן אלטער אראבער מיט דעם נאמען עפענדי, וועלכער האט א מאָל ביי זיי אין הויז גערינט, האט אויף זיי רחמנות געהאט און האט זיי אריינגענומען אין זיין ארמער וואוינונג און, ווייל ער האט זיי ניט געקענט ערנעהרען, האבען זיי זיך ביידע גענומען צו דער ארבייט. זיי פלעגען וואשען וועש, נייען העמדער און דאמיט האבען זיי זיך פיעל יאהר נאך דער רייהע ערנעהרט.

אין אזא פינסטער, ביטער לעבען איז מאנאלינאַ קיין מאל אין זינען ניט געלעגען צו טראכטען וועגען איהר צוקונפט. זיא וואר אזוי פערצווייפעלט, דאס זיא האט געגלויבט, אז זיא וועט ביי דער שווערער ארבייט איהר לעבען ענדיגען. זיא פלעגט דארום אויף איהר אייגענער פערזאָן גאר ניט קוקען, זיא האט זיך נור בעמיהט דער מוטערס שווער לעבען עטוואס צו פערגרינגערן. אזוי איז דער שעהנער בריליאנט געלעגען אין בלאָטע און קיינער האט גאר זיין ווערטה ניט פערשטאנען.

## ב.

## אונמענשליכע בעהאַנדלונג.

„א מענש איז ניט מעהר וויא א מענש“ זאגען דיא ווייבער. ער קען איבערטראגען צרות נור נאך זיינע כחות. אבער קוים חאפען די צרות איבער דיא מאס, מוז דער אונגליקליכער אונטער זייער לאסט פאלען.

דאס האט מען געזעהן ביי דיא אונגליקליכע פרויען סערוואַ און מאַנאַלינאַ. זיי האבען זיך פינף יאהר נאך דער רייהע געקוועהלט און האבען גערולדיג זייערע שמערצען ערטראגען, ווייל דיא צרות וואס זיי האבען געהאט זיינען געווען צו דערליידען. א דירה האבען זיי געהאט ביי דעם גוטען עפענדי און זייער שטיקעל ברויט האבען זיי פערדינט מיט זייער שוויים. ענדליך אבער האבען זייערע ליידען אלע גרענצען אריבער־געטראטען. דעם גוטען עפענדי'ס הויז האט אבגעברענט און ער האט שוין מעהר אליין ניט געהאט וואו דעם אלטען קאָפּ אניעדערצולייגען. צוזאמען מיט דאס הויז איז נאך דיא ביסעל ארימקייט פון דיא צוויי אונגליקליכע פרויען פערברענט געוואָרען. זיי זיינען ביידע געבליעבען וויא דיא אבגעשארענע שאף אונטער דעם פרייען הימעל אין א וואָלקענדיגען טאג, ווען א שלאַגס-רעגען שמייסט אויף זייערע נאקעטע קערפּער און ווער עס זאל אין אזא נויטה העלפען האַטש מיט עטוואס איז ניט געווען.

דיא מוטער האט פאר גרויסע שמערצען ניט געקענט ריידען. נור דיא שטומע טרערין, וואס האבען זיך געגאסען איבער איהרע איינגע־דאַרטע באַקען האבען געוויזען, וואס פאר א פערוואונדעטעס הערץ זיא האט. קוקענדיג אויף איהר מוטערס שמערצען האט מאנאלינא דאס לעצט ביסעל מוטה פערלאָרען. איהר האט ניט אינטערעסירט איהר אייגענע פערזאָן, אבער פאר דער ליעבער אונגליקליכער מוטער האט זיא זיך אימער מיט לייב און זעעלע אינטערעסירט. יעצט אלס דיא וואסער איז שוין געקומען ביז דער זעעלע, האט זיא זיך בעשלאָסען צו מאַכען א א שמאַכפאָלען טריט.

— מוטער! — האט זיא מיט א זאנפטער שטימע געזאגט קושענד דער מוטערס בלאַסע באַקען — זיי דאך ניט פערצווייפעלט, מיר זיינען נאך ניט אזוי עלענד וויא דוא מיינסט. איך גלויב, אז עלי וועט יעצט אויף אונז רחמנות האבען, אלס ער וועט פון אונזער ביטערער לאַגע ערפאהרען. איך וועל צו איהם אריינגעהן, וועל איהם אלעס דערצעהלען

און דוא וועסט זעהן, וויא ער אויף זיין מוטער וועלען אונז העלפען.

— דוא רעדסט נארישקייט, מיין קינד, — האט דיא מוטער גע־ענטפערט ווישענדיג דיא אויגען—דיאביידע מענשען, עלי מיט זיין מוטער, זיינען קיין מענשען מעהר, פון זיי איז געוואָרען שטיינער. אונזערע טרערין קענען שוין גאר אויף איהם ניט ווירקען. זיי שעמען זיך גאר אלס זיי דערמאנען זיך, דאס זיי ווארען א מאל אונזערע פריינדע. ווען דוא וועסט צו זיי קומען, וועסט דוא געוויס זעהר א שלעכטען עמפפאנג האבען.

— איך גלויב אבער ניט, אז עלי, וועלכער וואר א מאל אזא גוטער יונגע, זאָל מיט א מאל אזוי שלעכט ווערן, דאס א פונק מענשליכקייט זאל אין איהם ניט ברענען. דוא וועסט זעהן, ליעבע מוטער, וויא זיי וועלען ערווייכט ווערן אלס זיי וועלען מיך דערזעהן און וועלען פון אונזער אונגליק ערפאהרען.

— טהו וויא דוא פערשטעהסט, מיין טאָכטער. מיר האבען שוין אלס איינס ניט וואס אנצואווערן. געה אין גאטעס נאמען, פיעללייכט וועלען זיך דיא לייטע ווירקליך אויף אונז ערבארמען, זיי וועלען פיעללייכט קוקענדיג אויף דיר פערשטעהן, דאס מיט רייכקייט דארף א מענש ניט צו פיעל שטאָלצירען און וועלען אונז האָטש מיט עטוואס בעהילפיג זיין.

— ביי מיר איז קיין צווייפעל אז מיינע טרערין וועלען זיי ריהרען,— האט מאנאלינא געזאגט—איך געה שוין צו זיי און נאך היינט זיינען מיר גערעטעט פון אונזער נויטה.

און וויא זיא שטעהט און געהט איז זיא אוועקגעגאנגען צו עלי'ס פאלאץ, וועלכער האט זיך וויא א קרעפמינער שעהנער ריעז עמפאָר געהויבען צווישען דיא פיעלע הייזער, וואס האבען איהם ארומגערינגעלט.

— וועמען בעדארפסט דוא ? — האט א קנעכט וועלכער איז אין טיהר געשטאנען דער ארמער געפרעגט.

— איך בעדארף וועגען זעהר א וויכטיגער זאך רעדען מיט דעם יונגען עלי אדער מיט זיין מוטער,—האט מאנאלינא דעמוטהיג געענטפערט.

— איך האב א שטרענגען בעפעהל, דאס איך זאָל קיינע בעטלער היער אין הויז אריינלאזען — האט דער בעדינטער שטרענג געזאגט.

— איך בין קיינע בעטלערין, — האט זיך מאנאלינא וויינענד געבעטען — איך דארף מיט דיינע הערשאפטען ריידען וועגען אזא זאך, וואס היינגט אפּ דער לעבען פון צוויי אונגליקליכע מענשען.

מאנאלינא׳ס טרערין און איהרע פלעהענדע פייכטע בליקען האבען דעם בעדינטען זאָ בעצוויבערט, דאס ער האט איהר ביטע ניט געקענט ענטזאגען און האט זיא אריינגעלאזט אין שטוב. ער אליין האט איהר זאגאר אנגעוויזען דאס צימער וואו עלי מיט זיין מוטער זיינען געזעסען ביי א רייך־געדעקטען טיש, אויף וועלכען עס זיינען געשטאנען דיא טהייערסטע שפּייזען און דיא בעסטע וויינען און האבען מיט גרויס אפּעטיט געגעסען און געטרונקען.

דיא ארמע מאנאלינא איז שטעהן געבליעבען אין טהיר, אלס זיא איז אריינגעקומען און האטביידע בעקענטע דערזעהן. דאס הערץ האט איהר אזוי פערקלעמט, דאס זיא האט א וואָרט ניט געקענט אויסריידען און נור איהרע אויגען האבען זיך געעפענט און האבען וויא פון א הייסער קוועלע פון זיך געגאסען הייסע, ביטערע טרערין.

עלי וויא אויך זיין מוטער האבען דער אונגליקליכער זעהר גוט געקענט, זיי האבען זיא פיעל מאל בעגעגענט מיט א שווערען פּאק וועש אויף דיא פּלייצעס, דאך האבען זיי זיך יעצט געמאכט וויא זיי ערקענען זיא ניט און עלי האט שטרענג געפרעגט:

— ווער ביסט דוא און וועמען בעדאַרפסט דוא?

— מיר איז קיין וואונדער וואס איהר האט מיך ניט ערקענט, — האט דיא אונגליקליכע שלוכצענד געענטפערט—דען גאט אליין איז אויך צו מיר און צו מיין ארמער מוטער געווארען פרעמד. ער האט אונז איבערגעלאזט אין אזא עלענד וואו מיר קענען ביידע זעהר לייכט פון הונגער און קעלט שטארבען.

— איך פרעג דיך נאך א מאל, ווער ביסט דוא? — האט עלי צאָרניג געשריען.

— יעצט דערקענסט דוא מיך אויך ניט? -- האט זיא וויינענד גע־זאגט — דוא דערקענסט ניט דער אונגליקליכער מאַנאַלינא, וועלכע וואר א מאל זא גליקליך וויא דוא. ניין! איך גלויב ניט, דוא זאָלסט זא האַרט־הערציג זיין. פון א מאל געדענק איך דיך אלס גוטען בראווען יונגע. פון א שעהנעם יונגען ביימעלע קען פאר קיין פאל ווערן א גיפטיגער שטע־בענדיגער דאָרן.

— אה, דוא ביסט מאנאלינא?—האט ער שפּאָטיש געזאגט—דוא ביסט געקומען בעטען מען זאל דיר געבען קייטיגע וועש צו וואַשען.

— מיט פערגניגען און מיט דאנק וואָלט איך פון דיר דיא ארבייט אנגענומען אום א שטיקעל ברויט צו פערדינען. אבער איך האב ניט וואו צו וואַשען, דען דאס הייזעל וואו מיר האבען געוואוינט האט אבגעברענט און מיר זיינען געבליעבען אונטערן פרייען הימעל!

— ווילסט דוא פּיעללייכט איך זאל דיר א נייע הייזעל אויסבויען?— האט ער מיט א גיפטיגעם לאַכען געררעגט.

— איך פערלאנג פון דיר וויא פון אן אלטען פריינד, דוא זאָלסט מיר אויסלייהען עטליכע פּיאסטערס, איך זאל קענען פאר זיך און פאר מיין מוטער א קליין צימעריל דינגען מיר זאלען ניט געצוואונגען זיין צו נעכ־טיגען אויף דער גאס און זאָלען דאָרט קענען ארבייטען.

— לייהען דיר עטליכע פּיאסטער? חא, חא, חא! האט זיך עלי פאַרנאנדערגעלאַכט — וואו ועסט דוא דאס נעהמען געלד מיר דעם גמילות חסד אבצוגעבען.

— איך פערשטעה ניט וואס טענה׳סט דוא מיט דער בעטלערין אזוי פיעל, — האט אידא צאָרניג א געשריי געטהאן — ווען דוא זאָלסט מיט יעדען בעטלער, מיט יעדער שלעפּערקע אזוי פיעל ריידען, דארפסט דוא דיין גאנץ געשעפט פערבייגען. מארש פון דאנען! — האט זיא א

געשריי געטהאן צו דער ארמער מאנאלינא — מיר לייהען ניט קיין געלד אזעלבע בעטלערינס.

— בעטלערינס? — האט מאנאלינא שוין מיט מעהר שטאָלץ גע־ענטפערט — איך האב נאך דערוויל ביי קיינעם געבעטעלט. איהר זייט דיא ערשטע ביי וועלכע איך האב געבעטען א גמילות־חסד, נור אז איהר ווילט מיר ניט געבען, דאַרף מען ניט. איך האב אויף אייך קיין פעראיבעל ניט. איך בעדויערע אייך נור, וואס איהר האט פערלאזען אין גאנצען אייערע מענשליכע געפיהלע. איך וועל אייך אבער וויזען, אז אַבוואָהל איהר האט מיך אונמענשליך בעהאנדעלט, פון דעסטוועגען אז איהר וועט א מאל קומען צו מיר בעטען לייהען א גמילות חסד, וועל איך אייך יא געבען.

זיא האט נאך דיא ווערטער ניט געענדיגט, אלס זיא האט אויף איהר שולטער געפיהלט עלי'ס שטארקע האנד. ער האט זיא צאָרניג ערגריפען, האט זיא ארויסגעשלעפט פון שטוב און פון אלע טרעפּ ארונטערגעוואָרפען.

ג.

## דער אוצר.

דיא שטאדט מעקא רוישט וויא א שטירמישער אָקעאַן. דען דיעזע וואָך וועט זיין דעם הייליגען מאהאָמעד'ס יאהר־צייט. פון גאנץ טירקיי און אראַביען שטרעמען זיך פּילגרימע א הער צום קבר־ פון'ם פּראָפעט, אויסצוגיסען זייערע הערצער און בעטען אויף געזונד און גליק.

דאס מאל האט זיך דיא צאהל פון דיא פּילגרימער פערדאָפּעלט אלס אלע יאהר, ווייל מען האט געוואוסט דאס דער טהראָנפאָלגער פון דער טירקיי, פּרינץ מוסטאפא וועט אויך צו דעם פּראָפעט'ס יאהר־צייט קומען.

אלע איינוואוינער פון מעקא האבען זייערע הייזער לכבוד דעם

גרויסען גאַסט יום־טוב׳דיג פערפּוצט. איבעראַל האָט געוועהט דיא טער־קישע פאַהן און אויף יעדער פאַהן וואַר אויסגענייט מיט גאָלדענע בוכ־שטאַבען: „לעבען זאָל דער פּרינץ מוסטאַפאַ!"

אַלע מענער פון דער שטאָדט, וויא אויך אַלע פרויען האָבען פאַר זיך צוגעגרייט פעסטליכע קליידער אום דעם גרויסען גאַסט צו עמפּפאַנגען. מען האָט פון קיין אַנדער זאַך געהערט ריידען, וויא נור פון דעם פּרינץ. יעדער האָט דערצעהלט זיינע גרויסע מעלות, זיין מענשענפריינדליכקייט און זיין גוטסקייט צו יעדען מענשען.

נור צוויי פערזאָנען האָבען זיך גאָר ניט אינטערעסירט מיט דעם גאַסט און האָבען קיינע פאַרבערייטונגען געמאַכט איהם צו עמפּפאַנגען. דאָס וואַרען אונזערע בעקאַנטע אונגליקליכע פרויען, סערווא און מאַנאַלינאַ. דיא ביידע עלענדע האָבען געוואוינט אויפ׳ן פרייען פעלד אין א קליין בייּ-דעל. דאָס שטיקעל פעלד איז זיי געבליעבען פון זייער מאַן און פאָטער יאַבון. דאָס וואַר אָבער אַזאַ פעלד, וואָס האָט קיינע נוצען געקענט ברענגען, ווייל זיא וואַר פול דורכאויס מיט שטיינער און דערנער און דאַרום האָט זיא קיינער געוואָלט קויפען. יאַבון האָט דאָ א היטע (א ביידעל) פון צווייגען געמאַכט, ער זאָל זיך דאָ קענען אָפּרוהען געהענדיג צוריק פון דער יאַגד, וואָס ער פלעגט פאַסט יעדען טאָג מאַכען אויף דיא פיעלע שאַקאַלען און פיקס, וואָס האָבען זיך אין דעם געגענד געפונען.

אין דיעזער היטע האָבען יעצט זיין פרוי און טאָכטער געוואוינט. ביי נאַכט פלעגען זיי דאָ שלאָפען און ביי טאָג פלעגען זיי אריינגעהן אין שטאָדט וואַשען וועש אין זייערע בעקענטע הייזער. מאַנכעס־מאָל פלעגט דאָ מאַנאַלינאַ נעהען וועש פאַר פרעמדע.

א ביטערעס שווערעס לעבען האָבען דיא אונגליקליכע פערבראַכט. זייער ביידעל וואַר ווייט פון שטאָדט אונגעפעהר פיער ווערסט און נאָך זייער שווערער ארבייט האָבען זיי נעביך געמוזט געהן אַזאַ ווייטע שטרעקע צו פוס, זייערע מיעדע גליעדער אויסצורוהען אין דער קאַלטער ביידעל

וואו דער ווינט האט געבלאזען פון אלע זייטען. דורך זייערע פערדינסטע האבען זיי קוים געקענט דעם טרוקענעם ברויט און אויף א פּאָר שיך פערדינען און דאך האבען זיי זיך ניט בעקלאגט און האבען געדולדיג זייער שיקזאל איבערגעטראגען.

איין מאל אלס מאנאלינא האט אפּגעטראגען ארבייט צו א פרוי, האט זיא זיך ארומגעזעהן דאס איהר פעהלט א העמד. א טוידט־שרעק איז איהר בעפאלען. זיא איז שנעל א היים אין דער היטע געלאפען און האט דאָרט געזוכט דאס פערלאָרענע העמד; אבער זיא האט עס ניט געפונען.

— א פרעמדע העמד איז פערלאָרען געגאנגען, זיא וועט מוזען פאר איהר בעצאהלען. דער געדאנק האט דער ארמער אזוי ערציטערט, דאס זיא איז פון דיא פיס געפאלען. זיא האט דיא גאנצע ביידעל דורכגעזוכט און אלס זיא האט דאס העמד ניט געפונען האט זיא פון דאָרט ארויס־געוואָרפען דיא אלטע פערשימעלטע שטרוי, וואס איז דאָרט געלעגען. צו איהר גרעסטען ערשטוינען האט זיא אונטער דיא שטרוי בעמערקט, וויא א טיהר, וואס געהט אין דער ערד אריין.

— וויא קומט א הער א טיהר? — האט זיא זיך אליין פערוואונ־דערט געפרעגט און נאך א לאנגעם נאכדענקען האט זיא זיך בעשלאסען דיא טיהר צו עפענען אום צו זעהן, וואס אונטען איז.

צום אונגליק אבער האט זיא זיך באלד איבערציינגט, אז דיא טיהר איז מיט א גרויסען שלאָס פערשלאָסען.

— דאס מוז עטוואס בעדייטען — האט זיא זיך געקלערט — א פערשלאָסענע טיהר, דא אין ביידעל? דאס איז געוויס ניט אומזאָנסט.

— איך מוז דיא טיהר עפענען! — האט זיא ענדליך א געשריי געטהאן. זיא האט געחאפּט דיא האק, וואס איז זיי געבליעבען פון זייער גאנצע בעלי־הבתישקייט און האט מיט אלע קרעפטען גענומען האקען דיא טיהר. איהר האט באלד געלונגען א ברעט אויסצוהאקען. יעצט האט

זיא בעמערקט אַן עפנונג, וואס פיהרט אונטער דער ערד דורך טרעפּ.

איהר נייגיערינקייט האט דיא העכסטע שטופע ערדייכט. זיא האט אזוי לאַנג געהאקט, ביז זיא האט געקענט דורך דער לאָך, וואס זיא האט געמאכט אין טיהר, זיך אראפּלאזען אונטען אויף דיא טרעפּ. מיט א קליין ברענענדע ליכטעל איז זיא דיא טרעפּ ארונטערגעגאנגען און האט דערזעהן נאך א טיהר אין דער רעכטער זייט, וועלכע וואר צו איהר גרויסער בעפריעדיגונג ניט פערשלאסען.

זיא האט געעפענט דיא צווייטע טיהר און איז אריינגעגאנגען אין א קליין פּיהרקאַנטיג צימער, וועלכער וואר פערשטעלט מיט קעסטלעך. זיא איז מיט דער ליכט צוגעגאנגען צו איין קעסטעל, האט זיא געעפענט און א פריידען-געשריי האט זיך פון איהר מויל ארויסגעריסען. זיא האט געפונען דיא קעסטעל אנגעפיהלט מיט זילבערנע טהאלער׳ס. זיא האט אנפאנגס איהרע אויגען ניט געגלויבט, אלס זיא האט זיך אבער איבערצייגט, אז זיא האט קיין אירטהום, איז זיא צוגעגאנגען צו דער צווייטער קעסטעל און אלס זיא האט דעם דעקעל אויפגעהויבען, איז זיא פאר איר־בערראשונג שיער אין אונמאכט געפאלען, דאס קעסטעל וואר ביז האלב געפיהלט מיט גאָלדענע מטבעות.

— גרויסער גאָט, איז דאס ניט קיין טרוים! — האט זיא אויסער זיך פאר ערשטוינען א געשריי געטהאן. זיא האט זיך צוגעזעצט אויף איינינע מינוטען אויף א קעסטעל, אום דעם אטהעם אבצוציהען. דאס הערץ און אין דיא שלייפען האט איהר שטארק געקלאפּט און עס האט א היבשע צייט געוועהרט ביז זיא האט זיך בערוהיגט.

— יעצט וועט מיך שוין קיין זאך איבערראשען — האט זיא געזאגט — דען מיט דיא צוויי קעסטליך אליין בין איך שוין גליקליך.

זיא האט אנגעהויבען געהן פון איין קעסטעל צו דער צווייטער און האט אין יעדער געפונען אן אנדער שאַץ. איין קעסטעל וואר פול מיט זילבערנע געשיר (כלים) און צווישען דיא כלים האט זיא דערקענט אזעלכע,

וואס זיא האט א מאל געזעהן ביי איהר פאטער אין דיא הענד.

יעצט האט זיא פערשטאנען, אז דעם שאַץ האט געזאמעלט טאקע איהר פאטער און דאס איז דיא אורזאכע, וואס פון איהם איז נאך זיין טוידט גאר ניט געבליעבען, ווייל זיין גאנצעס רייכטהום האט ער דאָ פערשטעקט און ווייל ער איז פּלוצלונג געשטארבען האט ער ניט געקענט זאגען וואו ער האט אלעס בעהאלטען.

זיא האט אנגעפילט איהרע טאשען מיט גאָלדענע און זילבערנע מטבעות און זיז צוריק ארויפגעגאנגען אין דער היטע. מיט דער גרעסטער אונגעדולד האט זיא ערווארטעט דער מוטער, אום זיא צו ערפרייען מיט דער גליקליכער נאכריכט דאס זיי זיינען אבערמאלס זעהר רייך.

זיא האט זיך דערווארט. אלס עס וואַר שוין רעכט נאכט איז דיא אלטע סערווא געקומען פון שטאדט זעהר אנגעהאָרעוועט און אזוי מיעד, דאס זיא האט אויף דיא פיס ניט געקענט שטעהן.

— דוא האסט עפּעס געבראכט געלד, מוטער?—האט מאַנאַלינא שמייכלענד געפרעגט.

— ניין, — האט סערווא זיפצענד געענטפערט — מען האט מיר אבגעליינט אויף מארגען, דערווייל האב איך קיין געלד ניט אויף ברויט זאגאר מארגען צו קויפען.

— דערפאר האב איך געלד — האט מאַנאַלינא לאכענד געזאגט און האט ארויסגענומען פון טאש פינף זילבערנע טהאלער.

— פינף טהאלער?—האט דיא אלטע העכסט ערשטוינט א געשריי געטהאן — וואו האסט דוא גענומען אזוי פיעל געלד?

— איך האב נאך, מוטער, — האט מאנאלינא געענטפערט און האט ארויסגענומען עטליכע גאָלדענע מטבעות.

דיא אלטע איז בלאס געוואָרען.

— מאנאלינא, — האט זיא ערציטערט געפרעגט — זאג מיר דיא וואהרהייט, וואו האסט דוא גענומען אזו פיעל געלד?

**— קום, מוטער, וועל איך דיר צייגען וואו איך האב דאס געגר מען,** — האט דאס מעדכען געענטפערט, נעהמענד דאס ברענענדע ליכט אין האנד. קום אראָפּ אונטען אין קעלער, וואס מיין פאטער האט גע- מאכט.

— א קעלער? וואס פאר א קעלער מיינסט דוא?

— דוא וועסט שוין באלד זעהן. פרעג מיר דערווייל קיינע איבעריגע פראגען. געה מיט מיר וואוהין איך וועל דיך פיהרען.

די אלטע האט געמוזט נאכגעבען, זיא איז נאך דער טאכטער ארונטערגעגאנגען אין קעלער און אלס מאנאלינא האט איהר געוויזען דעם שאַץ וואס דא איז פערשטעקט, האט די אלטע ניט אויסגעהאלטען און איז אין אָהנמאכט געפאלען.

ד.

## דאס העכסטע גליק.

דיא גאסען פון מעקא זיינען אנגעפילט מיט מענשען. צווישען צווייז רייהען טויזענדער פערזאָנען איז א גאָלדענער אָפענער עקיפּאַזש לאנגזאם געפאהרען. אין איהם איז געזעסען א יונגער מאן פון אונגעפעהר 25 יאהר מיט זעהר א בליהענדעס סימפּאטישעס געזיכט און האט אויף די טויזענד־שטימיגע געשרייען: „עס לעבע דער פּרינץ מוסטאַפאַ!“ זיך פריינדליך געניינגט אויף אלע זייטען.

אויפ׳ן גרויסען בולוואר, וועלכער וואר בעדעקט מיט טהייערע טירקישע קאַווויאָרען, איז דער עקיפּאַזש שטעהן געבליעבען. דער פּרינץ איז ארויפגעגאנגען אויף א הויכען באַלקאָן, וועלכער וואר פון אלע זייטען פערציערט מיט בלומען־קרענצע און האט הערצליך געדאנקט דעם גרויסען פּובליקום פאר זייער ערגעבענהייט און ליעבע, וואס זיי האבען איהם יעצט געצייגט.

און אָרקעסטער מוזיק האט באלד נאך דעם פּרינץ׳ס רעדע א

שפיעל געטהאן און דער פאַרשטעהער פון דער שטאדט האט א בעפעהל געגעבען דאס אלע שעהנע מיידלאך זאלען ארויסטרעטען אויף דעם ברייטען לעדיגען פלאטץ וואו דער באַלקאָן איז געשטאנען און זאלען פארן פרינץ טאנצען אייניגע נאציאָנאל־טענצע.

עס האבען באלד ארויסגעטראטען ביז צוויי הונדערט רייך־געקליי־דעטע מעדכענס און דער טאנץ האט זיך לוסטיג אנגעפאנגען.

דער פרינץ האט פון'ם באַלקאָן בעאָבאכטעט און האט גרויס פערגניגען געהאט קוקענדיג דעם שענעם נאציאָנאל־טאנץ.

— ווער איז יענע מעדכען אין דער ווייס־אטלאס־קלייד מיט דעם דיאמאנטענעם דיאדעם (שטערן־טיכעל) אויף דעם קאָפּ? — האט ער געפרעגט ביי זיין אדיוטאנט וועלכער איז נעבען איהם געשטאנען.

— איך ווייס ניט, מאַיעסטעט, — האט דער אדיוטאנט געענט־פערט.

— זעה נור, — האט דער פרינץ ווייטער געזאגט — איך האב זיך קיין מאל פאַרגעשטעלט, אז אזא שענהייט זאל זיך געפינען צווישען מענשען־קינדער.

— דאס איז ווירקליך א זעלטענע שענהייט—האט דער אדיוטאנט געענטפערט.

— דוא מוזט ערפאהרען ווער זיא איז—האט דער פרינץ געזאגט.

דער אדיוטאנט איז אראפּגעלאפען פון'ם באַלקאָן, האט ענערגישע נאכפארשונגען געמאכט און האט זיך צוריקגעקעהרט מיט דער נאכריכט, דאס קיינער פון דיא פאַרשטעהער ווייס ווער דאס מעדכען איז.

— דוא זאָלסט זיא פון דיא אויגען ניט פערליערען — האט דער פרינץ בעפאָהלען — און מען זאל זיא ברייננגען צו מיר אין קווארטיר.

— גוט, מאַיעסטעט.

דיא צערעמאָניע האט לאנג ניט געוועהרט. דער פרינץ איז באלד צוריק אין זיין קווארטיר געפאהרען. קומענדיג אין זיין צימער האט איהם

דער אדיוטאנט געמעלדעט, אז דאס שעהנע מעדכען, וועלכע האט איהם זאָ איבעררראשט איז שוין דאָ.

— מען זאָל זיא אריינפיהרען א הער, — האט דער פרינץ גע־הייסען.

באלד האט זיך דיא טיהר געעפענט און דאס מעדכען אין דער ווייסער אטלאַס קלייד מיט דעם דיאַדעם אויפ'ן קאָפּ איז אריינגעקומען. יעצט האט דער פרינץ געזעהן, דאס זיא איז נאך טויזענד מאל שעהנער אלס זיא האט אויסגעזעהן פון וויטען.

דער פרינץ איז דיא ערשטע מינוטען אזוי צוטומעלט געוואָרען, דאס ער האט קיין וואָרט געקענט ריידען. ענדליך האט ער מיט זעהר א זאנפטער שטימע געפרעגט:

— ווער ביסט דוא, אירדישע זאָנע?

— איך בין דיא טאָכטער פון דעם פערשטארבענעם קויפמאן יאבון — האט דאס מעדכען פערשעמט געענטפערט.

— פון וועלכער שטאדט ביזט דוא?

— איך בין דאָ, אין מעקא געבאָרען און ערצויגען געוואָרען.

— וויא־זשע קומט דאס וואס קיינער קען דיך ניט?

— וויל איך וואר ביז א הער זעהר אָרים און אָן ארמעס מעדכען וויל קיינער קענען — האט זיא שמייכלענד געענטפערט.

— וויא אזוי ביסט דוא פּלוצלונג רייך געווארען?

מאַנאַלינאַ האט איהם איהר גאנצע געשיכטע ערצעהלט.

— איך זעה דא א פינגער פון אַללאַ (גאָט), האט דער פרינץ גע־זאגט — ער האט פאר דיר ענטדעקט דיין פאטערס שאַץ גראָדע אין דער צייט ווען איך בין א הער געקומען אום דוא זאָלסט דיא מעגליכקייט האבען פאר מיר צו ערשיינען אין דיין פאָלען גלאַנץ. דאס איז מיר א וואונק פון דער פאָרזעהונג, איך זאָל בעגליקט ווערן מיט דיין ליעבע, וועלכע האט ביי מיר מעהר ווערטה, אלס טויזענד אזעלכע שעצע, וויא

דיין פאטערס זיינען. אלזא ווילסט דוא, ליעבעס קינד, דעם וואונק גע־הארכזאם זיין און מיין פרוי ווערן?

— איך וועל מיך גליקליך פיהלען ווען איך וועל דיין דינסט זיין — האט מאנאלינא געענטפערט קניענד פאר איהם.

— ניין! ניט מיין דינסט, זאנדערן מיין פרוי וועסט דוא זיין—האט דער פרינץ געזאגט זיא אויפהייבענד פון דער ערד — דיין שעהנעם קאָפּ מוז שפעטער פערציערען דיא טירקישע סולטאנישע קראָנע.

א לאנגער קוש וואס דער פרינץ האט אנגעזיעגעלט אויף איהרע זיסע ליפּעלעך, האט וויא בעשטעטיגט דעם קאָנטראקט צווישען זיי ביידע. מאנאלינא האט פון איבערראשונג ניט געקענט ריידען. זיא האט געוויינט. אבער וואס פאר אן אונטערשיעד עס ווער צווישען דיא יעצטיגע טרערין און יענע, וואס זיא האט פערגאָסען ביי דעם כאראקטערלאָזען עלי אין שטוב.

## ה.

## עדהאַלטען וואָרט.

צעהן יאהר זיינען פון יענעם טאג פערפלאָסען.

אין צעהן יאהר קומען פיעלע פערענדערונגען אין לעבען. דיא צייט האט פיינט צו לאזען דער מענשהייט אויף איין אָרט שטעהן. זיא קעהרט אלעס אום קאפּויר. דעם ווארפט זיא טיעף אין אבגרונד — יענעם הייבט זיא אויף ביז אין הימעל; דעם רינגעלט זיא ארום מיט אונערטרעגליכע ליידען, וועהרענד יענעם אומגיבט זיא מיט אלע פערגניגען פו״ם לעבען.

אין דיא צעהן יאהר האט זיך אויך דאס מזל פו״ן אונזער בעקאַנטען עלי איבערגעדרעהט, ער האט זיין גאנצעס געלד פערלארען און האט נאך דאצו געהאט אויף זיך א פראָצעס פאר וועלכען ער האט בעדארפט מיט דעם לעבען בעצאהלען. ער האט בעראַבט דיא רעגיערונג׳ס־קאסע, וועלכע האט זיך געפונען אונטער זיין האנד אלס שטאדט׳ס־פאָרשטעהר.

דיא קרעדיטאָרען האבען פון איהם אַלעס צוגענומען און ער איז נור געבליעבען ביי זיין פּראָצעס. יעדע מינוט האט ער ערוואַרטעט מען זאָל איהם אַרעטירען און אין געפענגניס וואַרפען.

קיין אויסזיכט אויף רעטונג האט ער געהאט. דאס איינציגע וואס איהם איז געבליעבען צו טהאָן וואר, זיך מיט זיין אַלטע מוטער צו ווענדען צום סולטאַן און איהם מיט טרערין בעטען, מען זאָל אויף איהם רחמנות האבען און איהם חאָטש איבערלאזען מיט דיא ביינער, ער זאָל קענען מיט דעם ביטערן שוויס ארבייטען אויף דעם שטיקעל ברויט.

ער האט אבער צו דעם קיין חשק געהאט, ווייל ער האט געוואוסט דאס ער קען זיך פאר דעם סולטאַן מיט קיין זאך פערטהיידיגען און דער גרויסער הערשער וועט אין אַזא פאַל קיין מיטלייד מיט איהם האבען. אבער זיין אַלטע מוטער האט איהם זאָלאַנג צוגעדריקט מיט איהר ביטע, ביז ער האט זיך בעשלאָסען מיט איהר נאך קאָנסטאַנטינאָפּאָל צו פאהרען און דאָרט פּרובירען ביי דעם סולטאַן גנאדע צו בעטען. זיא האט איהם ערקלערט אז דער נייער סולטאַן מוסטאפא איז בעריהמט אַלס גנעדיגער הערשער און ווען ניט אויף איהם (אויף עלין), וועט ער אויף איהר עלטער רחמנות האבען און וועט איהם צוליעב איהר זיין לעבען און זיין פרייהייט שענקען.

ער האט געמוזט געהאָרכזאם זיין און איז מיט דער מוטער אין'ס געהיים נאך קאָנסטאַנטינאָפּאָל אוועקגעפאהרען. צום סולטאַן אין פּאַלאַסט האט ער ניט געקענט צוטרעטען, דארום האט ער אנגענומען דיא עצה פון א גוטען פריינד ער זאָל דערהיטען דיא צייט ווען דער סולטאַן מיט זיין פרוי דיא סולטאַנין וועלען זיין אין מעטשעט, זאל ער דאמאלס מיט דער מוטער ביידען צו דיא פיס פאַלען און זיי אום גנאַדע בעטען.

ער האט אַזוי געטהאַן.

איין מאָל אין דער וואָך פלעגט דער סולטאַן מיט דער סולטאַנין דעם גרויסען מעטשעט בעזוכען. עלי מיט זיינער מוטער האבען שוין יענעם

טאג געוואָרט נעבען מעטשעט און אלס דער סולטאַן מיט זיין פרוי זיינען פון זייער עקיפּאַזש ארויסגעגאנגען און האבען געוואָלט אין מעטשעט אריינגעהן איז עלי מיט זיין אלטער מוטער צוגעלאָפען און זיינען פאר זיי צו דער ערד געפאַלען

— וואס פערלאַנגט איהר? — האט דער סולטאַן געפרעגט.

— פאר דיר, גרויסער הערשער און פאר דיר גנעדיגע סולטאַנין שטעהט יעצט אן אלטע אונגליקליכע מוטער מיט איהר עלענדען זוהן — האט אידאַ יאמערנד געזאגט — דורך די שלעכטע געשעפטע וואס מיין זוהן האט געמאכט, וואָר ער געצוואונגען פון דעם געלד וואס בעלאַנגט דער רעגיערונג צו בעריהרען. מיר זיינען ביידע יעצט געבליעבען אין גרעסטען אָרמוטה און נוטה. נור ביי אונז וואָלט שוין רעכט געווען אין דיא הייזער צו געהן ברויט בעטלען, אבי נור מען זאָל אונז ניט בע-שטראָפען פאר דער זינד, וואס מיין זוהן האט בעגאנגען. אָ, גנעדיגער הערשער, האט מיטלייד אויף מיינע גרויע האָר, לאזט דאָך ניט פון מיר אוועקרויבען מיין קינד, מיין לעצטע שטיצע אין דיא אלטע יאהרען!

— ווען איך זאָל פערצייהען רויבער פון דער רעגיערונגס-קאַסע, וועט מען זיך ערלויבען מיך פון אלע זייטען צו בערויבען — האט דער סולטאַן שטרענג געענטפערט — ניין, אזא זינדע קען איך ניט פערצייהען.

— דוא מוזט זיי פערצייהען, מיין ליעבער מאן, — האט דיא סול-טאַנין זאַנפט געזאגט — איך קען דיא מענשען זעהר גוט. איך האב זיי א מאָל מיין וואָרט געגעבען, דאס ווען זיי וועלען ביי מיר הילפע בעטען, זאָל איך זיי ניט ענטזאגען און מיין וואָרט קען איך צוריק ניט ציהען.

— געהט א היים איהר זייט פריי! דען מיין ליעבע פרוי פערלאַנגט דאס, — האט דער סולטאַן געזאגט און איז מיט דער סולטאַנין אין מעטשעט אריינגעגאנגען.

אידאַ מיט עלי'ן זיינען א לאַנגע צייט שטעהן געבליעבען אויף זייערע ערטער, וויא פערשטיינערט.

נאָך בעפאָר זיי האבען צייט געהאט זיך זייער ערשטוינען זיך צו ערהאָלען, איז צו זיי צוגעגאנגען א בעוואפענטער אָפיציער און האט א געשריי געטהאן:

— קומט מיט אונז.

דערשראקען האט דיא מוטער מיט דעם זוהן געקוקט אויף דעם אָפיציער, וויא זיי זאָלען וועלען ערקענען פון זיין געזיכט דיא אורזאכע וואס ער רופט זיי. זיי האבען אבער ניט געוואגט אונגעהאָרכזאם צו זיין און זיינען איהם נאכגעגאנגען.

ער האט זיי צוגעפיהרט צום סולטאַנ'ס פאלאסט און האט זיי אריינגעפיהרט אין א רייך־מעבלירטען גרויסען סאלאָן. אָהנע א וואָרט צו ריידען, איז ער ארויסגעגאנגען און האט הינטער זיך דיא טיהר פער־שלאָסען.

— וועה איז מיר, עלי, וואס זאָל דאס בעדייטען? — האט אידא ערשראָקען געזאגט צו איהר זוהן — ווארום האט מען אונז געבראכט א הער?

— איך פערשטעה איבערהויפט ניט, וואס דאָ טהוט זיך — האט עלי געענטפערט — דיא סולטאַנין האט געזאגט, אז זיא האט אונז פער־שפראָכען דאס ווען מיר וועלען ביי איהר הילפע בעטען, וועט זיא אונז ניט ענטזאגען. וואס מיינט זיא מיט דעם. ווען האבען מיר מיט איהר גערעדט און ווען האט זיא דאס אונז פערשפראָכען?

— ביי מיר איז דאס אויך א רעטהזעל — האט אידא געזאגט — איך גלויב, אז דאס האט זיא נור געשפאסט, דער סולטאַן האט איהר שפאס פערשטאנען האט ער אונז אויך אין שפאס געזאגט אז מיר זיינען פריי. דעם בעוויז האבען מיר דאָך, דאס וואס מען האט אונז דאָ איינ־געשפערט, געוויס אום אונז צו בעשטראפען.

— יא, מוטער, דוא האסט רעכט. דיא סולטאַנין וויא אויך דער

סולטאַן האבען מיט אונז געשפּאַסט. ווער ווייס וואס פאַר א שטראָפע אונז ערוואַרטעט!

אידאַ האט א ביטערן זיפץ געטהאַן און האט אנגעהויבען צו ווישען די טרערין פון די אויגען.

— וואלט דאס יעמאַנד געגלויבט, — האט זיא ווייגענד געזאגט— אז מיר וועלען אזוי ניעדעריג פאַלען. אָ, ווארום קומט דאס מיר אזא פינסטערע ענדע.

— מיר האבען נאָטיס שטראָפע פערדינט — האט עלי געזאגט — וויא מיר האבען בעהאַנדעלט אנדערע אזוי בעהאַנדעלט מען יעצט אונז. דוא געדענקסט, מוטער, וויא מיר האבען אונערבאַרמליך בעהאַנדעלט דער ארמער מאַנאַלינאַ, אלס זיא איז צו אונז פערצווייפעלט געקומען און האט אונז מיט הייסע טרערין געבעטען מיר זאלען זיא מיט איהר מוטער חאַטש מיט וויא פיעל עס איז בעהילפיג זיין. אנשטאַט איהר צו העלפען האבען מיר זיא פון אונזער הויז ארויסגעוואָרפען.

— איך געדענק דאס! — האט אידאַ זיפצענד געענטפערט — און מיר פלאַגט דער געוויסען יעדעס מאל ווען איך עראינערע זיך אן איהר. ווארום האסט דוא מיין זוהן מיר אין דער מינוט אונזער יענע אונמענשליכקייט דערמאַנט?

— ווייל דיא סולטאַנין איז זעהר עהנליך צו דער אונגליקליכער מאַנאַלינאַ'ן, דארום האב איך זיך יעצט אן איהר דערמאַנט.... שאַ, מיר שיינט אז יעמאַנד שליסט־אַפּ דיא טיהר פון אונזער געפענגניס.

אין דער מינוט האט זיך דיא טיהר געעפענט און אונזערע געפאַנגענע זיינען ערציטערט אפּגעשפּרונגען פון זייערע ערטער אלס זיי האבען פאַר זיך דערזעהן דער סולטאַנין.

— זייט איהר צופריעדען פון דעם וואס איהר זייט בעפרייט געוואָרען פון דער שטראָפע וואס אייך האט ערוואַרטעט—האט דיא סולטאַנין זאַנפט געפרעגט.

— אָ, מוטער סולטאַנין — האט אידאַ יאַמערנד געזאגט — מיר וואָלטען געווים צופריעדען געוועזען ווען מען זאָל אונז ווירקליך בעפרייען, ליידער אבער האט מען אונז דא איינגעשפּערט אלס געפאַנגענע.

— איהר האט אן אירטהום, — האט דיא העררשערין שמייכלענד געענטפערט — ניט אלס געפאַנגענע האט מען אייך א הער געבראַכט,

זאָנדערן אלס נעססט. איך האב פערשפּראָכען אין א נויטה אייך צו העלפען און מיין וואָרט איז ביי מיר הייליג.

— אבער, סולטאַנין—האט אידא העכסט ערשטוינט נעפרעגט— דאַרף איך פרעגען, ווען איך האב דיא עהרע געהאט דיין פערשפּרעכונג צו הערן?

— וואס? דוא האסט שוין פערגעסען יענע צייט, ווען איך בין צו דיר אין הויז געקומען און האב דיין זוהן אין דיין נעגענוואָרט מיט טרערין געבעטען, ער זאָל מיך מיט מיינער מוטער האָטש מיט וויא פיעל עס איז שטיצען, ווייל מיר האבען זאגאר קיין פּלאַץ וואו דעם קאָפּ אניעדער־צולייגען? האָסט דוא פערגעסען, וויא דוא האסט דאמאלס פאָרווירפע געמאכט דיין ליעבען זוהן דערפאר וואס ער רעדט מיט אזא בעטלערין וויא איך בין און ער, אלס געהאָרכזאמער זוהן, האט מיך פון זיין הויז חיא א ניפטיגע שלאַנג ארויסגעשמיסען.

עלי האט פאר שרעק זיך אנגעחאַפּט אן א שטוהל ער זאָל ניט פאַלען און אידאַ האט מיט א טוידט־בלאַסעם געזיכט געשטאַמעלט:

— וואס הער איך, דוא סולטאַנין, דוא ביזט....

— יאַ, איך בין יענע מאַנאַלינאַ, וועלכע איהר „ביידע האט זאָ שענדליך בעהאַנדעלט, — האט דיא סולטאנין לעבעלענד, אבער שטאָלץ געזאגט — איהר האט געמיינט דאמאלס, דאס איהר האט מיט נאָט א קאָנטראַקט געמאַכט אייך זאָל אימער זיין גוט און פון מיר האט דער זעלבער נאָט זיך אבגעווענדעט און וויל פון מיר ניט מעהר ווּיסען. יעצט האט אייך אונזער אַללאַ געוויעזען, דאס ניט עוויג לאָזט ער איבער א מענשען אין נויטה, זא וויא ניט אויף אימער שענקט ער איינעם גליק. איך גלויב, אז דאס וועט אייך אלס גוטע לעקציאָן דינען, איהר זאָלט ווייטער אין זיך מעהר מענשליכקייט האבען. איהר זייט פריי און איך האב בעפוילען דעם פינאַנס־מיניסטער ער זאָל אייך געגוג געלד געבען איהר זאָלט ניט דאַרפען זאָ פיעל נויטה ליידען, פיעל איך האב געליטען.

אידאַ מיט עלי'ן זיינען געפאַלען צו דער סולטאַנין'ס פיס. ריידען האבען זיי ניט געקענט, נור זייערע טרערין האבען געצייגט דער הערשערין, וואס זיי פיהלען אין דער מינוט.

ע נ ד ע.

## א.

# דאס הויז פון דעם נעגער־הויפּטמאַן.

שרעקליך איז געוועזן דיא נאַכט, דער ווינד האט געשטורמט געוואלדיג, עס האט געבליצט, געדונערט, א גרויסער רעגען האט געפלייצט און האט ווייך געמאַכט דיא ערד, דאס דיא וואַנדערער אין דיעזע געגענד זיינען ביז דיא קנעכיל געקראָכען אין בלאָטע. עס איז אונמעגליך געוועזן דעם גראַדען וועג צו געפינען, און דאָך האט דיא גאַנצע געגענד געטומעלט פון מענשען. עס איז געוועזן קריעגס־צייט. די נעגערען האבען זיך דאמאלס געשלאַגען מיט דיא פראַנצויזען אין סט. דאָמינגא. דיעזעס לאַנד האט געהערט צו דיא פראַנצויזישע רעגיערונג. דיא גוטסבעזיצער וואס האבען דאָרטען געהאט דיא פּלאַנטיישאָנס (פּלאַנצונגען) האבען מיט זייערע נעגערשקלאַפען זעהר שווער געארבייט, האבען זיי גייסטיג און קערפּערליך געפּייניגט, ביז אַלע נעגער האבען א בונד געמאַכט, זיינען בעפאַלען דיא גוטסבעזיצער און האבען פיעלע פון זיי געהרגעט, פיעלע זיינען פון זייערע פּלאַנצונגען אנטלאָפען, ביז דיא פראַנצויזישע רעגיערונג האט ארויסגע־שיקט א פלאָטע מיט אן אַרמעע סאָלדאַטען געגען דיא נעגער, און האבען געמיינט דיא נעגער באַלד צו אונטערדריקען, אבער דיא נעגער האבען געשטריטען וויא דיא העלדען. זיי האבען דיא פראַנצויזען פון אַלע ערטער פעריאַגט. אין דער פעסטונג קאַפּ־פראַנסאָאָס האט זיך געמוזט דיא גאַנצע פראַנצויזישע ארמעע צוריקציעהען און דאָרטען זיך בעפעסטיגען. אבער דאָרטען האבען אויך דיא נעגער זייער גאַנצע קראַפט פערזאַמעלט און האבען געשטריטען אויף טויט און לעבען.

פיעלע פון דיא פראַנצויזישע סאָלדאַטען האבען זיך ארומגעטריעבען אין דיא וועלדער און האבען זיך ניט געקענט צושלאָגען צו דער גרויסער אַרמעע, דען דיא נעגער האבען זיי פערפאָלגט אויף שריט און טריט.

נעגער־באַנדען האבען זיך אויסגעשפרייט איבער דיא גאַנצע געגענד און קיין שטורם, קיין געוויטער, האט זיי ניט אָפּגעהאַלטען. זייער בלוט האט געקאָכט אויף דיא ווייסע אָהן אויפהערונג. זיי האבען געוואָלט דיא ווייסע אין גאַנצען פערטיליגען.

ניט ווייט פון דעם שלאַכט־פעלד איז געשטאַנען א שעהנעם הויז. דיעזעם הויז האט פריהער געהערט צו א ווייסען גוטסבעזיצער פון דער פּלאַנטיישאָן.

נעלעבט האט ער מיט א נעגערין. זיא האט געהייסען באַבעקאַן, זיא איז געוועזען זיינע א שקלאַפין. זיא האט פון איהם געבאָרען א טאָכטער. דאס מעדכען איז געוועזען קלוג, שעהן און גוטהערציג, זיא איז ניט געוועזען געראָטען אין איהר מוטער אין קיין זאַך. אין דער רעוואָלוציאָן איז דער גוטסבעזיצער אויך געהרגעט געוואָרען דורך דיא נעגער און דער נעגער־הויפּטמאַן קאַניא האַאַנגאָ האט דאס הויז מיט דעם הויף פאר זיך גענומען. דיא נעגערין באַבעקאַן מיט איהר טאָכטער זיינען דאָרטען געבליעבען וואָינען. דער הויפּטמאַן האט זיי איבערגעלאָזען אין הויז און ער איז אוועק אויף דער שלאַכט.

באַבעקאַן מיט איהר טאָכטער זיינען געזעסען אין זייער צימער, דיא אלטע האט יעדען אויגענבליק גקקוקט דורכ'ן פענסטער. טאָני איהר טאָכטער איז געזעסען זעהר טרויעריג, דעם קאָפּ אנגעשפּאַרט אויףביידע הענד און איז געווען זעהר פערטראַכט.

— א שרעקליכע נאַכט, — האט באַבעקאַן געזאָגט צו איהר טאָכ־טער — עס הוזשעט, עס שטורמט גאָר געוואַלדיג, דער ווינד צורייסט דאס גאַנצע הויז. איך האב אזא נאַכט אין מיין גאַנצען לעבען ניט געהאט.

— יא, דיא אונגליקליכע ווייסע! — האט טאָני געענטפערט מיט א ביטערן זיפץ — גאָטעס צאָרן איז אויף זיי אויסגעגאָסען. אה! דיא שווארצע מערדער.

— וואס? — האט באַבעקאַן מיט צאָרן אויסגערופען — נאָך האָסט

דו מיטלייד מיט דיא ווייסע, מיט דיעזע ניעדערטרעכטיגע מענשען? האָסט פערגעסען וואס איך האב דיר שוין טויזענד מאל דערצעהלט, וויא דיא ווייסע האבען מיך געפּלאָגט, וויא זיי האבען מיך געפּיי־ניגט. נאך בין איך קראַנק פון זייערע שלעג. אך, וויא גערן וואָלט איך זיי אלע פערטיליגט, וויא גערן וואָלט איך מיך אן זיי נוקם געווען. איך האָלט זייער בלוט געטרונקען וויא וויין. אך, וויא זיס איז דיא נקמה!

— ניין, מוטער — האט טאָני מיט שמערצען געענטפערט — איך האב ניט פערגעסען וואס דוא האָסט מיר דערצעהלט, איך וועל דאס אויך קיין מאל ניט פערגעסען; אבער ווען איינער אדער צוויי פון דיא ווייסע האבען דיר שלעכטס געטהאן, וואס איז דאס גאנצע פאָלק שולדיג? זיינען דען קיינע גוטע מענשען אונטער זיי דא? האבען דען ניט דיא שווארצע, אונשולדיג בלוט פון טויזענדער מענשען אומזיסט פערגאָסען?

— אומזיסט פערגאָסען? — האט באבעקאן שפּעטיש געענט־פערט — און ווען איך זאל דא, אין מיין הויז א ווייסען קריעגען, וואָלט איך איהם אויף שטיקער צוריסען, איך וואָלט מיך געוואשען אין זיין בלוט. דוא ווייסט דאָך, וואס האָאנגא אונזער הויפּטמאן און אונזער בעשיצער האט אונז אנגעזאגט פאר זיין אוועקגעהן, דאס ווען א ווייסער וועט קומען שוץ זוכען אין דיעזעס הויז, זאל מען איהם לעבעדיג שוין צוריק ניט ארויסלאזען. מיט גוטען אדער מיט בייזען, מוזען מיר איהם אויפהאַלטען. אזוי מוזען מיר אויך טהאן. ווען מיר קענען ניט געהן אין שלאַכטפעלד צו שטרייטען פאר דיא בעפרייאונג פון אונזער פערשקלאַפּטע ברידער, מוזען מיר וועניגסטענס טהאן צו הויז, וואס מיר קענען.

— אה, מוטער מוטער, — האט טאָני וויינענדיג זיך ביי דער מוטער געבעטען — זיי דאָך בארמהערציג, עס איז דאך שענדליך פאר א פרוי אזעלכע מאָרד־געדאנקען אין דער ברוסט ארומצוטראגען. איך בעט דיך מוטער, זיי ניט אזוי גרויזאם. ווען א פראנקע (פראנצויז) וועט ליעגען יאמערנדיג פאר דיא שוועל פון אונזער הויז, לאָז איהם בעסער גאר ניט

אריין, פערשליעס דיינע אויערן און הער זיין יאמער און קלאג ניט צו, נעהם איהם ניט אויף אין דיעזען מערדערישען הויז. אה, מוטער געדענק דאָך אן מיין פאטער, ער האט דאך דיא זעלבע ווייסע הויט, וויא זיינע אונגליקליכע ברידער געהאט.

— וואס, דוא דערמאָנסט מיר נאך דיין פאטער? ווייסט דוא דען ניט וואס פאר א ניעדערטרעכטיגער לומפ ער איז געווען? קיין ערבארמען, קיין מיטלייד מיט דיא ווייסע. ווען איך זאל אויך וועלען אנדערש טהאן, קען איך ניט. דוא ווייסט גאנץ גוט, אז מיין לעבען שטעהט אין געפאהר, ווען איך זאָל אנדערש טהאן? האט דיין מוטערס לעבען ביי דיר גאר קיין ווערטה ניט?

— מיין לעבען גיב דעם טיראן, נור טונק דוא דיינע הענד ניט אין אונשולדיגעס בלוט, איך וועל דאס ניט קענען ערטראגען. דיא געדאנקען, אז מיין מוטער איז א מערדערין, וועט מיך טויטען. אה, מוטער, האב דאָך מיטלייד מיט מיר.

— שטיל, קיין וואָרט מעהר—האט באבעקאן צאָרניג אויסגעשריען — איך בעפעהל דיר דאס. דיא ווייסע האבען זייער שטראָף כשר פערדיענט. געה שלאָפען, עס איז שוין שפעט. א גוטע נאכט.

באבעקאן איז אריין אין איהר שלאָף־צימער זיך צו לעגען, אבער טאָני איז געבליעבען זיצען אויף איהר אָרט. טרעהרין האבען זיך געגאָסען פון איהרע שעהנע אויגען.

— זיא ווינשט מיר א גוטע נאכט — האט טאָני צו זיך גערעדט— קען איך דען האבען א גוטע נאכט, ווען מאָרד און פאלשקייט רינגלען מיך ארום פון אלע זייטען? שלאָפען קען נור א ריינע זעעלע, א רעכטשאפענע הארץ; אבער וויא קען איך שלאפען, ווען איך בין געצוואונגען גלייך, וויא מיין מוטער, נור פאלשקייט און בעטרוג אין הערצען ארום־צו טראגען. און ווער צווינגט מיך דאצו? אך! מיין אייגענע מוטער, וויא קען איך....

א גערויש און א קלאפעריי האט זיך פאר דעם טויער געהערט. טאני איז פון איהר ארט אויפגעשטאנען. אויך באבעקאן איז ארויס פון איהר צימער און איז צוגעלאפען צום פענסטער צו זעהן ווער עס קלאפט אזוי שטארק אין מיטען נאכט.

— מאכט אויף, מאכט אויף! — האט זיך געהערט א שטימע הינטער דעם טויער פון הויף — אים נאמען פון אלמעכטיגען בעט איך אייך מאכט אויף. צעהן מענשענלעבען שטעהן אין געפאהר. זייט איהר מענשען, בעווייזט אייערע מענשליכקייט. מאכט אויף, רעטעט, העלפט!

— ווער ביסט דו? ווי אזוי האסט דו געוואגט אין מיטן דער נאכט מענשען צו בעאונרוהיגען? — האט באבעקאן געשריען דורך דעם פענסטער.

— אן אומגליקליכער פאלט צו אייערע פיס, און בעט ביי אייך מיטלייד — האט דיא שטימע געענטפערט — זייט דאך בארעמהערציג, פערגעסט וואס דיא זון האט אונז ניט אזוי שווארץ געברענט וויא אייך, און עפענט מיר אייער הויז, לאזט מיר אריין.

— ביסט דוא אליין?

— איך בין אליין — האט דיא שטימע געענטפערט.

— עס איז אפילו געפעהרליך אין קריעגסצייטען אן אונבעקאנטען אין א הויז אריינצולאזען. אבער שרעקליך איז דאס וועטער, דיין יאמער ריהרט מיך, איך שיק ארויס מיין טאכטער דיר עפענען.

דער טויער האט זיך געעפענט און דער פרעמדער איז אריינגע־גאנגען.

## ב.

## דיא מענער אין וואלד.

פון דיא פראנצויזישע סאלדאטען, וואס האבען זיך אומגעטריעבען און האבען קיין רוהע ניט געהאט, זיינען געוועזן צעהן פערזאנען פערשטעקט אין וואלד און האבען מורא געהאט ארויסצוגעהן. פערצעהן טאג האבען

זיי זיך דארט ארומגעוואלגערט. קיין טאָג קיין נאכט האבען זיי ניט געהאט.

— וואס וועט דער תכלית זיין פון אונזער זיצען — האט דער עלטער פון זיי זיך אפגערופען צו דיא איבעריגע. דריי זיינען זיינע זיהן געוועזען און איינער א ברודערס א זוהן.

— מיר מוזען דאָך זוכען א מיטעל, וויא פון דיעזער לאָך ארויס־צוקומען. עס איז שרעקליך, אזוי לאנג הונגער און קעלט צו ליידען. גיט איהר אן עצה, וואס טהוט מען?

— מיין עצה איז, — האט איינער זיך אבגערופען — דאס איינער פון אונז זאל געהן זוכען א וועג, וויא מען זאל זיך קענען צושלאָגען צו דער פעסטונג, קאפּ־פראנסאָאס. אפשר וועט איהם גליקען דעם ריכטיגען וועג צו טרעפען. וויא מיר שיינט מוז דיא פעסטונג ניט ווייט זיין פון דאנען.

— דיין עצה איז גוט גוסטאף — האט דער אלטער געענטפערט — אבער וויא קען מען א מענשענלעבען אפּפערן אויף א ספק? דיא נעגער זיינען פול אומעטום, ווער וויים אויב מען וועט זיך קענען דורכשלאגען אָהן געפאהר?

— לאז מיך געהן, אָנקעל, — האט גוסטאף געענטפערט — איך פיהל אין מיר נאך קרעפטען גענוג דורכצומאכען דיעזע רייזע. איך בין אויך אביסעל בעקאנט אין דיעזע געגענד. איך האָף, דאס אין א קורצע צייט וועל איך אין קאפּ־פראנסאָאס קומען און וועל אייך הילפע שאפען.

— עס איז מיר זעהר וועה דיך אליין צו לאזען אויף דיעזער שרעק־ליכע רייזע, — האט דער אלטער מיט טרערין געענטפערט — אבער וואס קענען מיר טהאן? לענגער קענען מיר דא ניט בלייבען. געה מיין קינד געה, דער ליעבער גאָט וועט זיין ענגעל דיר שיקען, ער זאל דיר דעם ריכטיגען וועג וויזען. פערטרויע נור אויף גאָט, ער וועט געוויס העלפען.

מיט ביטערע טרערין האט גוסטאף זיך פעראבשיעדעט פון זיינע

קאַמעראַדען און האט אנגעהויבען צו געהן; אבער באלד האט ער זיך איבערצייגט דאס זיינע קרעפטען נעהמען אב. דער שרעקליכער שטורם, דער געוואַלדיגער גוס רעגען, דיא טיעפע בלאָטעס האבען איהם ניט געלאָזען געהן. איז ער מיט א פוס אין בלאָטע אריינגעקראָכען האט ער זיא קוים ארויסגעצויגען. אייניגע שטונדען איז ער ארומגעקראָכען אין דיעזען שרעקליכען וועטער, ביז ער איז געוואָרען זעהר מיעד. ער האט שוין מעהר ניט געקענט ווייטער געהן. אבער א שטראַהל פון האָפנונג האט זיך בעוויעזען פאר זיינע אויגען. ער האט דערזעהן פון ווייטען לייכטען א ליכט.

— דאָרטען מוזען געוויס מענשען וואָינען. איך וועל מיינע לעצטע קרעפטען אנשטרענגען און צוקריכען צו דעם אָרט פון וואנען עס שיינט דיא ליכט.— האט גוסטאַף צו זיך גערעדט — פיעללייכט געפין איך דאָרטען שוין אויף אייניגע שטונדען, פיעללייכט קריג איך אויך עטוואס צו עסען. איך וועל מיך אביסעל אויסרוהען און קרעפטיגען, דערנאך וועל איך מיין רייזע ווייטער קענען מאַכען.

— נור, ו׳ער וויס, — האט ער ווייטער געזאגט, און א שרעקליכער זיפץ האט זיך פון זיין ברוסט ארויסגעריסען, — ווער וויס ווער דאָרט אין דיעזעס הויז וואָינט? פיעללייכט וואָינען דאָרט ד׳א שוואַרצע, דיא מענ־שענפרעסער? דאַן בין איך פערלאָרען. זיי וועלען מיך שוין א לעבעדיגען ניט ארויסלאָזען. זאל .זיין וואס עס איז. זאָ וויא זאָ איז מיין לעבען קיין לעבען ניט. מיינע קרעפטען ווערן שוואַכער. איידער דא אויפ׳ן מיטען וועג צו בלייבען, איז שוין גלייכער צו ריזיקירען. מען קען ניט וויסע׳, א מאל געפינט זיך ,אונטער א שוואַרצע הויט אויך א ווייסע, ריינע זעעלע. פאָרווערטס!

מיט אלע זיינע קרעפטען האט ער אנגעפאנגען צו געהן נאך דער ריכטונג, פון וואַנען דאס ליכט האט געשיינט, ביז ער איז צוגעקומען צו דעם נעגע׳רהויז.

א נעגער־יונגע האט דעם טויער געעפענט און גוסטאַף איז אריין

אין הויף. וויא ערשראָקען איז ער געוואָרען זעהנדיג, דאס ער איז ווירקליך צווישען א נעגער באנדע אריינגעפאלען. דער נעגעריונגע האט איהם מיט א שטעכעדיגען בליק אנגעקוקט, אזוי וויא איינער זאגט: מיר האבען דיך געפּאַקט וויסער, דוא וועסט שוין פון דאַנען ניט צוריקגעהן.

גוסטאף'ן איז זעהר ביטער געווען אויפ'ן הערצען, ער האט ניט געוואוסט וואס ער זאָל דא מאכען. זיין גאנצער קערפּער האט געציטערט וויא א בלאַט.

— ווער וואָינט דא אין דיעזעם הויז? — האט גוסטאף דעם נעגעריונגע געפרעגט.

— א נעגערהויפטמאן. דער בעריהמטער קאָניא האָאנגאָ. ערשט נעכטען איז ער ארויס מיט הונדערט און פונפציג מאן געגען דיא וויסע. ער וועט שוין דיעזע הינד א גוטען מאהלצייט צובריינגען. קענט איהר דעם בעריהמטען האָאנגאָ?

— אך, גאָט, אין וועלכע מערדערגרובע בין איך דא אריינגעפאלן. האט גוסטאף וויינענדיג אויסגערופען. — איך בין פערלאָרען.

— גיב אהער דעם שליסעל, עפען דעם טויער — האט ער א געשריי געגעבען צום נעגער.

— ניין, דאס טאָר איך ניט — האט דער נעגער געענטפערט. האָאנגאָ האט בעפוילען דאס מען זאל קיין וויסען ניט צוריק לאזען.

— דעם שליסעל אהער — האט גוסטאף וויא א פערצווייפעלטער געשריען, — אך גאָט, עס איז שוין צו שפעט, מען קומט שוין פון דיא טרעפ אראָפּ. עס איז אלעס פערפאלען, אבער זיי וועלען פאר מיין לעבען מוזען טהייער בעצאהלען, מיין טויט וועט זיין אויך זייער טויט.

— וואס איז דיר פרעמדלינג? — האט זיך געהערט א זיסע ענגעלשטימע. — ווער ביסט דוא? פון וואנען קומסט דוא אין דיעזעם שרעקליבען ווטער?

— אך גאָט, וואס פאר אן ענגעל זעה איך דא? — האט גוסטאף

צו זיך גערעדט און איז געשטאנען צומישט ניט וויסענדיג וואס עס טהוט זיך דא מיט איהם — איז דאס אפשר נור א חלום, איז דאס ניט א בלויזער בילד פון דער פאנטאזיע אדער איז זיא ווירקליך לעבעדיג? איך האב ערווארטעט א שווארצע זעעלע אין א שווארצען קערפער, אבער אזא ענגעל האב איך דא ניט ערווארטעט. אין דער שטימע, נאך איהרע בעוועגונגען דערקען איך דיא פארבע פון מיין פאלק. אבער וועלכע ערשיינונג? וויא ריין וויא קלאר שפרעכט איהר זעעלע אוים איהרע אויגען ארויס!

— ווארום ענטפערסט דוא ניט, פרעמדער? — האט טאני מיט א וייכע שטימע איהם געפרעגט — וויא קומסט דוא אהער? עס איז געפעהרליך פאר א ווייסען, אין דיעזעם הויז צו איבערנעכטיגען. נעגער־באנדען טרייבען זיך דא ארום. ווייסע זיינען דא ניט זיכער פון דיא שווארצע געסט. דוא שטעלסט דיין לעבען איין אין געפאהר.

— איז ווירקליך פאר מיר געפעהרליך דא צו בלייבען? איז דאס מעגליך, וואו אזא ענגעל וויא דוא בעפינדעט זיך זאל פאר אן אונגליקלי־כען וויא איך, געפאהר זיין? האב דאך מיטלייד מיט מיר דוא הימלישע ערשיינונג. וויא קען איך אין דיעזע שטירמישע נאכט ווייטער געהן? דיין מוטער האט מיר שוין הערבערגע צוגעזאגט, פערשטויס מיך ניט, שעהנעס פריילין, נעהם מיך אין דיינעם שוץ.

— קום פרעמדער, ווען דוא זעצט אויף מיר פערטרויען, זאל דיין גלויבען ניט אומזיסט זיין. זיי רוהיג. אונטער מיין שוץ ביסט דוא זיכער.

— וואס טהוט איהר אזוי לאנג דארטען? — האט באבעקאן גע־שריען דורך דעם פענסטער.

— מיר קומען שוין מוטער — האט טאני געענטפערט.

— ער האט מורא — האט באבעקאן צו זיך אליין גערעדט — ער טרויט ניט מיין גאסטפריינדשאפט. ער האט רעכט, זיין לעבענסגאנג איז שוין אבגעלאפען. צוריק געהט ער שוין פון דאנען ניט, דער וועג צו

פרייהייט און לעבען איז אבגעשלאָסען פאר איהם. צום טויט פיהרט איהם זיין וועג. אהא, זיי קומען. כ'רעה דיך האַננאַ.

— איך דאַנק פון גאַנצען הערצען, — האט גוסטאף געזאגט צו דער אלטע, איהר צו דיא פיס פאַלענדיג — איהר האט מיך פון מיין פער־צווייפלונג ארויסגעריסען. איך האב קיין צוטרויען ניט מעהר צו דער גאנצער מענשהייט. האָפנונג, גליק און לעבען זיינען פון מיר פער־שוואונדען, אבער דער גוטער ענגעל וואס פיהרט מיך יעצט צו אייך, האט מיר דאס אלעס צוריקגעגעבען.

— איהר זייט אן איבעראיילטער מאן, — האט דיא אלטע געענט־פערט — איהר זעצט אייער לעבען אויף א פרויענהערץ, ניט וויסענדיג ווער זיא איז.

— איך האב נור דיעזע געזעהן — האט גוסטאף צו איהר געזאגט ווייזענדיג אויף טאַנין — און מיין פורכט איז אין גאַנצען פערשוואונדען. ווער נור דיעזען ענגעל זעהט, מוז צו יעדען וואס געפינט זיך אין דיעזען הויז, פערטרויען האבען. אזא ענגעל וויא זיא, ברענגט נור פריעדען און גליק.

— אייער פערטרויען זאל ניט אומזיסט זיין, — האט דיא אלטע געענטפערט — דיעזעס הויז געהערט דעם נענער הויפטמאן קאַניא האַננאַ. ער איז יעצט ניטאָ אין דער היים. ער איז ארויס צום שטרייט געגען אייך ווייסע. ווען ער זאל ערפאהרען, אז איך בעהערבערג א ווייסען אין דיעזען הויז, וואָלט איך מיט מיין לעבען געמוזט דערפאר בעצאהלען..

— איך בלייב אייך דאנקבאר מיין גאנצען לעבען.

— ווער זייט איהר? — האט באבעקאן נאך א קליינע פויזע איהם געפרעגט — אבער וואס שטעהט איהר נאך אין אייערע וואפען, מאכט אייך בעקוועם, נעהמט דיא וואפען אראָפ, דא זייט איהר זיכער.

— לאָז איהם מוטער — האט זיך טאָני אפגערופען — דיא וואפען

איז א ציערונג פיר דיא מענער, איך זעה גערן וויא מענער זיינען געפוצט מיט דיעזער ציערונג.

— ווען איהר ערלויבט — האט גוסטאף צו באבעקאן געזאגט — מאך איך מיך לייכט. וואפען איז טאקע א ציערונג אבער עס איז דאך א לאסט.

ערצעהל אונז יונגער הער, ווער דוא ביסט און פון וואנען דוא קומסט, — האט באבעקאן איהם געבעטען —

— איך בין קיין געבארענער פראנקע. העלוועציען איז מיין פא־טערלאנד, פון דער יוגענד אן האט מיך מיין הארץ געטריעבען צו רייזען אין דיא וייטע וועלט, אום פרעמדע פעלקער און לענדער צו קענען, דא האב איך געהערט אז דיא פראנצויזען זוכען סאלדאטען, צו שיקען נאך סט. דאמינגא. בין איך צו דער פראנצויזישע זאהנע צוגעשטאנען און בין מיט דיא פראנצויזען אהער געקומען. אבער דיא שווארצע זיעגען איבעראל. אונזער בלוט רינט אויף אלע פעלדער. איך און מיין אנקעל מיט זיינע קינדער זיינען געשטאנען אין פעסטונג סט. דיופען. דיא פעסטונג איז געפאלען דורך פאלשקייט און אונטרייע. דיא נעגער האבען זיך אין אונזער בלוט געוואשען. אלע שיפען און האפען האבען זיי פערברענט. איך, מיין אנקעל, זיינע קינדער און נאך פינף אנדערע האבען מיר אונז צוזאמענ־גענומען, האבען דורכגעבראכען דאס פיינדליכע לאגער און האבען געוואלט זיך צושלאגען צו קאפ־פראנסאאס. וואו דער גענעראל ראשעמבלא שטעהט און דעם לעצטען פראנצויזישען רעטונגסארט פערטהיידיגט, אבער שוין זייט פערצעהן טאג בלאנדזען מיר ארום טאג און נאכט אין דיא דיכטע פינסטערע וועלדער. מיינע פריינדע האב איך איבערגעלאזען אין וואלד. ווען א מענשליך הערץ לעבט נאך אין אייער בוזים, האט מיטלייד, געהמט זיי אויף אין אייער הויז.

— צעהן מענער ? — דיא זאך קען געפעהרליך ווערן, איהר פער־

לאנגט פון מיר צופיעל. צעהן מענער קען איך יעצט אין הויז ניט אויפ־נעהמען. ווען עס וועט רוהינער ווערן פיעללייכט.

— שיקט צו דיא פרעמדע וועניגסטענס ערקוויקונג און דיעזע גוטע האפנונג.

— גוט, נאך היינט ביי נאכט זאל ראנקי שפייז און טראנק דיא אונגליקליכע אוועקטראגען. אין וועלכען ארט זיינען זיי בעהאלטען?

— רעכטס, אין מזרח זייט, וואו דער גרויסער אייבענבוים שטעהט, דארט קען מען זיי געפינען.

— גוט, דוא טאני געה וויז דעם גאסט אן ארט וואו ער זאל זיך דיעזע נאכט אויסרוהען. איך וועל דערווייל עטוואס צו עסען בעזארגען. טאני האט גענומען אויף איהר האנד גוסטאפ'ס מאנטעל און זיינע פיסטאלען און האר צו איהם געזאגט:

— קומט פרעמדער, זייט אונבעזארגט, דיא מוטער האט אייך אין מיינע הענד איבערגעגעבען. קומט ווייסער גאסט, איך וועל אייער ענגעל זיין.

— זיא וויל זיין ענגעל זיין — האט באבעקאן געטראכט אין הארצען, דיעזע דומע גאנז. דיא ענגעלשאפט וועט נאך קוים אייניגע שטונדען דויערן. יעצט מוטה באבעקאן. ניט דיעזען איינציגען ווייסען, נור אלע זיינע קא־מעראדען מוזען דורך קאנים שווערד פאלען, אויף טאני׳ן טאר איך ניט פערטרויען, זיא איז נאך א קינד, זיא פערשטעהט נאך גאר ניט. איהר הארץ העננגט נאך אן איהר פאטערס פאלק. איך אליין וויל דאס ווערק ענדיגען, האאנגא מוז מיט מיר צופריעדען זיין.

טאני און גוסטאף זיינען אריין אין א הינטערן צימער, זיא האט איהם געהייסען זיך זעצען און האט צו איהם געזאגט.

— דא זייט איהר זיכער, פרעמדער, דאס צימער ליעגט אבגעלעגנט פון גאס, דא וועט אייך קיינער ניט זוכען.

— טויזענד דאנקען פיר דיינע זארג אום מיך, גוטעס, שעהנעס מעדכען.

— איך ברענג אייך אויך באלד עטוואס צו עסען. דאן קענט איהר רוהיג שלאפען, טאני וואכט איבער אייך.

— דוא ליעבעס קינד! וועלכער גוטער ענגעל האט מיך אהער געפיהרט — האט גוסטאף צו זיך אליין געשפראכען — ווען איך זעה זיא, ווען איך הער איהר שטימע, פערגעס איך אלע נויט און זארג, ליעבע טאני.

— רופט איהר מיך? — האט טאני איהם געפרעגט אריינקומענדיג מיט שפייז אין גוסטאף צימער.

— איך רוף דיך אימער ווען איך דענק נור אין דיר.

— היער האבען זיי דיא קליינע מאהלצייט. פערלאנגט איהר נאך עטוואס, זאגט עס גלייך, איידער דיא מוטער געהט צו בעט.

— זאג מיר זיסע טאני, — האט גוסאף צו איהר געזאגט איהרע האנד אנגרייפענדיג — זארגסט דוא פאר יעדען פרעמדען אזוי גוט וויא דוא זארגסט זיך פאר מיר?

— אלע גוטע מענשען דיען איך גערן.

— זאג האלסט דוא אויך מיך פאר גוט?

— איהר האט מיר געגלויבט, איהר האט מיר פערטרויען געשענקט, איידער איך האב נאך מיט אייך א פריינדליך ווארט געשפראכען, נור גוטע מענשען גלויבען דעם אנדערן.

— איך בין אויך גוט, איך קען דיר מיט פרייד זאגען דאס מיינע לעבענסצייט איז אהן שולד פון מיר אבגעגאנגען, — איך קען אהן פורכט דעם טויט ענטגעגען געהן.

— איהר זאלט ניט שטארבען, איך האב אייך אין דיעזען הויז געפיהרט, איהר האט אייער לעבען אויף מיינע עהרליכקייט געזעצט. איך

פיהרע אייך ארויס. ביים גרויסען גאָט שווער איך אייך, איך וועל אייך רעטען, אדער מיט אייך גלייך שטארבען.

— וואס איז דאס פאר א ווערטער, טאָני? בין איך דען איז נעפאהר? האט מען מיך פערראַטהען?

— זייט רוהיג, פרעמדלינג. זאָרגט ניט, איך שטעה גוט פאר אייער לעבען מיט מיין איינענעם לעבען, — האט טאָני וויינענדיג נעענטפערט.

— דוא וויינסט? לאָז מיך אראָפּ קושען דיעזע שעהנע פערל פון דיינע אויגען. דוא וויינסט וועגען מיר? זאג האסט דוא שוין א מאל גע־ליעבט? האסט דוא שוין דיא העכסטע גליקזעליגקייט און דיא העכסטע שמערצען אויף דיעזע וועלט נעפיהלט? האָסט דוא שוין געליעבט? אך טאָני! וויא אַן ענגעל פון דער בעסערער וועלט, האָסט דוא דיך צו מיר בעוויעזען, און ביז צו דער ענדע פון דער וועלט וואָלט איך מיט דיר גע־גאנגען. אך דוא וויינסט נאך, איין איינציג וואָרט פערלאנג איך פון דיר, טאָני. זאָג מיר, האָסט דוא געליעבט? ליעבסט דוא? ביי דער ריינהייט פון דיין הערצען בעשווערע איך דיר, זאג מיר דיא וואהרהייט.

אזוי רעדענדיג האט ער זיא צו זיין ברוסט פעסט צוגעפּרעסט. מיט נעוואַלד האט זיא זיך פון זיינע הענד ארויסגעריסען און איז פון צימער ארויסגעלאָפען.

## ג.

## שטאַרקער וויא דער טויט איז דיא ליעבע.

נוסטאף האט זיך געלעגט אויפ'ן בעט אויסרוהען, שוין לאנג אז ער האט אזא פערגניגען זיך געקענט פערגינען. ער האט זיך שוין זייט וואָכענלאנג ניט אויסגעטהאן אבער אויך יעצט האט ער ניט געקענט מיט אַן איינ צומאכען. טאָני'ס געזיכט האט געשוועבט פאר איהם און האט זיין שלאָף בערויבט. ער האט זיך אין בעט געוואָרפען אהין און אהער, ביז דיא זאָנענשיין האט איהם בעפרייט פון זיינע פלאָגען. ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז איבערן צימער ארומגעגאנגען.

— נאך קיינער ניטא. — האט ער צו זיך געזאגט — עס מוז נאך גאנץ פריה זיין. דער שלאף איז פון מיר געפלויגען, טאַני האט מיין שלאף פון מיר פערטריבען. אך, וויא וואונדערבאר זיינען גאָטס וועגען, וויא מערק־ווירדיג ער צוויי הערצער צוזאמענבריינגט. אין ווייטע וועלטען, אין טיעפע טהאלען, אין שטירמישען שלאכט, אין ערטער פון געפאהר און פער־צווייפלונג, פיהרט ער צוויי הערצער צוזאמען. מיר האט דיא לוסט אין דער פרעמד געטריעבען. יעצט זעה איך דאס עס איז ניט בלויזע לוסט געוועזען, עס איז געוועזען דער געפיהל פון׳ם הערצען, עס איז געוועזען דער שטי־לער רייץ פון דער צווייטע פערוואנדטע זעעלע....

— דארף איך אייך שטערען? — האט טאַני אריינקומענדיג אין צימער געפרעגט — ווארום זייט איהר שוין וואך?

זאג אליין טאַני, האב איך געקענט שלאפען, ווען אין דיעזע ברוסט ברענט, גליהט, וויא פייער? אבער וויא האסט דוא געשלאָפען טאַני?

— איך האב אויך ניט געקענט שלאָפען. דיא שווארצע באנדען ציעהען פאַרביי אונזער הויז. וויא איך האב געהערט פערזאמעלט דער גענעראל דיא גאנצע נעגערמאַכט נעגען קאפ־פראנסאַאס, דארטען זאל דיא ענטשיידונג זיין, ביי וועמען זאל דיא הערשאפט בלייבען — ביי דיא פראנקען אדער ביי דיא נעגער.

— ווען אזוי, — האט גוסטאף זיך ראש אויפגעשטעלט — איז דיא העכסטע צייט פאר מיר פון דאנען צו געהן. וואו איז דיא מוטער? איך מוז גלייך געהן.

— אום גאָטעס ווילען! האט טאַני שמערצליך אויסגעשריען. גאַנצע באַנדען נעגער טרייבען זיך, ניט ווייט פון אונזער הויז ארום. איהר זייט פערלאָרען.

— אבער וואס וועט פון מיינע פריינד ווערן? וויא רעטע איך זיי? וויא רעטע איך אויך דיך? ווילסט דוא צווישען א געזינדעל פון רויב און

מאָרד בלייבען? פערבינד דיין לעבען מיט דיין פריינדס לעבען, פערטרויע מיר, קום מיט מיר טאָני.

— זאל איך מיין מוטער פערלאזען?

— זיא געהט מיט אונז.

— זאל איך מיך דעם פרעמדען יונגען מאַן אנט־ויען, וואס ערשט נעכטען האב איך איהם קענען געלערנט?

— דיא ליעבע איז ניט אפּגעמאָסטען מיט דער צ י י ט. זיא וואַרצעלט, וואקסט און בליהעט אין איינציגע שטונדען. מיר איז צו מוטה אזוי וויא איך וואָלט דיך שוין לאנג געזעהן, לאַנג געליעבט, אזוי לאנג וויא איך קען נור געדענקען. זאג מיר דיא וואהרהייט, זיינען דיינע נעכטיגע טרעהרין בלויז מיטלייד געווען, אדער דאס מעכטיגע געפיהל פון ליעבע?

— זיי דאָך בארמהערציג מיט א שוואַכעם מעדכען. יא, דאס מעכטיגער געפיהל האט ענטדעקט דיא געהיימנים פון מיין הערצען. איך געה מיט דיר. איך האב קיין פאטער ניט. מיין מוטער פערשטויסט מיך, אה! נעהם מיך מיט אין דאס לאַנד פון וואהרע ליעבע.

— אך גאָט, טאָני איז מיין! — האט גוסטאף מיט העכסטער פרייד אויסגערופען און האט זיין געליעבטע צו זיין ברוסט צוגעפּרעסט, זייערע זעעלען זיינען צוזאמענגעשמאָלצען געוואָרען אין איינעם.

— טאָני! טאָני! — האט זיך געהערט א שטימע פון דרויסען. דאס איז געווען באַבעקאַנס שטימע, טאָני האט זיך פון איהר געליעבטען ארויסגעריסען און איז פון צימער ארויסגעפלויגען. באבעקאן האט זיא מיט פינסטערע אויגען אנגעקוקט.

— וואס האָסט דוא געטהאן ביי דעם ווייסען? מיינסט דוא ווירקליך אז ער וועט פון דאנען ארויס א לעבעדיגער? ניין, זיין ליאָס איז אויסגעשפּיעלט, א שארפע דיין מיהע. דוא וועסט איהם ניט העלפען, עס איז שוין געזאָרגט דאפיר.

— מוטער! ליעבע מוטער. ערבארמען, מיטלייד! — האב טאָני

אויסגערופען פאלענדיג צו איהרע פיס, האָסט דוא קיין מענשענגעפיהל ניט אין דיר? קען דיינע ברוסט פיהלען נור נקמה און פיינדשאפט? ווען דיר איז נאך עפּעס היילינ אויף דיעזע וועלט, בעשווער איך דיר, ביי אלע היילינסטע, ביי דער מוטערליעבע, ביי דעם פערגאָסענעם בלוט פון דיין פאָלק, ערבארם דיך איבער דעם וייסען, האב מיטלייד מיט דעם פרעמדלינג.

— זאל איך דאס זיסע פערגניגען פון נקמה אויפגעבען, ווענן א טרעהר פון א דומעס מעדכען? ווייל מיין טאָכטער יאמערט ליעגענדיג צו מיינע פיס, זאל איך אלעס פערגעסען וואס דיא וייסע באנדיטען האבען מיר געטהאן? ניין, טאָני! נור דיין פאטערס בלוט האט אויף דיר געווירקט דאס דוא קענסט רעדען פון מיטלייד און ערבארמען.

— מוטער! ליעבע מוטער, ביים אלמעכטיגען גאָט אויבען, בעשוועהר איך דיר, נעהם פון מיר ניט אוועק דעם לעצטען גלויבען אין מענשלכקייט, צוריים ניט דעם לעצטען באנד וואס מוטער און קינד בינדעט צוזאמען. מוטה מיך בעסער, נור לאז ניט אזוי וייט קומען, זאל דיין טאָכטער ניט פערפלוכען דעם בויך, וואס האט זיא געטראגען, זאל זיא ניט שענדען דיין היילינען נאמען „מוטער״.

— וואס שטעהסט דוא דיך אונטער אזוי צו רעדען?

— גאָט וועט דאס מיר פערצייהען, איך ליעג נאך א מאל פאר דיינע פיס, איך נעהם אן דיינע קניע און בעט דיך, מוטער. האב מיטלייד מיט דעם וייסען, טונק דיינע הענד ניט איין אין אונשולדיג בלוט. דיעזע בלוטיגע זאמען וועלען דיר בלוטיגע פרוכט ברענגען. צווינג מיך ניט צו פעראכטען, וואס איך זאל ליעבען, וואס איך זאל אכטען.

— רעד ניט מעהר, דוא פאלשע! — האט באבעקאן מיט צאָרן אויסגעשריען, — זאל איך דעם נעגער דיינע ווערטער דערצעהלען? שטיל, קיין וואָרט מעהר.

— און ווען האָנגאָס גאנצער צאָרן וועט מיך טרעפען, ווען אויך

איך נעה דעם געוויסען טויט ענטגעגען, וועט דאס מיך ניט צווינגען אנדערש צו דענקען. איך שטעל איין מיין לעבען, מיין גליק, דער פרעמדער מוז גערעטעט ווערן.

— איז דאס דיין לעצטעס וואָרט טאָני? גערענק, איך וועל ניט שולדיג זיין ווען האַננאַ וועט דעם וויסען ניט לעבעדיג פאנגען.

— גאָט! וואס האט זיא אין דיא געדאנקען? — האט טאָני מיט פערצווייפלונג געשריען. — ניט לעבעדיג פאנגען, טויט זאל ער איהם טרעפען. אך! שרעקליך, פירכטערליך, מוטער! איך האב קיינע ווערטער ניט מעהר, דער הימעל זאל ריכטען צווישען אונז. צוריסען האָסט דוא יעדען בונד פון מוטערליעבע. דוא האָסט דיך פון דיין טאָכטער ענטזאגט. גוט, איך ענטזאג מיך פון מיינע פפליכטען. דאס קינד וואס דוא האָסט מיט שמערצען געבאָרען, איז פאר דיר אויף עוויג פערלאָרען.

טאָני איז וויא א פערצווייפעלטע פון שטוב ארויסגעלאָפען. באַבעקאַן איז געשטאנען צומישט הערענדיג איהר טאָכטערס רייד.

— איז דאס מיין קינד? — האט זיא צו זיך געשפראָכען — וואס פאר א פייער ברענט אין איהר ברוסט, איז דאס דיא שטימע פון מיטלייד און ערבארמען? ניין, דאס איז דיא שטימע פון ליעבע און ליידענשאפט. דער ווייסער האט איהר הערץ געפאנגען. טאָני'ס ליעבע קען פערדערבען אלעס וואס איך האב אויסגעדאכט. איך וועל איהר אבער צופאָרקומען, זיא וועט מיר אין וועג ניט מעהר גערן.

באבעקאן איז צום שראנק צוגעגאנגען, האט ארויסגענומען א ווייסען פולווער און האט איהם אין א קרוג מילך ארייגעשאָטען.

## ה.

## דיא נויטה אם העכסטען.

לאנג איז טאָני געזעסען און געטראכט, וויא זיא זאל איהר הייסגעליעבטען רעטען פון אונגליק, ענדליך האט זיא גענומען א גרויסען שטארקען שטריק אין דער האנד און איז מיט איהם אריין אין גוסטאָף'ס צימער, זיא האט געוואָלט איהם ראטהען, אז זיי ביידע זאלען זיך אראָפלאָזען דורכ'ן פענסטער אויפ'ן שטריק און זאלען אנטלויפען; אבער זיא האט געפונען גוסטאָף'ן שלאָפענדיג. וויא אן ענגעל איז זיא איבער איהם געשטאנען און האט בעשאטען מיט איהרע ליעבע בליקען דעם געליעבטען,

זיא האט געזאלעוועט איהם אויפצורוועקען. פלוצלינג צו איהר גוואלדיגען שרעק האט זי דערהערט א גערויש, זי איז צוגעלאָפען צום פענסטער און האט געזעהן הּאַנגאַ מיט זיינע נעגער שטעהן אויפ'ן הויף. און באבעקאן ערצעהלט איהם דיא גאנצע געשיכטע. האַנגאַ לאכט, ציעהט זיין שווערד ארויס, און נעהמט שוין ארויף אויף דיא טרעפ. שרעקליך איז געוועזן איהר לאגע, צו אנטלויפען איז שוין קיין צייט ניט געוועזן, זיא האט געוואוסט זאס זיא מיט גוסטאפ'ן זיינען פערלאָרען, אבער פלוצלונג האט א נייער געדאנקען דורכגעבליצט דורך איהר הארץ, ראַש האט זיא גענומען דעם שטריק און האט איהם ארומגענומען ארום גוסטאף און ארום דאס בעט. גוסטאף איז געוואַ־עז פעסט אנגעבונדען צום בעט, ביז ער האט זיך ניט געקענט ריהרען. דערוויל האט זיך גוסטאף אויפגעכאפט און האט געזעהן וואָס טאָני מאכט דאָ מיט איהם. ער האט נאטירליך ניט אנדערש גערעכענט, נור דאס טאָני איז א פאלשע א פעררעטערין.

— וואס טהוסט דוא טאָני? וואס איז דאס? — האט ער זיא מיט שרעק געפרעגט — אויך דוא האָסט מיך גענאררט? אויך אין דיין בוזים ליעגט שלאַנגענגיפט? —

אין צימער זיינען דערוויל אריינגעקומען האַנגאַ, באבעקאן און צוויי נעגער. דיא נעגער האבען זיך געשטעלט געוואפענט ביי דער טהיר.

— וואו איז דיא פאלשע? — האט האַנגאַ צאָרניג געשריען — וואו איז דיא שענדליכע, וואס וויל אונז פערראטהען? אה, דוא ביסט דא. זאג, איז ער שוין אנטלאָפען? וואו איז דער פרעמדלינג?

— וואס פאלט אייך איין האַנגאַ, — האט טאָני געלאסען גע־ענטפערט — וואס קוקט איהר אויף מיר אזוי צאָרניג, מיט וואס האב איך מיך פערזינדיגט נעגען אייך?

— האסט דוא דיך ניט פערבונדען מיט דעם פראנקע? האָסט דוא איהם ניט געהאָלפען אנטלויפען?

— אייער צאָרן מאכט אייך בלינד האַנגאַ, קוקט נור דאָרט, און בעט אום פערצייאונג ביי אייער טאָנין.

— מוטער, וואס זאל דאס הייסען, — האט זיך האַנגאַ געווענדעט צו באבעקאן — ווארום האט איהר אייער טאָכטער פאלש אנגעקלאגט. ערצעהלע דאך טאָני! ווער האט דעם פיינד געפאנגען, איך האב געגלויבט

דער פראַנקע איז שוין לאַנג אנטלאָפען. דיין מוטער האט דיך פאר א פערדעטהערין אנגעקלאַגט.

— אַם אנפאַנג האב איך ווירקליך מיטלייד געהאט מיט דעם פרעמדען — האט טאַני דערצעהלט, — זיין יוגענד האט מיין רחמנות ערוועקט. איך האב פערגעסען, דאס איך געהער צו דאָמינגאָ און האב איהם געוואָלט רעטען; אבער דערנאך, אז איך האב מיך בערעכענט, ווער איך בין און וואס דיא ווייסע האבען אונז געטהאן, איז פון מיר אלע ערבארמען און מיטלייד פערשוואונדען, איך האב מיין מוטער בעליידיגט, אבער איך האב געוואָלט צוריק גוט מאַכען דאס וואס איך האב פערדאָרבען. איך האב דעם פרעמדען געפונען שלאָפענדיג. איך האב געוואוסט אז ער וויל אנטלויפען, דארום האב איך גענומען דיעזען שטריק און איהם פעסט ארומגעבונדען. יעצט זיעדעלט מיך וויפיעל איהר ווילט.

— בראַוואָ מעדכען, בראַוואָ! — האט האָאַנגאָ פריידיג אויסגערופען — נאָט האט דיך מיט דער געמיינע ווייסע פאַרב געמאָלט, אבער מיט דיין גייסט ביסט דוא גלייך צו דיין מוטער. וואס זאָגט איהר דערצו באַבעקאַן.

— איך בעגרייפע דאס מעדכען ניט, — האט דיא אלטע געענטפערט.

— געה רוף צוזאַמען אונזערע קאַמעראַדען — האט האָאַנגאָ צו א נעגער געזאגט — א לוסטיג שיעסען זאל אונז היינט פערגניגען מאַכען, און דער ווייסער זאל אונז צום ציעל דיענען.

— האַלט, קאָניאַ האַלט, — האט טאַני אויסגערופען, — ניט אזוי געשווינד. איז איין איינציגער קרבן דיר גענוג? ווילסט דוא ניין ווייסע לאָזען אוועקלויפען? ניין לאז ער נאך לעבען, צווינג איהם ער זאל זיינע פריינד אין דיעזער הערבערג איינלאַדען. ער שרייבט נור א פּאר ווערטער און זיי אלע קומען אהער, און דאן קענט איהר גאַר אָהן שטרייט אייערע קרבנות שלאַכטען.

— אָה, א גוטער ראַטה, כ'לעבען, — האט האָאַנגאָ געענטפערט — יאָ, עס זאל אזוי בלייבען. דאַלמאַראָ, געה זאָג אונזערע ברידער היינטיגע ארבייט איז געענדיגט, זיי מעגען זיך אביסעל מיט שפּייז און געטראַנק ערקוויקען. מאָרגען זאָלען זיי אבער בערייט זיין, עס יועט א חתונה געבען וואס מיר האבען שוין לאַנג ניט געהאט. און דוא ווייסער, בערייטע דיך

אן צו דער רייזע. מארגען מאכסט דוא מיט דיין לעבען קווים. דיעזע קונעל איז פאר דיר.

— דריק שוין דיא קונעל אפ, — האט גוסטאף צו איהם געזאגט — זיי דאך צום ערשטען מאל איז דיין לעבען בארעמהערציג. איך בין דאך א ווייסער, א פיינד דאמינגא'ס, שטעך דורך דאס בעטראגענע הערץ וואס יענע פאלשע האט זיא בעצוואונגען. אה, טאני, טאני!

— דיין יאמער איז מוזיק פאר מיינע אויערן, — האט האאנגא איהם שפעטיש געענטפערט — דאס לעבען איז דיר א קוואל, דארום זאלסט דוא לעבען ביז מארגען. אדיע מיין געעהרטער גאסט, און איהר באבעקאן און טאני, קוממ איך האב אייך עפעס וויכטיגעס צו דערצעהלען.

ו.

## גוסטאף'ס קאמעראדען.

לאנג האבען גוסטאפ'ס קאמעראדן געווארט אויף זיין צוריקקעהרונג אבער, אלעס אומזיסט. גוסטאפ'ן איז ניט געוועזן צו הערן און צו זעהן, זייער בעזארגניס וועגען גוסטאפ'ן איז געוועזן אונבעשרייבליך.

— וואס קען דאס זיין, וואס גוסטאף איז נאך ניט צוריקגעקומען? האט דער הויפטמאן געזאגט, — זאל גוסטאף קיין ריכטיגען וועג ניט געפינען? ער האט פערשפראכען גלייך צוריקצוקעהרען, איך קען מיר דאס גאר ניט ערקלערן.

— גוסטאף האט געווים ערגעץ דיא נאכט אפגעווארט, האט איינער געענטפערט — וויא פיעלע שווארצע באנדען ציהען ארום אויף דיא שטראסען, דער וועג קען זעהר געפעהרליך זיין. גאט ווייס וואס מיט גוסטאפ'ן איז געשעהן, א שאדע אזא בראווער מאן. פיעל מאל האט ער זיין לעבען איינגעשטעלט פאר זיינע פריינד. אימער איז ער געוועזן דער ערשטער אין שטרייט און דער לעצטער וואס האט זיין שווערד אין דער שייד צוריקגעשטעקט.....

— א מערכען לויפט זעהר האסטיג, גראדע צו אונז. האט איינער אויסגערופען.

— א נעגערמעדכען? — האט דער הויפטמאן געפרעגט.

— ניין! איינע פון אונזערע, זיא ווינקט אהער, זיא לויפט שוין מיט איהר לעצטען אטהעם, זעהט וויא שנעל.

— זייט איהר פון סט. דיופען? — האט זיי אהן אטהעם געפרעגט.

יא, איהר זייט דאס, נאָט זאָ דאנק. איך בין ביי אייך, ביי זיינע פרייד.

— זאָג, וואס ווילסט דוא ? — האט דער הויפּטמאַן זיא געפרעגט.

— אויף, צו דיא וואפען — האט טאָני אויסגעשריען — קיין אויגענ־בליק ניט צו פערליערען. אך! א טהייערעס לעבען הענגט אב פון יעדער מינוט. שנעל צו דיא וואפען און קומט מיט מיר, נאך איין שטונדע או ער א ז פערלאָרען. פרעגט מיך ניט לאנג, רעטעט, העלפט.

—זאָג ווענמען איז צו רעטען, מעדכען ? ווער דאַרף הילפע ?

— אייער ברודער איז אין געפאהר, דער יונגער פראַנקע איז גע־פאַנגען ביי דיא שווארצע. ער האט שוין געזאָלט שטערבען, נור איך האב זיין טויט אבגעצווינגען. עס איז נאך צייט צו רעטען, שרעקט אייך ניט פאר דיא נעגער, איך פיהר אייך דורך דיא הינטערע גאַרטענטהיר. דיא שווארצע שלאָפען. מיר וועלען דיא טהירען פערשפּארע, זיי זאלען ניט קענען ארויסגעהן. מיט ווענינ מיה רעטען מיר איהם. נאכהער פיהר איך אייך אויף געהיימע וועגען נאך קאפּ־פראַנסאָאס, קומט, קומט. וואס פערווײלט איהר נאך ?

— אויף, קינדער! — האט דער הויפּטמאַן אויסגערופען — עס גילט דאס בראַווסטע ווערק אויסצופיהרען, און ווען מיר וועלען מיט אונזער בלוט איהם רעטען, בעצאהלען מיר נור אן אלטען חוב, ער האט זיין לעבען פאר אונז פיעל מאל אין געפאהר איינגעשטעלט. לעבען פיר לעבען, בלוט פיר בלוט.

ז.

## דיא הילפע אם נעבסטען.

גוסטאף איז געבליעבען אין זיין צימער, א נעגער איז געשטאַנען לעבען איהם און האט איהם געהיט. ער האט גאר ניט געקענט פערשטעהן, וואס מיט איהם האט זיך דא געמאכט.

— זאל ווירקליך טאָני אזוי פאַלש זיין ? קען א פרוי אזוי שענדליך שפּיעלען מיט דיא הייליגע מענשענגעפיהלע. אין ליעבע ארומאַרמונג אזא שרעקליכען פערדערבען אויסרענקען ? זאל זיא אזא שלאַנגענגיפט אין זיך האבען ? ניין! ניין! אזוי פערוואָרפען קען קיין מענש ניט זיין, — האט גוסטאף צו זיך גערעדט. ניין טאָני, דאס קענסט דוא ניט, דיינע ווערטער זיינען אויס דער טיעפע ברוסט געקומען. איך פערשטעה דיך ניט; אבער גלויבען מוז איך דיר....

— וואס מאכען זיא הערר גאַסט ? — האט האָאנגאָ ארייינקומענדיג

אין צימער געזאגט צו נוסטאף — וויא געפעלט אייך דאָמיננאָ ? איה, האט אייך געוויס אזא גאַסט פראַנדשאַפט ניט פאָרגעשטעלט. יא, יא, מיר זיינען זעהר העפליך....

— שנעל האַאנגאָ, שנעל — איז באַבעקאַן מיט א געשריי אריינ־געלאָפען. א וויי־ער הויפען שטורמט אויף אונזער הויז. דיינע אלע קאַ־מעראַדען זיינען איינגעשפּאַרט אין דיא שטאַלען. האַאנגא איז שנעל צוגעלאָפען צום פענסטער און האט זיך איבערציינגט, אז עס איז אמת, וואס דיא אל־ע זאגט.

האַאנגאָ האט ארויסגעצויגען זיין שווערד און איז צוגעלאָפען צו נוסטאף.

— וויסער הונד, — האט ער מיט דיא צעהן געקריטשעט. לעבעדיג בעקומען זיי דיך ניט. דוא זאָלסט דעם זיעג פון דיינע פריינד ניט דער־לעבען. און אזוי רעדענדיג האט ער דאס שווערד אויפגעהויבען און האט געוואלט אריינשטעקען אין נוסטאף׳ס ברוסט, אבער אין דיעזען אויגענבליק איז טאָני אריינגעלאָפען און זעהענדיג נוסטאף׳ס געפאהר האט זיא מיט דער פּיסטאָלע אויסגעשאָסען אויף האַאנגא, און דער נעגער איז אניעדער געפאלען צו דער ערד, אויסרופענדיג: צום טייוועל, עס האט געטראָפען.

דער הויפטמאן מיט זיינע זיהן זיינען נאכהער אנגעקומען. נוסטאף׳ס פר־דע איז ניט געוועזן צו בעשרייבען.

איז דאס דער קאָניא ? — האט דער הויפטמאן מיט פערוואונדערונג געפרעגט — ווער קען זיך מיט דיעזעם ווערק ריהמען ?

דער מערדער איז פון איהר קוגעל געפאלען, — האט נוסטאף געענטפערט — גראדע אין דעם אויגענבליק ווען דער פיינד האט מיך געוואָלט טייטען.

— אזוי ? האט זיא אונז פערשעהמט. בראוואָ ! בראוואָ !

טאָני איז געפאלען אויף זיין האלז און האט צו איהם געזאגט:

— דוא ביסט געראַטעט דוא ביסט מיין, ניט מעהר האב איך אויף דיעזע ווייטע וועלט צו האפען. דוא ביסט מיין איינציגע שוץ, מיין גליק.

דער הויפטמאן איז צו זיי צוגעגאנגען האט אנגענומען טאָני׳ס הענד און האט זיי געזאגט:

— אין אונגליק אין שמערצען האט איהר אייך פעראייניגט, אין פריידע און גליק וועט איהר דיא פרוכט דער ליעבע געניסען, זאָלט גליקליך אויף אימער און עוויג און גאָטעס גנאדע זאָל וואלטען אויף אייך.

ע נ ד ע.

# דאס גייסטער הויז

## פריי נאך דעם פראנצויזישען

פון

## א. טאַנענבוים.

---

### 1טעס קאפיטעל.

עס איז געווען אין מאי 1855. איך בין געזעסען מיט מיינעם א בעקאנטען ביי א פלאש וויין און מיר האבען געפלוידערט. מיין פריינד איז געווען א געלערנטער, א פילאָזאָף און א פריידענקער. מיר האבען גערעדט איבער פערשיעדענע זאכען און זיינען ענדליך ארויפגעקומען אויף דיא טישעלעך, וועלכע דרעהן זיך, ווען מען לעגט אויף זיי ארויף דיא פינגער.

— ועסט דוא מיר גלויבען? האט פלוצלונג געזאגט צו מיר מיין פריינד. איך האב אנגעטראפען דא אין דער־מיט פון לאָנדאָן א גייס־טער־הויז.

— א גייסטער הויז? האב איך איהם איבערגעפרעגט מיט א געלעכטער. עס האלטען זיך דארט אויף גייסטער? ווירקליכע, אנשטענ־דיגע גייסטער?

— איך קען דיר ניט זאגען, וואס דאס איז. איך ווייס ניט, אויב דיא גייסטער זיינען אנשטענדיג אדער ניט. דיא זאך איז מיר דאך א וואונדער. מיט זעקס וואכען צוריק האב איך געזוכט א וואהנונג. איך בין אריינגעקומען אין א שטילע, רוהיגע גאס און האב דערזעהן א בלעטעל „טאו לעט". מיר איז געפעלען דיא גאס, ווייל זיא איז זעהר רוהיג. איך האב אנגעקוקט דיא צימער, זיי זיינען מיר געפעלען. דער פרייז איז געווען

זעהר בילינ. איך האב גערופען מיין פרוי. זיא האט אויך אנגעקוקט דיא ציממער און די ווינען איהר אויך געפעלען. מיר האבען בעצאהלט פאר א מאנאט רענט און האבען זיך אריינגעצויגען אין דיא ציממער. — דעם דריטען טאג האבען מיר געמוזט ארויסציעהן. מיין פרוי האט אויף קיין פאל ניט געוואלט בלייבען דארט. איך אליין האב אויך קיין לוסט ניט געהאט דארט צו וואינען.

— וואס האט איהר דארט געזעהן אדער געהערט אזעלכעס? האב איך איהם געפרעגט.

— איך קען עס דיר ניט זאגען. איך וויים ניט, אויב מיינע זינען האבען מיך אפגענארט, אדער דארט איז עפעס א שארלאטאנעריי. איך וויים נור, אז יעדעס מאל, ווען איך פלעג צו קומען צו א פינסטער ציממער־ריל, וועלכער געפינט זיך דארט אין הויז, פלעגט אויף מיר אנפאלען אזא שרעק און אזא פחד, אז איך האב געמוזט מיך ארויסציעהען און לאזען דעם רענט פערפאלען.

ווען איך בין געקומען צו דער אלטער פרוי, וועלכע איז דיא הויז־קיפערין פון דיעזען זאנדערבארען הויז. און האב איהר געמעלדעט, אז איך ציה מיך ארויס, האט זיא מיר געזאגט גלייכגילטיג:

— איך וויים, פארוואס איהר ציהט זיך ארויס. איהר האט אויס־געהאלטען לענגער פון אלע. קיין איינוואינער האט נאך ניט אויסגעהאלטען אין דיעזען הויז מעהר וויא א טאג אדער צוויי. געגען אייך זיינען זיי גע־ווען עפעס זעהר גוט.

— זיי? האב איך געפרעגט פערוואונדערט. ווער זיינען דיא זיי?

— דיא גייסטער, וועלכע האלטען זיך דא אויף, האט דיא הויז־קיפערין געענטפערט. איך וויים, אז זיי וועלען מיך אמאל טוידטען. עס קימערט מיך אבער ווענינ. איך בין שוין אלט און עס איז שוין צייט פאר מיר צו שטארבען.

דיא אלטע פרוי האט גערעדט אזוי טרויעריג און אזוי ניעדערגע־

שלאגען, אז איך האב פריהער אויפגעאטהעמט, ווען איך בין אנטלאפען פון דיעזעס הויז.

— דאס איז אינטערעסאנט! האב איך אויסגערופען. איך האב נאך קיין מאל ניט געזעהן קיין גייסטער און וואלט אויך אמאל געוואלט מאכען דיא בעקאנטשאפט פון אַן עכטען, אנשטענדיגען גייסט. גיב מיר, מיין פריינד, דיא אדרעסע פון דעם גייסטער הויז. איך וויל פראבירען דארט נעכטיגען.

מיין פריינד האט מיר געגעבען דיא אדרעסע פון׳ם גייסטער הויז און איך בין באלד אהין אוועקגעגאנגען. עס איז געווען ניט גאנץ וויים פון דעם האָטעל, וואו איך מיט מיין פריינד זיינען געזעסען און גערעדט. איך בין באלד צוגעקומען צום הויז, האב אבער ניט געפונען קיין בלעטעל „טאו לעט״. דאס הויז איז געווען פערשלאָסען, דיא פענסטער פערמאכט. איך האב אנגעקלונגען. קיינער האט ניט געענטפערט. איך האב שוין גע־וואָלט אוועקגעהן, ווען עס איז צוגעקומען צו מיר א שטראסען יונגע און האט מיך געפרעגט, אויב איך דאַרף ווער מען אין דיעזען הויז?

— איך וויל זעהן דיא הויזקיפּערין, ווייל איך וויל רענטען דאס הויז.

— דיא הויזקיפּערין איז געשטאָרבען מיט דריי וואָכען צוריק, האט דער יונגע געענטפערט. מיסטער דשאנס, דער לענדלאָרד, האט געוואָלט געבען מיין מוטער צוויי דאלאר א וואָך, זיא זאל ווערן הויזקיפּערין. זיא האט עס אבער ניט געוואָלט אננעהמען.

— פאר וואס האט זיא ניט געוואָלט ווערן הויזקיפּערין?

— ווייל אין דיעזען הויז האלטען זיך אויף גייסטער. דיא אלטע הויזקיפּערין איז פּלוצלונג געשטאָרבען. מען זאגט, אז דיא גייסטער האבען זיא דערוואָרגען, האט דער יונגע געענטפערט.

— קענסט דוא מיר זאגען, וואו דער לענדלאָרד פון דיעזעס הויז וואָינט?

דער יונגע האט מיר געזאגט, אין וועלכער גאס און אין וועלכער

נומער מיסטער דשאנס וואָינט. איך האב איהם געגעבען עטליכע פענעס און בין געגאנגען זוכען דעם לענדלארד, מיסטער דזשאנס. איך האב איהם גראדע געטראפען אין דער היים. דאס איז געוועזן אן עלטערער און גע־בילדעטער מענש. איך האב איהם געזאגט, אז איך וויל רענטען דאס הויז און וועל איהם בעצאהלען פאר א וואָך, וויא פיעל ער וועט פער־לאנגען. מיסטער דשאנס האט מיך אנגעקוקט פערוואונדערט.

— וואוינט אין הויז, וויא פיעל איהר ווילט אליין, איך וועל ביי אייך ניט נעהמען דערפאר א פעני, האט ער מיר געזאגט. איך וועל אייך נאך צוצאהלען, איהר זאָלט קענען ענטדעקען דיא אורזאכע, פארוואס מען קען אין דעם הויז ניט וואוינען.

— האט איהר אליין ניט פרובירט געפינען דיא אורזאכע? האב איך איהם געפרעגט.

— איך קום ערשט ניט לאנג פון אינדיען, האט מיר מיסטער דשאנס געענטפערט. מיין אנקעל איז געשטארבען און האט מיר איבער־געלאזען דיעזעס הויז בירושה. איך בין רייך, בין ניט פערהייראטהעט און וויל מיר ניט געבען דיא מיה צו זוכען. עס איז מיר אליין א וואונדער, וואס אין דעם הויז קומט פאָר. עס ווייזען זיך דאָרט גייסטער ניט נור ביי נאכט, זאנדערן זאגאר אין מיטען העלען טאג.

דיא אלטע הויז־קיפערין, וועלכע איז פאר דריי וואָכען געשטארבען אין דיעזען הויז, איז דיא איינציגע פרוי געוועזן, וועלכע האט זיך ענט־שלאסען דארין צו וואָינען. זיא איז א מאל געוועזן זעהר רייך און האט א מאל שוין געוואָינט אין דיעזעס הויז. זיא איז געוועזן הויך געבילדעט און האט פאר קיין זאַך קיין מורא ניט געהאט. אין דער לעצטער צייט איז זיא געווארען אזוי אָרים, אז מען האט זיא אויפגענומען אין אן ארמען הויז. איך האב זיא ארויסגענומען פון'ם ארמען־הויז און האב זיא געמאכט פאר הויזקיפערין און פלעג איהר געבען פון וואנען צו לעבען. זייט זיא איז געשטארבען, וויל קיינער ניט וואָינען אין הויז. איך קען זאגאר קיין הויז־

קיפער ניט קריגען. איך האב שוין געוואָלט געבען א פונט סטערלינג א וואָך.

— קענט איהר מיר ניט זאגען, הערר דשאנס, וויא לאנג איז עס שוין זייט עס האלטען זיך אויף גייסטער אין אייער הויז? האב איך געפרעגט.

— איך קען עס אייך ניט זאגען גענוי, דיא אַלטע הויזקיפּערין האט מיר דערצעהלט, אז עס איז שוין פון א יאהר עטליכע און צוואנציג, זייט דאס הויז האט בעקומען אזא שלעכטען נאמען. איך האב אנפאנגס דער־פון געלאכט און האב געלאזט רעפּארירען דאס הויז און אריינשטעלען נייע מעבעל. איך האב אַדווערטייזט אין דיא צייטונגען און האב געפונען שכנים גענוג, אבער יעדער וואינט דארט א טאג, צוויי, העכסטענס דריי און אנטלויפט, וויא פון פייער. איך ראטה אייך ניט צו פערברייגגען א נאכט אין דיעזעס הויז.

— וואס דערצעהלען דען דיא מענשען, וועלכע האבען געוואָינט אין הויז? האב איך געפרעגט. פארוואס אנטלויפען זיי?

— יעדער דערצעהלט עפּעס אנדערש. עטוואס בעזאנדערס האט קיינער ניט געזעהן. יעדער אבער איז דערשראָקען און ציטערט, ווען ער דערמאנט זיך אן דער צייט, וואס ער האט פערבראכט אין דיעזעס הויז.

— און איהר אליין זייט קיין מאל ניט געווען נייגיעריג צו וויסען, וואס עס קומט פאָר אין אייער הויז? האב איך ווייטער געפרעגט.

— געוויס בין איך געווען נייגיעריג און האב פערבראכט אין הויז גאנצע דריי שטונדען, אבער ביי טאג ניט ביי נאכט. איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט, אז נאך א מאל וויל איך א היין ניט געהן. איך ראטה אייך נאך א מאל, אלס עהרליכער מאן, איהר זאָלט ניט נעכטיגען אין גייסטער־הויז.

מיין נייגירדע איז געוואקסען מיט יעדער מינוט. וואס מעהר

## ז  דאס גייסטער הויז.

מיסטער דשאנס האט מיך אפגעראטהען צו בעזוכען דאס גייסטער־הויז, אלץ מעהר האב איך עס געוואָלט טהאן.

— איך וויל אויך א מאל זעהן גייסטער, האב איך געזאגט ענטשלאסען. אלע רעדען פון גייסטער, אלע דערצעהלען פון גייסטער און קיינער האט זיי ניט געזעהן. איך האב יעצט דיא בעסטע געלעגענהייט צו מאכען מיט זיי בעקאנשאפט.

מיסטער דשאנס האט מיר ווייטער גאר ניט געזאגט. ער האט מיר געגעבען דיא שליסעל פונ'ם הויז און האט מיר געווינשט גליק. איך בין אוועקגעלאפען מיט דיא שליסעל, גלייך וויא איך וואָלט געפונען א כשרה מציאה. איך בין געגאנגען אויף מיין קווארטיר, וואו איך האב געוואָינט מיט מיין דיענער, א יונגער, פרעהליכער און שטארקער מאן פון א יאהר דרייסיג.

— הער נור, פראנק, האב איך איהם געזאגט. געדענקסט דוא, ווען מיר זיינען געווען אין דייטשלאנד, האבען מיר א מאל גענעכטיגט אין א גייסטער־הויז. דיא גייסטער האבען זיך אבער פאר אונז דערשראקען און האבען זיך ניט געוואלט ווייזען. דאס זיינען געווען דייטשע גייסטער. ווילסט דוא מאכען א פראָבע מיט ענגלישע גייסטער? מעגליך, אז דיא ענגלישע גייסטער זיינען ניט אזוי פיין און ניט אזוי העפליך, וויא דיא דייטשע. ווערסט דוא קיין מורא ניט האבען?

— איך האב קיין מורא ניט פאר ענגלישע, ניט פאר טערקישע, זאגאר ניט פאר רוסישע גייסטער, האט געלאכט פראנק.

— אלזאָ, נא־דיר דיא שליסעל פונ'ם הויז נומער 215 אקספארד סטריט. געה א הין, קלייב אויס ריינע צוויי צימער פאר דיר און פאר מיר. הייץ אויס דעם אויוועז, גרייט אן צוויי גרויסע סטעארין ליכט און אזוי ווא מיר ווייסען נאך ניט, וואס פאר א סאָרט גייסטער עס האלטען זיך דאָרט אויף, איז גלייך, אז דוא זאָלסט מיטנעהמען א פאר געלאדענע רעוואלווערס און א פאר לאנגע אמעריקאנער מעססערס.

פראנק איז אוועקגעגאנגען, וואוהין איך האב איהם געהייסען. איך האב נאך געהאט איינינע געשעפטען צו בעזארגען און האב באלד פער־געסען אן דיא גייסטער. ערשט אויף דער נאכט האב איך מיך דערמאנט אן זיי. האלב נאך אכט אוהר האב איך גענומען א בוך אין דער האנד און בין געגאנגען נעכטיגען אין גייסטער־הויז. אלס גרעסערע זיכערהייט האב איך מיט מיר מיטגענומען מיין הונד, א גרויסער ניו־פונדלענדער, וועלכער האט געקענט צורייסען א מענשען, ווען ער איז געווארען בייז. איך בין צוגעקומען צום הויז, האב אנגעקלאפט, מיין דיענער האט מיר געעפענט דיא טהיר.

— נו, פראנק, וואס הערט זיך?

— אלל־רייט! האט ער מיר געענטפערט. עס איז דא גאנץ בע־קוועם.

— האסט דוא ניט עפעס געזעהן, אדער געהערט?

— געזעהן האב איך גאר ניט, געהערט האב איך יא עפעס זאנ־דערבארעס.

— וואס?

— עס האט אויסגעוויעזען, אז מען געהט מיר נאך און מען רעדט עפעס גאנץ שטיל אויפן אויער.

— האסט דוא זיך דערשראקען?

— איך? ניין! איך האב ארומגעטראגען מיט מיר א געלאדענעם רעוואלווער און וואלט געוויס געוועזען געשאסען יעדען גייסט, וואס איך וואלט בעגעגענט.

איך האב מיך אנגעהויבען אומצוקוקען אין הויז. אלעס איז געוועזען בעקוועם און אין ארדנונג. איך האב א קוק געטהאן אויף מיין הונד און האב דערזעהן מיט שטוינען, אז ער שטעהט, וויא צו מישט און וויל זיך ניט ריהרען פון'ם ארט. איך בין צוגעגאנגען צו איהם, האב איהם אנגע־הויבען צו גלעטען און צו רופען, ביז ער האט זיך בערוהיגט. ער איז צו־

געקומען צו מיר, ער האט אבער פון מיר ניט געוואָלט אפטרעטען.

מיר האבען יעצט אנגעהויבען דורכצוזוכען דאס הויז. מיר זיינען אראפגענאנגען אין קעלער און האבען איהם דורכגעזוכט פון איין עק צום אנדערן. אין א ווינקעל האבען מיר געפונען עטליכע פלעשער וויין פער־גראבען אין זאמד.

— וויא עס ווייזט אויס זיינען דיא גייסטער ניט קיין שכורים, ווען זיי האבען געלאזען דעם וויין און האבען איהם ניט אויסגעטרונקען, האט פראנק געזאגט.

— איך וואָלט צופריעדענער געווען צו האבען צו טהאן מיט פרעה־ליכע גייסטער, האב איך איהם געענטפערט.

מיר האבען דורכגעזוכט דאס גאנצע הויז און האבען גאר ניט גע־פונען. אלעס איז געווען שטיל און רוהיג. מיר זיינען צוריקגעגאנגען אויפ'ן ערשטען פלאָר. דאָרט האט פראנק אנגעגרייט א בעט פאר מיר אין שלאף־צימער. פאר זיך האט ער געמאכט א געלעגער אין אנדערן צימער. דיא טהיר פון זיין צימער און מיינעם איז געשטאנען אָפען. אלע אנדערע טהירען האט ער גוט פערשלאסען. עס איז נאך געווען פריה זיך צו לעגען שלאפען; איך האב מיך געזעצט אין פראָנט־צימער אויף א ראָקין־טשער און האב אנגעהויבען צו לעזען. פראנק האט זיך געזעצט אויף א שטוהל ניט ווייט פון מיר און האט זיך אנגעהויבען צו שפיעלען מיט'ן רעוואָלווער. פלוצלונג האט זיך אויפגעהויבען א שטוהל, וועלכער איז געשטאנען ביים פענסטער, האט זיך לאנגזאם צוגערוקט צו מיר און האט זיך איבערגעקעהרט פאר מיין שטוהל.

— וואס איז דאס? האט פראנק געפרעגט. האט איהר אומגע־וואָרפען דעם שטוהל?

— ניין, פראנק. וויא עס ווייזט אויס, האבען מיר צו טהאן מיט קאָטאָוועס טרייבער. זיי מיינען, אז זיי וועלען אונז איבערשרעקען.

מיר זיינען נאך געזעסען איינינע צייט אין פראָנט־צימער און זיינען

ענדליך געגאנגען אין אונזער שלאף־צימער. פאר מיין בעט איז געשטאנען א קליין טישעלע, אויף וועלכען עס האבען געברענט צוויי סטעארין ליכט, וויא איך האב אנגעזאגט. מיר האבען זיך יעצט אומגעקוקט. אלעס איז געווען רוהיג, אלעס איז געווען שטיל און יעדע זאך איז געלעגען אויף זיין ארט, וואו פראנק האט עס אניעדערגעלעגט.

— לאמיר נאך א מאל ארומגעהן אין הויז און זעהן, אויב אלע טהירען זיינען גוט פערשלאסען, האב איך געזאגט צו פראנק'ן. וויא עס ווייזט אויס, האבען מיר צו טהאן מיט גייסטער, וועלכע קענען בעוויזען שעהנע שטיק. מיר מוזען פארזיכטיג זיין.

צוערשט האבען מיר זיך צוגעקוקט אין מיין שלאף־צימער. אין דער וואנד זיינען געווען צוויי קלאזעטס. איך האב זיי געעפענט. זיי זיינען געווען לעדיג. עס איז געווען אריינגעשלאגען הוקס אין דיא וואנד אויפצו־הענגען קליידער. ווען מיר האבען זיך איבערצייגט, אז אין אונזערע שלאף־צימער איז גאר ניטא, האט פראנק גענומען א ליכט און מיר זיינען ארויסגעגאנגען אין האל. דארט איז געווען א קליין צימעריל, וועלכעס פראנק האט נאך ביי טאג גוט פערשלאסען, אזוי וויא ער האט פער־שלאסען אלע טהירען אין שטוב. מיר זיינען צוגעקומען צו דער טהיר פון דעם צימעריל און האבען געפונען, אז זיא איז ניט פערשלאסען.

— פארוואס האסט דוא ניט פערשלאסען דיעזע טהיר? האב איך געזאגט צו פראנק'ן מיט א פארוואורף.

— סער! איך געדענק זעהר גוט, אז איך האב זיא יא פערשלא־סען, האט פראנק געענטפערט.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר פון דיעזען צימעריל לאנגזאם געעפענט.

איך האב געזעהן גאנץ דייטליך, וויא דיא טהיר האט זיך לאנג־זאם אוועקגערוקט פון דער וואנד און איז געבליעבען שטעהן ביי דער אנדערער וואנד. מיר האבען זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערן.—דאס

האט געווים א מענש געטהאן, האבען מירביידע געטראכט. דא ליעגט איינער בעהאלטען און מאכט דיא אלע קונסטשטיקע. מיר זיינען אריין אין צימער. דאס איז געוועזען א גאנץ איינפאכעס צימעריל מיט איין פענס־טעריל אין הויף אריין אין וועלכען עס פלעגט שלאפען א דיענסט אדער א לאקיי. יעצט אבער איז עס געוועזען גאנץ לעדיג. קיין שום מעבעל איז דארט ניט געוועזען, נור אין א ווינקעל זיינען געוועזען אנגעווארפען עטליכע שאכטעל און עס זיינען געשטאנען צוויי גרויסע לעדיגע קאסטענס. מיר האבען גוט בעטראכט דאס צימעריל — עס איז ליידיג. קיין מענש איז ניטא און האט דא ניט געקענט זיין, ווייל אויפ'ן פלאר איז געלעגען פיעל שטויב און מען האט געקענט זעהן דיא צייכענס פון אונזערע פיס אין שטויב.

מיר האבען שוין געוואלט ארויסגעהן, וויא דיא טהיר פון'ם צימע־ריל האט זיך לאנגזאם און שטיל גאנץ אליין פערמאכט. — מיר זיינען געפאנגען. צום ערשטען מאל זייט איך בין געוועזען אין גייסטער־הויז, איז אויף מיר אנגעפאלען א שרעק, וועלכען איך האב מיר אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערען. פראנק אבער איז ניט געוועזען דערשראקען. ער איז בייז געווארען און האט אויסגערופען:

— וואס איז דאס? מען וויל אונז פאנגען, וויא מייז אין א חאפ־שטיינעל? איך וועל זיי ווייזען!

פראנקס מוטה און זיין גייסטעס געגענוואַרט האט מיך בערוהיגט.

— פראביר דוא אויפרייסען דיא טהיר, איך וועל דערווייל עפענען דאס פענסטער, האב איך איהם געזאגט מוטהיג.

פראנק האט פראבירט עפענען דיא טהיר—אונמעגליך. איך האב געעפענט דאס פענסטער. אין דרויסען איז ניט געווען שטארק פינסטער. דער מאנד האט געשיינט און דער הימעל איז געוועזען בעדעקט מיט לייכטע וואלקען. דאס פענסטעריל איז ארויס אויפ'ן הויף. אין הויף איז געוועזען שטיל און רוהיג. ארויסשפרינגען פון'ם פענסטער אין הויף איז געוועזען

אונמעגליך. דיא וואנד איז געווען גלאט און זעהר הויך. איך האב צוריק פערמאכט דאס פענסטעריל און האב עס גוט פערקייטעלט.

— לאמיר אויסברעכען דיא טהיר! האט פראנק געזאגט.

ער איז געווען א שטארקער מענש און א גוטער פייטער. איך בין אויך געזונד און שטארק און האב מיך פעסט ענטשלאָסען זיך ניט אונ־טערצוגעבען ביז צום אייסערסטען. פראנק האט זיך אנגעשפארט מיט זיין גאנצער קראפט אן דער טהיר. — זיא ריהרט זיך ניט. זיא האט זא־גאר ניט אנגעהויבען צו שאָקלען זיך און צו קרעכצען, וויא עס קומט געווערהנליך פאָר, ווען מען שפארט זיך שטארק אן אן א טהיר. איך בין אויך צוגעגאנגען און האב מיך אנגעשפאָרט אן דער טהיר מיט מיין גאנצער קראפט — אומזיסט! דיא טהיר ריהרט זיך ניט. מיר האבען פרובירט ביידע מיט אמאל זיך אנשפארען און אויסברעכען דיא טהיר— עס העלפט ניט! דיא טהיר איז וויא פון אייזען. מיר זיינען ביידע גע־בליעבען שטעהן פערטראכט. איך האב געפיהלט, אז עס ווערט מיר קאלט. א בעזאנדערער, אונבעשרייבליכער, שארפער און שטעכענדער גערוך איז ערגעץ אנגעקומען פון דיא שפאלטען פון דיא וועגד און פון'ם פלאָר און האט זיך פערברייטערט אין צימער. אויף מיר איז ווידער אנגעפאלען א שרעק. איך האב געפיהלט, אז דיעזער גערוך איז שעדליך פאר א מענשען. אבער פון וואנען קומט ער?

פלוצלונג האט זיך דיא טהיר לאנגזאם און אָהן א שום רעש גע־עפענט. מיר זיינען באלד ארויסגעלאפען. אין האָל האט זיך געוויזען א פיגור. עס האט ניט געהאט קיין מענשען־געשטאלט, עס איז אבער געווען עטוואס אונגעוועהנליכעס, זאנדערבארעס. אייניגע מינוטען איז עס גע־שטאנען אין האָל, דאן האט עס אנגעהויבען לאנגזאם ארויפצוגעהן אויפ'ן צווייטען פלאָר. מיר זיינען איהם נאכגעגאנגען. אויפ'ן צווייטען פלאָר איז עס געווארען אלע מאל קלענער און קלענער, ביז עס איז דערפון געווארען א קליינע פייעריגע קוגעל, וועלכע האט געשפרונגען, האט זיך געדרעהט

און איז ענדליך ארויפגעשפרונגען אויפ'ן בעט, וועלכעס איז געשטאנען אין שלאף-צימער און איז פערשוואונדען געווארען.

איך האב מיך געפיהלט אין גאנצען בערוהיגט. מיין נייגיערדע איז געווען געשפאנט אויפס אייסערסטע. איך האב געזעהן, אז אין דיעזעס הויז ליעגט ווירקליך א געהיימניס, וועלכע איז ווערטה, אז מען זאל זיך געבען דיא גרעסטע מיה, אז מען זאל עס ענטדעקען. איך האב מיך ארומגעקוקט אין צימער. ניט ווייט פונ'ם בעט איז געשטאנען אן אלטער קאמאד (ביורא) מיט עטליכע שובלאדען. אויפ'ן קאמאד איז געלעגען א שמוציגעס שנופטוך מיט א נאדעל ארייגעשטעקט אין דער־מיט. איך בין געווען נייגיעריג צו זעהן, וואס עס טהוט זיך אין דיא שובלאדען פון דעם קאמאד. זיי זיינען ניט געווען פערשלאסען. איך האב זיי געעפענט און געפונען אייניגע אלטע פרויען־קליידער, שירצען און נאך אזעלכע אר־טיקלען. איך האב ווייטער געזוכט. אין איינעם פון דיא שובלאדען איז געווען א קליין קעסטעלע צוגעשלאגען. איך האב עס אויפגעריסען און האב געפונען דארט א פעקעל בריעף פערבונדען מיט א שמאלען געלען זיידענעם באנד. איך האב גענומען דיא בריעף צו מיר.

מיר זיינען נאך אייניגע מינוט געבליעבען אין צימער. אזוי וויא מיר האבען אבער ווייטער גאר ניט געפונען, זיינען מיר ארויסגעגאנגען. מיר האבען דייטליך געהערט דיא טריט פון א מענשען, וועלכע געהט פאר אונז. מיר האבען אנגעהויבען אראפצוגעהן פון דיא טרעפ. מיר הערן קלאר און דייטליך טריט פון א מענשען פאר אונז. מיר קוקען זיך אום — מיר זעהן קיינעם ניט. ווען איך בין געשטאנען אויף דער לעצטער טרעפ, האב איך געפיהלט, וויא מען האט געוואלט ארויסרייסען דאס פעקעל בריעף פון מיינע הענד. איך האב זיי שנעל בעהאלטען ביי מיר אין בוזים־קעשענע.

מיר זיינען אריינגעגאנגען אין אונזער שלאף־צימער. אלעס איז דראַט געווען שטיל און רוהיג, וויא מיר האבען עס געלאזען. ערשט יעצט

האב איך בעמערקט, אז מיין הונד איז מיר ניט נאכגעגאנגען, ווען איך און פראנק זיינען ארומגעגאנגען אין הויז. ער איז געלעגען לעבען אריווען און האט געציטערט.

איך בין געווען זעהר נייגיעריג צו לעזען דיא בריעף, וועלכע איך האב געפונען אין קאמאד אין איבערשטען שטאק. איך האב דאהער געהייסען פראנקען זיך נאך א מאל אומקוקען, אניעדערלעגען דיא געלא־דענע רעוואָלווערס אויפ׳ן טיש, לעבען מיין בעט און בערוהיגען דעם הונד. איך אליין האב מיך געזעצט אויפ׳ן בעט, האב ארויסגענומען מיין אוהר, האב זיא געעפענט און אניעדערגעלעגט אויפ׳ן טיש, אום איך זאָל וויסען דיא צייט, און האב אנגעהויבען צו לעזען דיא בריעף. איך האב געפיהלט, אז דיא בריעף וועלען מיר עפּעס ענטדעקען, עפּעס ערקלערן איבער דאס געהיימנים פו׳ם הויז.

דיא בריעף זיינען געווען קורץ. זיי זיינען געווען פון א מאן צו א פרוי, אדער א געליעבטער. ער האט זיא געבעטען, זיא זאָל אויף איהם ווארטען, ער וועט קומען. אין אייניגע ערטער האב איך געפונען א ווינק פון א שרעקליכעם געהיימנים, פון א פערברעכען. אין איין אָרט זיינען געשטאנען דיא ווערטער: „מיר מוזען ליעבען איינער דעם אנדערן". אין אן אנדער בריעף זיינען געשטאנען פאלגענדע ווערטער: „מיר זיינען פערלארען, ווען מען וועט דערפון געוואָהר־ווערן". אין א דריטען בריעף איז געשטאנען: „לאז קיינעם ניט געכטיגען מיט דיר אין איין צימער. דוא רעדסט פון שלאף און קענסט נאך אויסזאגען". ווייטער איז גע־שטאנען: „איך זאג דיר, אז מען קען אונז גאר ניט טהאן. דיא טויטע זאגען ניט אויס".

איך האב איבערגעלעזען אלע בריעף און האב א קוק געטהאן אויף דיא אוהר. עס איז געווען האלב נאך עלף. פראנק איז געלעגען רוהיג אויפ׳ן דיוואן אין זיין צימער. דיא טהיר איז געווען אָפען. איך האב מיך אנגעשפארט אויפ׳ן טיש און האב מיך פערטראכט. איך האב געזוכט

אויסצוגעפינען דעם זין פון דיא בריעף. ווער איז געווען דער שרייבער? פאר וואס האט דיא פרוי אזוי מורא געהאט? וואס פאר א שרעקליכעס פערברעכען איז בעגאנגען געווארען אין דיעזעס הויז? איך האב גאר ניט געקענט אויסגעפינען, גאר ניט געקענט אויסקלערן.

אזוי זיינען פערגאנגען א פופצעהן—צוואנציג מינוט. פלוצלונג האב איך געפיהלט, וויא א קאלטער ווינד האט בעריהרט מיינע באקען. איך האב געמיינט, אז דיא טהיר פון'ם פראנט־צימער האט זיך געעפענט. איך האב מיך צוגעקוקט — זיא איז פערשלאסען. דער הונד איז געלעגען רוהיג. פראנק איז געלעגען שטיל אין זיין צימער. אין דיעזעלבע מינוט האט זיך מיין אוהר אנגעהויבען לאנגזאם צו רוקען פון'ם טיש, לאנגזאם, לאנגזאם האט זיא זיך אראפגערוקט פון'ם טיש און איז פערשוואונדען געווארען. איך האב געחאפט דיא רעוואלווערס און האב זיי פעסט גע־האלטען. איך האב מורא געהאט, אז זיי זאלען אויך ניט פערשווינדען.

מיט ביידע רעוואלווערס אין דיא הענד האב איך אנגעהויבען צו זוכען דיא אוהר. — אומזיסט! זיא איז פערשוואונדען. איך האב מיך ווידער געזעצט אויף מיין בעט און האב געהערט דייטליך דריי קלעפ אן דעם בעט צוקאפענס.

— איהר קלאפט עס? האט פראנק געפרעגט.

— ניין! שלאף ניט, פראנק! האלט פעסט דיא מעסערס, האב איך איהם געזאגט. מיר האבען צו טהאן מיט א גוטע באנדע.

קוים האב איך עס אויסגערעדט, האט זיך דער הונד אויפגעהויבען. ער איז געווען שטארק דערשראקען. זיינע האר האבען זיך אויפגעשטעלט וויא שפיזלאך און ער האט געקוקט אלץ אויף דיא טהיר פון פראנק'ס צימער. אין דיעזעלבע מינוט איז פראנק ארויסגעלאפען פון זיין צימער מיט א שרעקליכען געשריי:

— אט, אט איז עס! עס לויפט מיר נאך! עס האלט מיך! זייט איך לעב האב איך ניט געזעהן א מענשען אזוי דערשראקען,

וויא פראנק איז געוועזן. ער איז געוועזן בלייך וויא קאַלך און האט געציטערט, וויא אין א פיעבער. זיינע צעהנער האבען געקלאפט איינער אן דעם אנדערן און זיינע האר האבען זיך אויפגעשטעלט אזוי הויך, אז דער הוט איז איהם אראָפגעפאַלען פון קאפּ.

— שטעה! ווארט! דערצעהל! וואס איז? האב איך געשריען.

ער האט מיך אבער ניט געהערט. ער האט אויפגעריסען דיא טהיר און איז אראָפגעלאפען פון דיא טרעפּ וויא א שטורמווינד. איך בין איהם נאכגעלאפען און האב איהם געבעטען, ער זאָל ווארטען. — אומזיסט! איידער איך בין אראָפּגעלאָפען פון דיא טרעפּ, האט ער געעפענט דיא טהיר אין גאס ארויס און איז פערשוואונדען. דיא טהיר האט ער פערמאכט מיט א שטארקען קלאפּ. איך בין יעצט געבליעבען אליין. איינינע מינוטען האב איך געטראכט, וואס איך זאל טהאן? זאָל איך אויך אנטלויפען אדער זאָל איך צוריקגעהן.

איך וואלט געוויס געוועזן אנטלאָפען, מיין שטאָלץ אבער האָט מיר ניט דערלאָזען. איך האב מיך געשעהמט פאר זיך אליין. איך בין שטענדיג געוועזן א פריידענקער און האב געלאכט פון גייסטער און פון שדים און יעצט, ביי דער ערשטער פּראָבע, זאָל איך אנטלויפען, וויא א נארר?

— ניין! האב איך אויסגערופען ענטשלאסען. זיינען עס גייסטער, מה איך וויסען זייער געהיימנים!

איך בין לאנגזאם ארויפגעגאנגען דיא טרעפּ, האב מיך אומגעקוקט. אלעס איז שטיל און רוהיג. איך האב ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס פראנק האט זיך אזוי שטארק דערשראָקען. איך האָב א קוק געטהאן אויף מיין הונד און בין געבליעבען ערשטוינט. ער איז געשטאנען אין א ווינקעל און האט געשטופּט דיא וואנד, גלייך וויא ער האט געוואָלט דורכברעכען דיא וואנד. דיא צונג האט איהם ארויסגעשטעקט, דיא אויגען זיינען געוועזן פערגאָסען מיט בלוט.—ער האָט מיך ניט דער־

קענם. איך האב איהם גערופען, האב געפייפט צו איהם; ער האט מיר ניט געענטפערט. איך האב מיך איינגעבויגען צו איהם און בין אפגע־שפרונגען מיט שרעק — ער איז משוגע! איך האב אין איהם געזעהן אלע צייכענס פון א משוגענעם הונד.

מיר איז ווידער געקומען אין קאפ דער געדאנק, איך זאל אנט־לויפען פון דאנען. צופעליגער ווייזע האב איך א קוק געטהאן אויפ'ן ב״ד, וואס איך האב מיטגענומען. דאס איז געוועזן א פילאזאפישעס ווערק, און וואונדערבאר, דאס בוך האט מיר איינגעפליסט מוטה. דיא שטומע בלעטער פון'ם בוך האבען גערעדט צו מיר, דער גייסט פון'ם פערפאסער פון'ם בוך האט מיך בערוהיגט און האט מיר געגעבען קוראזש צו בלייבען.

מיינע לעזער קענען מיינען, אז איך בין א בעריהמער אדער א ליג־נער. יעדער וועט געוויס זאגען, אז נאך דעם וואס איך האב געזעהן און געהערט אין דיעזעס הויז, האב איך געדארפט אנטלויפען, וואו דער שווארצער פעפער וואקסט. איך מוז אייך דאהער זאגען א פאר ווערטער איבער מיר אליין.

איך האב אין מיין לעבען אנגעזעהן פיעלע וואונדער־זאכען. איך האב געזעהן אלע מעגליכע גייסטער־ערשיינונגען. איך האב פראבירט מיט'ן טישעלע וואס דרעהט זיך; איך האב געזעהן, וויא הענד שרייבען אליין, פלייטען שפיעלען אליין, שטוהלען שפרינגען אליין און נאך אזעלכע וואונדער. איין זאך אבער האב איך בעמערקט ביי אלע דיעזע זאכען — א מענש מוז דערביי זיין. ווען מען לייגט ניט ארויף דיא הענד אויפ'ן טישעלע, וועט זיך עס ניט דרעהן. ווען דער מעדיום, דער מאגיקער, דער שווארצקינסטלער אדער דער מכשף גיט ניט קיין צייכען, וועט דיא האנד אליין ניט שרייבען, דיא פלייטע ניט שפיעלען און דער שטוהל ניט שפרינגען. איך האב געזעהן, ווי מען שלעפערט איינעם איין און מען הייסט איהם עפעס טהאן. ער טהוט עס. א מענש אבער מוז עס הייסען, א

מענש מוז איהם איינשלעפערן. איך האב געזעהן וואונדער, וועלכע איך קען מיר ביז אין היינטיגען טאג ניט ערקלערן. זיי האבען זיך אבער אליין ניט געמאכט. א מענש האט געמוזט זיין דערביי. איך בין דאהער געקר מען צו דער איבערצייגונג, אז קיין איבערנאטירליכעס איז ניטא און קען ניט זיין. קוים איז עס געשעהן, איז עס נאטירליך. איך וויים ניט, ווי אזוי צו רופען די קרעפטע, וועלכע ווירקען אויף אונזערע נערוען און ענטדעקען אונז וואונדערבארע זאכען. רופט זיי וויא איהר ווילט. רופט זיי עלעקטריציטעט, מעזמעריזמוס, היפנאָטיזמוס, ספּיריטואליזמוס—דער נאמען האט דא גאָר ניט צו זאגען — פּעסט שטעהט נור, אז איין מענש ווירקט אויפ'ן אנדערן און ניט איהם איבער א געהיימע קראפט.

דאס זיינען געוועזן די געדאנקען, וועלכע דאס פילאָזאָפּישע בוך אויפ'ן טיש האט אויפגעוועקט אין מיר און איך בין געוועזן פעסט איבער־צייגט, אז אלעס, וואס איך האב ביז אהער געזעהן, אדער וואס האָט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך זעה, קומט פון א מענשען, וועלכער גע־פינט זיך ערגעץ נאָהענט אדער וויים פון מיר און וויל, אז איך זאָל אלעס זעהן, אזוי וויא ער פערלאנגט.

דאס האט מיר געגעבען מוטה צו בלייבען אין דיעזעם הויז. איך האב גענומען דאס בוך און האב עס אנגעהויבען צו לעזען. יעצט ערשט האב איך בעמערקט, אז וואס מעהר איך האב מיך פערטיעפט אין בוך, אלץ מעהר מוטה האָב איך געפאסט און אלץ מעהר קוראזש האב איך בעקומען. איך האב יעצט פערשטאנען, אז ווען איך דערשרעק מיך א מינוט און הייב אן צו דענקען פון איבערנאטירליכע זאכען, בין איך פער־לאָרען. איך האב דאהער ווייטער געלעזען און האב אנגעהויבען מיך מעהר צו פערטיעפען אין די פילאָזאָפּישע געדאנקען פונ'ם בוך. מיין קאָפּ איז געבליעבען קלאר, מיינע געדאנקען ריין און איך בין ענדליך געוועזן צו־פריעדען, וואס איך בין געבליעבען.

איך האב נור וואס געוואָלט איבערקעהרען א בלעטעל אין בוך

און האב געפיהלט, אז דאס בלעטעל לאזט זיך ניט איבערקעהרן. איך האב אויפגעהויבען דעם קאפ און האב דערזעהן — וואס? איך קען עס ניט בעשרייבען. עס איז געווען א שאטען, א שטיק פינסטערניס. איך קען ניט זאגען, אז עס האט געהאט א מענשען-געשטאלט, איך קען אבער ניט זאגען, אז עס האט גאר קיין געשטאלט ניט געהאט. מיר איז געווארען שרעקליך קאלט. ווען אן אייז-בערג זאל געווען שטעהן לעבען מיר, וואלט מיר דאכט זיך אזוי קאלט ניט געווען. די פינסטערניס איז באלד געווארען גרעסער און האט דערגרייכט די דעק, באלד איז זיא געווארען קלענער, נור עטוואס העכער פון מיין שרייב-טיש. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז א פאר אויגען קוקען אויף מיר. איך קען עס אבער ניט זאגען פאר געווים, ווייל פון צייט צו צייט זיינען ארומגעשפרונגען קליינע בלויע פלאמען דורך די פינסטערניס.

איך האב געוואלט רעדען, עפעס זאגען. מיין האלז איז אבער געווען ווי צוגעבונדען. איך האב ניט געקענט עפענען די ליפען. איך האב געוואלט אויסשיעסען מיט'ן רעוואלווער; אין דער מינוט אבער ווען מיינע פינגער האבען געוואלט שיעסען, האב איך געפיהלט אויף מיין האנד און אויף דער פלייצע א לייכטען זעץ, ווי פון אן עלעקטרישער באטעריע. איך האב געפיהלט, אז יעצט איז געקומען די וויכטיגסטע מינוט. וועל איך יעצט פערליערען דעם מוטה און וועל מיך דערשרעקען, בין איך פערלארען. צום גליק, איז מיין בליק ווידער געפאלען אויפ'ן בוך לעבען מיר. דאס האט מיך געראטעוועט.

— איך האב פאר דיר קיין מורא ניט! האב איך אויסגעשריען ניט מיט מיין קול און בין צוגעשפרונגען צום פענסטער.

מיט איבערמענשליכע קראפט האב איך אויפגעריסען די לאדען און געעפענט דאס פענסטער. אין דרויסען האט געשיינט דער מאנד. די קאלטע נאכט-לופט האט איינגעדרונגען אין צימער און האט מיך דערפרישט. איך בין לעבעדיג געווארען, איך בין מונטער געווארען. איך

**האב** מיך אומגעקעהרט און האב א קוק געטהאן אין צימער. דיא פינסטערניס איז פערשוואונדען.

איך האב מיך וויעדערגעזעצט אויפ'ן בעט לעבען טיש. אלעס איז נאך געלעגען אויפ'ן אָרט. איך בין געזעסען אזוי א פאר מינוט, ווען א האנד האט זיך געוויעזען. יעצט האב איך דייטליך געזעהן, אז דאס איז א האנד פון פלייש און בלוט, א האנד, וויא מיין אייגענע, נור פיעל קלענער — א פרויען־האנד. לאנגזאם האט דיא האנד גענומען דאס פעקעל בריעף פונ'ם טיש און איז פערשוואונדען. אין דיעזע סעקונדע האב איך וויטער געהערט דריי קלעפ אין מיין בעט צוקאָפּענס.

דאס גאנצע צימער, פיעללייכט דאס גאנצע הויז, האט אנגעהויבען צו ציטערן און צו שאָקלען זיך, וויא ביי אן ערד־ציטערניש. פונ'ם קליינעם צימעריל האבען אנגעהויבען ארויסצוקריעכען קליינע פייעריגע שטערן פון אלערליי פארבען: רויט, גרין, געל, בלוי און ווייס. זיי האבען געטאנצט, געשפרונגען און געדרעהט זיך אין אלע צימערן. א שטוהל, וועלכער איז ביז א הער געשטאנען רוהיג אין פראָנט־צימער, האט זיך אנגעהויבען לאנגזאם צו רוקען און איז צוגעקומען ביז צו מיין טיש. דא איז ער געבליבען שטעהן. באלד האט זיך געוויזען אויפ'ן שטוהל א פרויען געשטאלט אין ווייסע קליידער מיט לאנגע בלאָנדע האר צואוואָרפען אויף דיא פלייצעס. זיא איז געזעסען מיט'ן געזיכט צו דער טהיר, גלייך וויא זיא וואָלט איינעם ערוואַרטעט.

פון דער טהיר האט זיך באלד געוויעזען אן אנדער געשטאלט, א געשטאלט פין א יונגען מאן. לאנגזאם, טריט ביי טריט איז ער צוגעגאנגען צו דער יונגער פרוי. קוים אבער איז ער צוגענאנגען צו דער פרוי, האט זיך וויעדער געוויעזען דער שאטען, דיא פינסטערניס און האט זיי ביידען פערשטעלט. מיר איז וויעדער קאלט געוואָרען. דאמאלס אבער האב איך דייטליך געפיהלט, אז דיא קעלט קומט פונ'ם אָפענעם פענסטער. **דאס האט מיר צוגעגעבען אזוי פיעל מוטה, אז איך האב ניט**

אראפגעלאזען קיין אויג פון דער פינסטערניש און האב געפיהלט, אז דאס איז דער מיטעל־פונקט, דער פאָקוס פון דעם גאנצען געהיימניס.

באלד האבען דיא קליינע, פייעריגע קוגלען, וועלכע זיינען דיא גאנצע צייט ארומגעשפרונגען אין צימער, אנגעהויבען צו פּלאַצען, וויא אייער, וואס ליגען ביי א פייער, און פון זיי זיינען ארויס אלערליי געשטאַלטען. שרעקליכע, אבשייליכע, שוידערהאַפטע געשטאַלטען. זיי האָבען געטאנצט, געשפּרונגען, זיך געדרעהט, נאכגעיאגט איינער דעם אנדערן, וויא לוסטיגע קינדער.

וואונדערבאר! זיי האבען מיך ניט געקימערט, איך האב מיך אויף זיי זאגאר ניט פיעל אומגעקוקט. זיי זיינען מיר פאָרגעקומען, וויא דיא קונסט־שטיקע פון א טאשען־שפּיעלער. מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט איז געווען געריכטעט אויף דיא פינסטערניש. א פּאר גרויסע, שרעקליכע, אבשייליכע אויגען האבען זיך געוויעזען און האבען געקוקט אויף מיר, וויא דיא שלאנג קוקט אויף דאס פייגעלע אדער דעם האז, וועלכען זיא וויל פערשלינגען. איך האב געפיהלט, אז דאס איז ניט קיין מענש, זאָנדערן דער ווילען פון א מענשען, וועלכער וויל מיך בייגען, מיך איינגעהמען, מיך גובר זיין. איך האב געוואוסט, אז דאס איז א שטארקער, שלעכטער בייזער ווילען און האב מיך ענטשלאסען צו קעמפּפען, צו ראַנגלען זיך ביז צו לעצט.

עס האט זיך אנגעהויבען א קאמפּף, א שטרייט, א ראַנגלען זיך צווישען מיין ווילען און דעם ווילען פון א פרעמדען, מיר אונבעקאנטען, שלעכטען מענשען. — איך האב אויסגעהאלטען. איך האב געזיעגט. דיא פּאר אויגען האבען זיך אוועקגעקעהרט פון מיר. יעצט האט זיך דיא פרוי אין דיא ווייסע קליידער אומגעקעהרט מיט'ן געזיכט צו מיר, אויף איהר ברוסט איז געווען א גרויסער רויטער פלעק — בלוט.

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר פון'ם צימער, וואו פראנק איז געשלאָפען, און עס האט זיך געוויעזען אן אנדער פרויען־גע־

שטאלט, אן עלטערע פרוי. זיא האט געהאלטען דיא בריעף, וועלכע איך האב געלעזען און וועלכע זיינען אזוי פלוצלונג פערשוואונדען.

אבערמאלס האבען זיך געלאזט הערן דריי לאנגזאמע קלעפ, אבערמאלס האט דאס צימער אנגעהויבען צו ציטערן. דיא פינסטערניס האט זיך אויסגעצויגען, איז גרעסער געווארען און האט אלעס פערהילט און פערדעקט. דיא ליכט אויף מיין טיש זיינען געוואָרען דונקעל, דאס פייער אין אויווען איז געוואָרען דונקעל, אלעס איז געווארען דונקעל און פינסטער. דאס האט געדויערט א גאנץ קורצע צייט. דיא פינסטערניס האט לאנגזאם, צוביסלעכווייס צוריקגעצויגען. דיא ליכט האבען אנגעהויבען צו ברענען העלער, דאס פייער אין אויווען האט ווייטער אויפגעפלאמט. ענדליך איז געווארען גאנץ שטיל און רוהיג. דאס דראמא האט זיך געענדיגט.

איך האב מיך אומגעקוקט. דיא טהירען זיינען פערשלאָסען. אלעס ליעגט אויף איין אָרט, נור צוויי זאכען פעהלען — דאס פעקעל בריעף און מיין אוהר. איך האב א קוק געטהאן צו מיין הונד — ער איז נאך אלץ געלעגען אין ווינקעל, וואו איך האב איהם פריהער געזעהן. איך האב איהם גערופען — ער ריהרט זיך נים. איך בין צוגעגאנגען צו איהם — ער איז טוידט. דיא אויגען זיינען איהם ארויס פון קאָפּ און ווייסער שוים האט בעדעקט זיין מויל.

דער הונד האט מיר זעהר לייד געטהאן. ער איז שוין ביי מיר לאנג געווען און איז געווען אן עבטער ניופונדלענדער. מען האט מיר געוואָלט געבען פאר איהם צוויי הונדערט פונט סטערלינג און איך האב איהם נים געוואָלט פערקויפען. איך האב גענומען דעם הונד און האב איהם צוגעטראגען צום פייער. איך האב געמיינט, טאמער וועט ער זיך דאך אויפהאפען. וויא גרויס אבער איז געווען מיינע איבערראשונג, ווען איך האב דערזעהן, אז זיין גענים איז צובראכען. דער קאָפּ איז געפאלען אויפן רוקען.

— נו, דאס האט שוין געווים א מענש געטהאן, האב איך מיך געטראכט. עס קען אנדערש ניט זיין. א מענשליכע האנד האט געטויד־טעט מיין הונד.

איך בין געווארען אזוי בייז און אויפגערעגט, אז איך האב מיך ענטשלאסען צו ענטדעקען דיא געהיימניס פון דיעזעס הויז און צערשטערן דאס נעסט פון דיא גייסטער. איך האב געווארט מיט אונגעדולד, עס זאל שוין ווערן טאג. איך האב לאנג ניט געווארט. ווען איך האב א קוק געטהאן אין פענסטער, האב איך דערזעהן צו מיין גרעסטער פרייד, אז עס הייבט שוין אן צו טאגען. איך האב באלד געעפענט אלע פענסטער, גלייך וויא איך האב געוואלט אריינרופען דעם טאג אין דיעזעס הויז.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין שלאף־צימער, האב איך געפונען מיין טאשען־אוהר וויעדער אויפ'ן טיש. זיא איז אבער ניט געגאנגען. זיא איז געבליעבען שטעהן פונקט צוועלף.

עס איז געווארען העלער און העלער. אין דיא גאסען האט אנגע־הויבען צו רוישען און צו קלאפען. איך האב יעצט אנגעהויבען נאך א מאל צו בעטראכטען דאס הויז. אלעס איז געווען שטיל און רוהיג, וויא אין יעדעס אנדערע הויז. איך בין צוגעקומען צום קליינעם צימעריל אין האל, האב עס געעפענט אין בין אריינגעגאנגען. אויף מיר איז וויעדער אנגע־פאלען א שרעק און איך בין באלד ארויסגעגאנגען. אין דרויסען איז דער־וויל געווארען העלער טאג. באלד האט זיך געוויעזען דיא זון. איך האב פערמאכט דיא טהירען און בין אראפגעגאנגען פון דיא טרעפ. איך האב וויעדער געהערט גאנץ דייטליך דיא טריט פון א מענשען פאר מיר. ווען איך האב געעפענט דיא גאסען־טהיר און בין ארויסגעגאנגען אויף דער גאס, האב איך דייטליך געהערט א שטילעס, אבער א בייזעס, בייסענדעס געלעכטער הינטער זיך.

אויפ'ן וועג א היים האב איך אלץ געטראכט פון דעם, וואס איך האב דורכגעלעבט דיעזע נאכט אין גייסטער־הויז. איך בין געווען פעסט

איבערציינט, אז צווי זאכען האבען מיך נערעטעט: דאס בוך און דאס פענסטער וואס איך האב פלוצלונג געעפענט אין מיין שלאף-צימער. דאס בוך האט מיר געגעבען מוטה צו קלערן, אז דאס איז ניט איבערנאטירליכעס, דאס פענסטער האט אריינגעלאזען פרישע לופט, וועלכע האט מיך געשטארקט. איך בין ווייטער געווען פעסט איבערציינט, אז אין דעם קליינעם צימעריל ליעגט ערגעץ בעגראבען דיא גאנצע געהיימניס פון דיעזעם הויז. איך האב מיך פעסט ענטשלאָסען, איך זאל עס ענטדעקען, עס מעג מיר קאָסטען, וויא פיעל עס איז.

דיא ערשטע פראגע, וואס איך האב געמאכט, ווען איך בין געקומען צו מיר א היים, איז געוועז, אויב מיין דיענער, פראנק, איז אין דער היים? ער איז ניט געווען אין דער היים און קיינער האט איהם זייט געסטערן ניט געזעהן.

— ער וועט געוויס באלד קומען, האב איך מיר געטראכט.

איך בין געווען זעהר מיעד און אויפגערעגט. איך האב דאהער באלד אויסגעטרונקען א גלאז גוטען שעררי ווין און האב מיך געלעגט שלאפען. איך האב אבער אויף קיין פאל ניט געקענט אנטשלאפען ווערן. איך האב מיך געקייקעלט אויף מיין געלעגער און האב ניט געקענט צו מאכען אן אויג. איך בין ענדליך אויפגעשטאנען און בין געגאנגען צו מיסטער דשאנס, דעם לענדלאָרד פון'ם גייסטער-הויז. ער איז געווען אין דער היים און האט מיך עמפפאנגען פריינדליך, וויא געסטערן.

— נו, מיין ליעבער העהר? האט ער מיך געפרעגט און א זאָנדערבארער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף זיין בלייכעם געזיכט. האט איהר גענעכטיגט אין גייסטער-הויז? וועט איהר וועלען נאך א מאל דאָרט נעכטיגען?

מיר איז ניט געפעלען מיסטער דשאנס שמייכעל. עס האט מיר אויסגעוויעזען, אז ער לאכט פון מיר.

— איך מיין, אז עס וואָלט ניט שווער געווען אויסצוגעפינען דאס

געהיימניס פון דיעזעס הויז, האב איך איהם געזאגט, ווען איהר זאָלט מיר נור ערלויבען דורכצוהאקען איינינע ווענט, בעזאָנדערס דיא ווענט פון קליינעם צימעריל אויפ'ן ערשטען פלאָר אין האָל.

— יעדער, ווער עס נעבטינט דאָרט, זאגט, אז ער וועט אויסגע־פינען דאס געהיימניס, ווען מען זאל איהם ערלויבען צו האקען, צו ברעכען און צו גראבען. איך זאָל וועלען, יעדען פאָלגען, וואלט איך געדאַרפט דאס גאנצע הויז צו ווארפען און אויסבוען א ניי הויז.

— פארוואס זאָלט איהר עס טאקע ניט טהאן?

— איך בין שוין אלט דערצו. לאז עס אן אנדערער טהאן.

— איהר פערלירט דאך אבער דעם רענט?

— איך בין רייך גענוג און דארף ניט דעם רענט.

מיט יעדעס וואָרט, וואס מיסטער דשאנס האט ארויסגערעדט איז ער מיר אלץ מעהר ניט געפעלען. דיא גאנצע צייט, וואס ער האט גע־רעדט מיט מיר, האט ער אלץ געהאלטען דיא אויגען אראָפּגעלאזען און איך האב ניט געקענט איהם קוקען אין דיא אויגען.

— קענט איהר מיר ניט זאגען, ווער איז געווען דיא פרוי, וועלכע איז ביז אהער געווען הויזקיפּערין און וועלכע איז ניט לאנג געשטארבען אין נייסטער־הויז? האט זיא פריינד, פערוואנדטע, בעקאנטע?

דיעזע פראגע האט איבערראשט מיסטער דשאנס. איך האב גוט בעמערקט, אז ער האט א ציטער געטהאן און האט אראָפּגעלאזען דעם קאָפּ נאך ניעדעריגער.

— אלעס, וואס איך וויים פון דיעזער פרוי, האב איך אייך שוין געכטען דערצעהלט, האט ער געזאגט אונגעדולדיג. מעהר וויים איך ניט און וויל ניט וויסען. מיך וואונדערט, וואס איהר אינטערעסירט זיך אזוי מיט דיעזעם הויז. איך אינטערעסיר מיך גאנץ ווענינ. איך וועל עס פערשלאגען און פערשליעסען. לאזען דיא נייסטער טהאן, וואס זיי ווילען. איך האב יעצט דייטליך געזעהן, אז מיסטער דשאנס וויל ניט, אז

מען זאל ענטדעקען דאס געהיימניס פונ'ם הויז. דאס האט מיך פערדראָסען און איך האב מיך נאך פעסטער ענטשלאָסען צו ענטדעקען דיעזעס געהיימניס. איך האב נור געזוכט א מיטעל, וויא אזוי איך זאל עס טהאן. וואס וועל איך טהאן, ווען מיסטער דשאנס וועט זיך איינשפארען און וועט ניט וועלען פערדינגען אדער פערקויפען דאס הויז?

ס'איז פערגאנגען א טאג און צוויי. מיין דיענער, פראנק, איז אלץ ניט געקומען א היים. איך האב שוין אנגעהויבען אונרוהיג צו ווערען וועגען איהם. אויפ'ן דריטען טאג האב איך ערהאלטען פון איהם א קורץ בריעוועלע, אין וועלכען ער האט מיר געשריעבען, אז ער איז אוועקגעפאהרען קיין אויסטראליען. ער האט זיך עטליכע מאל ענטשולדיגט, וואס ער איז אנטלאפען אין יענע נאכט און האט מיך געלאזען אליין. אם ענדע האט ער מיך געבעטען, איך זאל אפשיקען זיינע זאכען און דאס געלד, וואס איז איהם געקומען, צו זיינעם א ברודער ערגעץ אין א קליין שטעדטעל אין שאָטלאנד.

— אלזא, איז ער אויך אין דער באנדע? האב איך מיך געטראכט. האט מען איהם אומיסטען אוועקגעשיקט קיין אויסטראליען? ער איז שוין געוועזען ביי מיר עטליכע מאנאטען און האט מיר קיין מאל ניט געזאגט, אז ער וויל פאהרען קיין אויסטראליען.

איך האב אפגעשיקט זיינע זאכען און וויפיעל איהם האט געקומט, וואוהין ער האט געבעטען און האב פון איהם מעהר ניט געהערט.

דאס גייסטער־הויז האט מיך ניט געלאזט רוהען. וואס איז דארט? וואס פאר א פערברעכען אדער א שווינדעל ליעגט דארט בעגראבען? ווער זיינען דיא גייסטער? איך האב מיך ענדליך ענטשלאסען צו ווענדען זיך צום שעף פון דער לאנדאנער פאליציי. איך האב איהם געבראכט א רעקאמענדאציאנס בריעף פון איינעם פון דיא גרעסטע לאָרדס אין ענגלאנד, אין וועלכען דער לאָרד האט איהם געבעטען, ער זאל טהאן פאר מיר, וואס ער וועט נור קענען. איך האב איהם דערצעהלט דיא

גאנצע געשיכטע מיט דער גייסטער־הויז און וואס איך האב דארט געזעהן; און געהערט. דיא זאך האט איהם זעהר פעראינטערעסירט. מיר האבען זיך בעראטהען, וואס צו טהאן. איך האב איהם געזאגט, אז איך בין ענטשלאסען צו רענטען אדער צו קויפען דאס הויז אום צו וויסען, וואס דארט איז.

ער האט גערופען איינעם פון זיינע בעסטע דעטעקטיווס און האט איהם געהייסען געהן רענטען דאס הויז ביים לענדלארד. מיסטער דשאנס האט איהם אויך אויפגענומען פריינדליך און האט איהם געזאגט, אז ער וועט איהם מיט פערגעניגען פעררענטען דאס הויז, ער ווייס אבער פאר געוויס, אז ער וועט דארט ניט קענען וואינען, ווייל עס האלטען זיך דארט אויף גייסטער. דער דעטעקטיוו האט איהם געענטפערט גאנץ גלייכגילטיג, אז ווען ער וועט דארט ניט קענען וואינען, וועט ער זיך ארויסציעהען. מיסטער דשאנס האט איהם געגעבען דיא שליסעל און האט געמאכט מיט איהם א קאנטראקט אויף א יאהר.

קוים האט דער דעטעקטיוו געהאט דיא שליסעל פון'ם הויז, האבען מיר גענומען ארבייטער און פאליסלייט און זיינען געגאנגען צום גייסטער־הויז. צוערשט זיינען מיר אריין אין דעם קליינעם צימערל. אויף אלעמען איז אנגעפאלען א שרעק. דיא ארבייטער, וועלכע האבען גאר ניט געוואוסט, אז דא האלטען זיך אויף גייסטער, האבען גלאט געפיהלט, אז עס איז זיי אונאנגענעהם און זיי האבען געוואלט אוועקגעהן. באלד איז אבער אנגעקומען דער שעף פון דער לאנדאנער פאליציי און האט זיי געהייסען ארבייטען. ווען זיי האבען ארויסגעווארפען דיא שאכטלען און דיא קאסטענס, וועלכע זיינען געשטאנען אנגעלעגט אין ווינקעל, האבען מיר דערזעהן א פאלטהיר, וויא אין א קעלער. זיא איז געווען פערקייטעלט, אבער ניט פערשלאסען. מען האט געעפענט דיא טהיר און מען האט געזעהן, אז זיא פיהרט ערגעץ אין א קעלער. איך האב געהייסען ווייטער אויפרייסען דעם פלאר, מיט שטיינער האבען מיר דערזעהן א גאנצען

בינטעל מיט דראָטהען, וועלכע האבען זיך פון דארטען געצווייגען דורך די וועגט אין אלע זייטען פון׳ם הויז. — איבערהאקען די דראטהען! האב איך אויסגערופען.

מען האט איבערגעהאקט די דראטהען. דער שרעק, וועלכען מיר האבען אונגערן געפיהלט ביז אהער, איז פערשוואונדען געווארען פון זיך אליין. די ארבייטער האבען אנגעהויבען פלייסיג און מונטער צו ארבייטען און צו רייסען דעם פלאָר. איבעראל האבען זיך געצווייגען די דראטהען. ענדליך האבען מיר זיך אנגעהויבען אראפצולאזען אין די פאלטהיר נאך דעם וויא מיר האבען ארומגעהאקט די דראטען. מיר האבען געפונען א גאנץ שמאלע, נעדרעהטע טרעפ, וועלכע האבען געפיהרט אין א צימער גאנץ טיעף אונטערן קעלער. זעלבסטפערשטענדליך, אז מיר האבען מיטגענומען ליכט און לאטערנען, ווייל די טרעפ און דאס צימער זיינען געווען שרעקליך פינסטער.

אין צימער זיינען געשטאנען דריי אלטמאדישע שטוהלען, א טיש, א קאמאד און א גרויסער אייזערנער קאסא־קאסטען. אין קאמאד זיינען געלעגען מענער קליידער פון א זאנדערבארען שניט. דאס זיינען געווען קליידער, וועלכע די בראהמינען (די נייסטליכע) אין אינדיען טראגען. אין א פערשלאסענער שובלאדע, וועלכע מיר האבען אויפגעריסען, האבען מיר געפונען גאלדענע און זילבערנע מטביעות, מייסטענס פון אינדיען.

יעצט איז געקומען דאס שווערסטע — צו עפענען דעם קאסא־קאסטען (סייף). מען האט געבראכט די בעסטע שלאָסער אין לאנדאן קיינער האט איהם ניט געקענט עפענען. מען האט איהם געמוזט אויפזעגען. מיר האבען דערזעהן א גאנצע אפטהעק. אלערליי פלעשער און פלע־שעלעך זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט אויף פּאליצעס (שעלווס). אויף איין פּאָליצע איז געשטאנען א קליינעס בילד איינגעפאסט אין א גאָלדען ריימעל. איך האב גענומען דאס בילד און האב עס בעטראכט. עס איז געווען דאס בילד פון דער יונגער פרוי, וואס איך האב געזעהן ביי נאכט

זיצען ארפ'ן שטוהל לעבען מיין בעט. אויף דער אנדערער זייט פון'ם בילד איז געווען אנגעשריעבען: „מארינא — דיינער אויף אייביג! אין לעבען און טויט". לעבען בילד איז געלעגען א גרויסער און שווערער מאגנעט.

מיר האבען געמיינט, אז מיר זיינען שוין פערטיג און האבען געוואלט אוועקגעהן, ווען דער דעטעקטיוו האט ענטדעקט, אז דער אייזערנער קאסטען האט נאך א וואנד. מען האט אויפגעזעגט דיא אנדערע וואנד. דארט איז געווען נור איין פאליצקע. אויף איהר איז געלעגען א פיער־עקיגע ברעטעלע, וויא א בוך דיא גרויס און אויפ'ן ברעטעלע איז געשטאנען א ווייסע שיעסעל פול מיט א העל קלאר וואסערל. אויפ'ן וואסעריל איז ארומגעשוואומען א קאמפאס, וועלכער האט זיך געדרעהט אין אלע זייטען. איך האב געוואלט נעהמען דאס ברעטל אדער דאס בוך — עס איז געווען אונמעגליך. איך האב גענומען דיא שיעסעל מיט'ן וואסעריל. דער קאמפאס האט זיך אנגעהויבען צו דרעהן. עס האט זיך פערברייטעט א שרעקליכער, אבשייליכער גערוך. אויף אלעמען, וועלכע זיינען געווען אין צימער, איז אנגעפאלען א שרעק און זיי האבען אנגעהויבען צו ציטערן. איך האב באלד דערקענט דעם גערוך. איך האב איהם שוין געפיהלט אין יענער שרעקליכער נאכט און דערנאך האב איך אויך געציטערט, אז דיא שיעסעל איז מיר ארויסגעפאלען פון דער האנד, דאס וואסעריל האט זיך אויסגעגאסען, דער קאמפאס האט זיך אוועקגעקייקעלט ערגעץ אין א ווינקעל. איך האב געפיהלט א זעץ, וויא פון אן עלעקטרישער מאשינע און דיא גאנצע געביידע האט אנגעהויבען צו ציטערן. דיא ארבייטער האבען זיך אזוי דערשראקען, אז זיי האבען געוואלט אנטלויפען און מען האט זיי קוים איינגעהאלטען.

באלד אבער איז אלעס געוואָרען רוהיג. דער שרעק איז פערשוואונדען.
מיר האבען געלאכט איינער פון׳ם אנדערן, פאר וואס האבען מיר זיך דערשראקען? יעצט האב איך פראָבירט נעהמען דאס ברעטעל, איך האב עס גענומען זעהר לייכט, אבער עס איז געווען צוגעבונדען צו א דראָהט. ערשט יעצט האבען מיר דערזעהן, אז אלע דראָטהען האבען זיך פעראייניגט מיט דיעזען ברעטעל. מען האט אפגעשניטען דעם דראָהט און איך האב גענומען דאס ברעטעל, עס איז געווען צוויי זילבערנע טאוולען, צווישען זיי איז געלעגען א בייגעלע פאפיר, אויף וועלכען עס זיינען געווען אנגעשריעבען פאָלגענדע ווערטער:

„ווער עס וועט קומען אין דיעזעס הויז, דער זאל זיך שרעקען און זיין אונרוהיג, אזוי וויל איך. אזוי וויא דער קאָמפּאס דרעהט זיך, אזוי וועט ארבייטען מיין ווילען. פלוך איבער יעדען, ווער עס וועט קומען אין דיעזעס הויז".

מיר האבען ווייטער אונטערזוכט דיא דראָטהען און מען האט געפונען, אז איין דראָטה ציהט זיך ביז מיסטער דשאנס וואָינונג. דער דעטעקטיוו און פּאָליסלייט זיינען געגאנגען פרעגען איהם, וואס דאס בעדייטעט.

— מיסטער דשאנס איז אוועקגעפאהרען קיין אינדיען, האט דער הויזקיפּער געענטפערט.

יעצט האט ערשט דיא פּאָליציי רעכט אנגעהויבען נאכצופארשען, וואס אין דעם הויז איז פארגעקומען און מען האט ענטדעקט א שרעקליכען פערברעכען. מען האט ווייטער אויסגעפונען, אז דער מאן פון דער געשטאָר־בענער הויזקיפּערין און איהר קינד זיינען מיט עטליכע יאהר צוריק געטויטעט געוואָרען אין דעמזעלבען הויז. אין 1838 איז אין דיעזעס הויז ערמאָרדעט

געוואָרען א מאן, א פרוי און א קינד. אין 1843 איז ווידער א גאנצע פאמיליע ערמאָרדעט געוואָרען אין דעמזעלבען הויז.

מיין אוהר איז זייט יענער נאכט געבליעבען שטעהן. איך האב זיא געגעבען צו דיא בעסטע אוהרמאכער אין לאנדאן, קיינער האט זיא אבער ניט געקענט רעפּארירען. זיא פלעגט געהן א פּאר שטונדען און פּלוצלונג בלייבען שטעהן. קיינער האט ניט געקענט פערשטעהן, פארוואס דאס איז. ענדליך האט אן אוהרמאכער אויסגעפונען, אז דיא אייזערנע רעדלעך פון דער אוהר זיינען געוואָרען מאגנעט. קוים האבען זיי זיך בעריהרט מיט אייזען אדער געלעגען ניט וויט פון אייזען, האט עס זיי צוגעצויגען.

יעצט וואוינט דאָרט מיין פריינד, וועלכער האט מיר צוערשט דערצעהלט פון דיעזעס גייסטער-הויז. ער זאגט, אז זייט ער לעבט, האט ער נאך ניט געהאט אזא רוהיגע און בעקוועהמע וואוינונג.

**ע נ ד ע**

# דאס קעסטעלע בריליאנטען.

### אן אינטערעסאנטע ערצעהלונג

### פון

### מ. ד. ה.

## א.

## דער דאָקומענט.

עס וואר שוין שפעט נאך האלבע נאכט, דיא גאסען פון סאן פראנציסקאָ, וואס זיינען אימער רוישענד, זיינען שוין אויך ביי דיעזער צייט רוהיג געוואָרען; נאָר דאָ און דאָרט האבען זיך נאך שפּאצירט א פּאָר חינעזער און האבען פערבראכט אין געשפּרעך אויף דיא טראָטוארען. אין א צימער פון א שעהנעס פיער־שטעקיגעס הויז, ביי דער שיין פון א שעהנער לאמפּע, איז געזעסען א יונגער מאן איבער א צייטונג שטארק פערטראכט. ער וואר טיעף פערזונקען אין געדאנקען, ווען מען זאָל אפילו געוואָלט לעבען איהם אויסשיסען מיט קאנאָנען, וואָלט ער אויך ניט געהערט. אויף דער צייטונג איז געלעגען א ווייסער בויגען פּאפּיער, און מיט א פעדער אין דער האנד, האט ער יעדעס מאָל פּראָבירט עפּעס איבערצו־שרייבען אדער אויסצולעגען. אבער זיין גאנצע אנשטרענגונג, האט איהם גאר ניט געהאָלפען, ער איז נאך אימער ביי דעם זעלבען געשטאנען, וויא ער האט אנגעפאנגען.

דיעזע פערזאן האט אויסגעזעהן א מאן פון א יאהר 25. הויך גע־וואקסען, שטארק געבויט און זיין געזיכט האט פאָרגעשטעלט איינע פון דיעזע פערזאָנען, וואס בעזיצען אין זיך מוטה און ענטשלאָסענהייט. דען אונטער זיינע ברעמען האבען געגלאנצט צוויי אויגען, וואס וואָרען פול פייער און זיין ברייטער, קלוגער שטערן, וואר יעצט בעדעקט מיט גרויסע

טראָפּען שוויס. זיין גאנצעס געזיכט האט פאָרגעשטעלט א פערצוויי־פעלטען מענשען, וואס ווייס זיך קיין עצה צו געבען, וויא אזוי ער זאָל קענען זיין ציעל עררייכען.

דיא צייטונג וואס איז פאר איהם געלעגען, האט ענטהאלטען אן ארטיקעל פון א בעקענטען רייזענדען, וועלכער האט וועהרענד זיין רייזע אין דעם אומגעגענד פון דיא „ווילד ועסט“ ענטדעקט אן אויפשריפט אויף אן אייבענהאָלץ־קלאָץ און דיא זעלבע אויפשריפט איז פאָטאָגראַפירט געוואָרען און אבגעקאפירט געווארען אין אלע צייטונגען פון סאַן־פראַנציסקאָ, וואוהין דער רייזענדער איז אנגעקומען. דיא פאָטאָגראַפיע און דאס איבערקאָפירען אין דיא צייטונגען, האט אבער דעם אזוי שוין אויך גענוג שלעכטען אָריגינאַל, נאך פיעל מעהר פערדאָרבען, דאס קיין פילאָלאָג און קיין חרטומים־כתב־לעזער איז אימשטאנד געוועזן צו ענטדעקען וואס דאָרט איז געשריעבען. אלעס וואס דיא צייטונגען האבען געקענט זאגען, וואר נאָר, אז דער רייזענדער האט ערקלערט אז דער אייבענהאָלץ־קלאָץ, אויף וועלכען ער האט דיא אויפשריפט געפונען, שיינט זעהר אלט צו זיין און נאך א וויסענשאפטליכע אונטערזוכונג האט זיך ארויסגעשטעלט, דאס דיא אויפשריפט זאָל אלט זיין ביי א. ערך פון 400 יאהר. דאס האט דערפאר געמוזט געשעהן וועהרענד דער ערשטער צייט וואס אמעריקא איז ענטדעקט געוואָרען און מען איז געוועזן זיכער, אז דיא שריפט איז פון אן אייראָפּייער און ניט פון קיין אינדיאַנער; וויל דיא ארט וויא אזוי דאס שרייבען וואר און דיא בוכשטאבען, זיינען ענהליך געוועזן צו אייראָפּייאישער שריפט מאנכע בוכשטאבען האט מען שוין זאגאר געהאט ענטציפערט און ווען מען האט שוין געבילדעט א וואָרט, האט קיינער ניט געקענט וויסען וואס דאס בעדייט.

מארקוס ריעזמאן, וואר אנגעשטעלט אלס בוכהאלטער אין איינעם פון דיא גרעסטע געשעפטען אויס סאַן־פראנציסקאָ. ער וואר א רוסישער יונגער מאן, וואס האט מיט איניגע יאהר צוריק געשפּיעלט א גרויסע

ראָלע צווישען זיינע אידישע ברידער אין רוסלאנד, אלס א הויכגעבילדעד־טער מענש. דיא אידען=פערפאָלגונג אין רוסלאנד האט איהם אבער גע־צוואונגען ער זאָל זיין סטודיום פערלאָזען און אויסוואנדערן אין דער גרויסער און ברייטער וועלט, זיך זוכען א פלאַץ וואו ער זאָל קענען פער־דינען זיין ברויט, ניט אונטער דעם שוץ פון דעם רוסישען טיראן. וויא ער איז אנגעקומען נאך סאן־פראַנציסקאָ, האט ער אנגעפאנגען צו אר־ביטען אלס בוכהאלטער אין א קליינעם געשעפט, ביז ער האט זיך ארויפגעאַרבייט אלס בוכהאלטער און געשעפטס־פיהרער אין איינעם פון דיא גרעסטע געשעפטס־הייזער פון דיעזער שטאדט. זיין וואונש עפּעס העכערעס צו ערהייכען, זעלבסט א גרויסער געשעפטס־מאן צו ווערן, האט אין איהם אנגעהויבען צו וואקסען יעדען טאג מעהר.

עפּעס נייעס, עפּעס פרישעס, אויפרעגענדעס; א געגענשטאַנד וואס זאָל איהם קענען געבען דיא געלעגענהייט ער זאל זיין איינשטע־לונגס־ און־אונטערנעהמונגס־קראַפט בענוצען. דאס איז געווען דיא אויפ־גאַבע, וואס האט איהם בעשעפּטיגט.

וויא ער האט ערבליקט, נאך אין דעם זעלבען פריה־מאָרגען דיא ציימונג און געלעזען איבער דער מערקווירדיגער אויפשריפט, האט איהם עפּעס א פרעמדעס געפיהל בעמעכטיגט און אן אינערע שטימע האט איהם געזאָגט:

— ריעזמאַן, דאָ האסט דוא בעשעפטיגונג!

וויא ער איז נור פון געשעפט א היים געקומען, האט ער זיך גלייך גענומען צו דער צייטונג און זיך אניעדערגעזעצט צו דער ארבייט, ער זאל ערפאַהרען וואס דער אויפשריפט איז. אין דער ערשטער האלבער שטונדע האט ער געענדיגט צוויי ווערטער, וואס האבען זיינע געהירן און נערווען, וויא אויף א פאָלטער־מאשין געלעגט. דיא צוויי ווערטער ווארען מיט לאַטיינישע בוכשטאבען און דאס מערקווירדיגע דאביי איז געווען, זיי האבען געלויטעט: „אבנים טובות“.

## דאס קעסטעלע ברילִיאַנטען.

**ברילִיאַנטען! אין דער העברעאישער שפּראַכע!**

**דער יונגער־מאַן האט ניט געוואָלט רוהען ביז ער וועט אַלעס ער־פאַהרען.**

עס וואר שוין באַלד דריי אוהר מארגענס און מארקוס האט בלויז געהאט צוואוואָרפענע ווערטער פון דעם מערקווירדיגען דאָקומענט אויס־געקליעבען און אַלע ווארען העברעאיש. דאס איז אויך געווען דיא אור־זאַכע, וואס דיא וועלט האט זיך אזוי געבראכען דיא קעפּ און עס איז אזוי שווער געווען צו פאַלען אויף דער אידעע, וואס פאר א שפּראַכע עס איז.

דיא זון האט שוין אנגעהויבען צו שיינען אין מזרח־זייט און מאר־קוס ריעזמאַן האט יעצט אויפגעגעבען זיין ארבייט פון ווייטער זוכען ווערטער, וואס ער האט שוין געהאט אויפגעלעזט. פאָלגענדע צוואוואָר־פענע ווערטער מיט העברעאישע בוכשטאבען, האט ער אויף דעם בויגען פּאַפּיער פאר זיך אויסגעשטעלט:

חליתי.... לא אוכל נשוא.... ברעב אנוע.... אבנים טובות.... טמנתי.... בול עץ.... גוי לחית השדה.... קבר ישראל.... בעד טרחתו.... אשה ובנים.... במדריד הספניה.... נזר האפבו.... תבת עץ תמצא.... בדמי.... חיים ראָדריגה....

**איבערזעצונג:**

איך בין קראנק.... קען ניט אויסהאַלטען.... איך געה אוים פאר הונגער.... ברירליאַנטען.... בעהאלטען.... א קלאָץ.... מיין קערפער צו דיא חיות פון פעלד.... קבר ישראל.... פאר זיין מיה.... פרוי און קינדער.... אין מאדריד שפּאַניען.... דעם קרוין פון דעם אפאבו.... א הילצערנע קעסטעלע וועסט דוא געפינען.... מיט מיין בלוט.... חיים ראדעריגאָ....

**ווען מארקוס האט דאס אַלעם איבערגעלעזען, אַבוואָהל עס איז**

ניט געווען גאנץ פערשטענדליך, אבער עס איז שוין גענוג געווען עס זאָל מאכען קאכען זיין בלוט אין זיינע אָדערן פאר אויפרעגונג.

אן אוצר! בריליאנטען! עס ליעגט אויף א זיכערן פּלאַץ, וואס קיין מענש האט עס נאך ביז יעצט ניט געפונען.

ער איז געווען זיכער אז קיינער האט נאך דיא מערקווירדיגע אויפ־שריפט ניט איבערגעלעזען און ער האט שוין געשפּיערט, דאס זיין גייסט פליהט אין יענער ווילדער געגענד, פון וואנען דער רייזענדער איז געקומען און אן אונגעהייערעס פערמעגען ערוואַרטעט איהם.

## ב.

## חיים ראָדעריגאָ.

מאַרקוס איז ניט געווען קיין נאַרר און האט זיך ניט געוואָלט לאָזען פערפיהרען פון זיין ערשטער אויפרעגונג. וויא עס איז ריכט טאג געוואָ־רען, האט ער זיך אבגעוואשען און האט פריהער אנגעשריעבען א בריעף צו דעם בעל־הבית פון זיין געשעפט, אין וועלכען ער האט איהם ער־קלערט, דאס ער איז קראנק און עס וועט איהם פאָרלויפיג אונמעגליך זיין צו געהן אין געשעפט. ער האט געבעטען, פיעללייכט וועט ער זיך פערזאמען א פּאָר טעג, זאל מען איהם ענטשולדיגען, ביז ער וועט זיך ערהאָלען.

ער האט זיך נאכהער אביסעל בערוהיגט און האט אנגעפאנגען נאכצודענקען, וואס עס איז צו טהאָן. ער האט אנפאנגס מורא געהאט יעמאנדען דערפון צו דערצעהלען, טאָמער וועט אן אנדערער פּראָפיטירען פון זיין וויכטיגע ענטדעקונג. ער האט זיך אבער נאך אייניגע סעקונדען ערינערט אן זיינעם א פריינד, מיט וועלכען ער האט בעקאנטשאפט געמאכט אין סאַן־פראנציסקאָ. דיעזער וואר א געוויסער פּראָפעסאָר לאקאָמב, א פראנצויז און א בעריהמטער היסטאָריקער. ער האט זיך ענטשלאָסען דאס גאנצע געהיימניסע צו ענטדעקען פאר דיעזען

געלעהרטען און איהם פרעגען איבּ דיעזער דאָקומענט האט עפּעס א היסטאָרישען באָדען.

ער האט זיך זעהר געפרייט אויף דעם ענטשלוס און האט זיך אנ־געקליידעט און נאך א קורצער צייט האט ער זיך געפונען אין דער גע־גענוואַרט פון דעם געלעהרטען מאַן.

פּראָפעסאָר לאקאָמב, וואר א מאַן פון א יאהר 50, אבער ער האט נאך אויסגעזעהן גענוג שטארק און מוטהיג. ער האט בערייזט, אין דיא לעצטע 20 יאהר, כמעט יעדע אונבעקאנטע און אונערפאָרשטע גע־גענד פון אמעריקא, אויף דיא הוצאות און אויפטראג פון דער „געאָגראַ־פישען געזעלשאַפט" פון סאַן־פראַנציסקאָ. אויך ער האט א מאל מיט 10 יאהר צוריק דעם אויפשריפט אויפ'ן קלאָץ געזעהן אין דיא „ווילד וועסט", 300 ענגלישע מיילען, זיד־וועסט פון סאַן־פראַנציסקאָ, אבער ער האט אין זיין רעפּאָרט דאריבער א פּאר אונבעדייטענדע ווערטער גע־שריעבען, וועלכע האבען ווענינ אינטערעסע געהאט. ביי דיעזער געלע־גענהייט, ווען דיא אויפשריפט איז אין דיא צייטונגען ערשיענען, האט ער זיך דערמאנט אן אלעמען, אבער דאס האט אויף איהם א קורצען איינדרוק געמאכט.

ווען ריעזמאַן איז פאר איהם ערשיענען, האט ער זיך זאגאר גע־וואונדערט וויא ער קומט אין מיטען דער וואָך צו איהם; אבער ווען דיעזער האט איהם געזאגט, דאס ער האט איהם א געהיימניס מיטצו־טהיילען, האט לאקאָמב אויפגעשטעלט מויל און אויערן איהם אויסצו־הערן.

מארקוס האט איהם דערצעהלט פון אנפאנג ביז צו ענדע און האט ארויסגענומען דעם בוינען פּאַפּיער און איהם געוויעזען וואס ער האט ענטדעקט. דער פּראָפעסאָר האט איהם גאנץ אויפמערקזאם אויסגעהערט, אבער ווען ער איז געקומען צו דעם נאמען: „חיים ראָדערינאָ", איז לאַ־קאָמב אויפגעשפּרונגען, גלייך וויא א קוגעל האט איהם געטראָפען.

— וואס איז? האט מארקוס פערוואונדערט געפרעגט.

— פריינד! — האט לאקאמב געענטפערט — דוא האסט א מערק־ווירדיגע ענטדעקונג געמאכט, וועלכע וועט דיך אויך בעלוינען פאר דיין מיה!

— ווייסט איהר עפעס פון דער געשיכטע? — האט מארקוס ניי־גיעריג געפרעגט.

— איך האב ביז יעצט נאך ניט געוואוסט,—האט דער פראפעסאר נאכדענקענד געזאגט—אבער יעצט וויים איך שוין זעהר פיעל....

ער איז ביי דיעזע ווערטער צוגעגאנגען צו א גרויסען שראנק ביכער און האט פון דארט ארויס־געשלעפט א דיקען בוך און נאכדעם, וויא ער האט אייניגע אויגענבליק געבלעטערט זוכענדיג, איז ער ענדליך געבליעבען שטעהן און אויפמערקזאם געלעזען.

— דאס איז עס! — האט ער אויסגעשריען.

מארקוס האט אויך פראבירט ארייינצוקוקען, אבער דיא שפראכע איז איהם פארגעקומען פרעמד.—עס וואר שפאניש.

— זעה דא! האט לאקאמב מיטן פינגער געצייגט—דאס איז דיא „קווארטא עפאקא", וואס דיא שפאניש־שפרעכענדע געאגראפישע גע־זעלשאפט האט ארויסגעגעבען. אט הער, איך וועל דיר איבערזעצען וואס דא שטעהט:

„דיא אינדיאנער האבען דעם פלאץ גערופען „דער וועג צו דיא עוויגע יאגד־פעלדער". מיר זיינען געווען דיא גאנצע מאנשאפט וואס זיינען אריבערגעקומען מיט קאלומבוס'ן מיט דער שיף „לא־פינטא". וויא מיר זיינען אנגעקומען אין דיעזער געגענד, האבען מיר בעגעגענט א גרויסער טהייל פון דיא אפאכען־אינדיאנער. מיר האבען פערלאנגט מען זאל אונז געבען עסען, אבער זיי האבען אויסגעזעהן ערגער צוזיין פאר זייערע אנדערע אינדיאנישע שבטים, וועלכע האבען אונז אזוי גוט בעהאנדעלט. ניט גענוג וואס מען האט אונז קיין עסען

ניט געוואָלט געבען, האבען זיי נאך אנגעהויבען אויף אונז צו שיסען מיט פיילען. מיר האבען זיך, נאטירליך, ניט געלאָזען. גאנצע דריי שטונדען האט דיא שלאַכט צווישען אונז און דיא אינדיאנער גע־דויערט, ביז מיר האבען געהרגעט זייער הויפּט־מאן, וואָס האט אויף זיין קאָפּ געטראגען א קרוין פון בריליאנטען, וואס האט מעהר ווערטה געהאט וויא א גאנצעס אייראָפּייאישעס קעניגרייך. מיר האבען שוין נאטירליך אלעס געהאט, אבער אונזער שמחה איז אונטערבראָכען געוואָרען. געגען אבענד זיינען אנגעקומען זעהר פיעלע אנדערע אפּאכען און מיר זיינען געווען געצוואונגען צו אנטלויפען. מיר זיינען געלאָפען א גאנצע נאכט. יעצט אויפ'ן צווייטען מארגען האבען מיר זיך ארומגעזעהן, האט אונז געפעהלט דאס טהייערסטע פון אלעמען, דאס וואר דיא בריליאנטען, וועלכע דער איד ראָדע־ריגאָ האט געהאלטען, אויף דעם אויפטראג פון אונזער הויפּט־מאן. מיר האבען זיך שוין מעהר ניט געקענט צוריקקעהרען איהם זוכען, ווייל מיר האבען מורא געהאט פאר דיא אינדיאנער. א מהייל האבען געזאגט אז ראדעריגא, ווייל ער איז א איד, האט ער אוודאי דיא בריליאנטען צוגענומען און איז אנטלאפען, איך האב איהם אבער געקענט אלס אן עהרליכען און בראווען מאן. איך גלויב, אז ער איז ענטוועדער אריינגעפאלען אין דיא הענד פון דיא אינדיאנער, אדער ער איז פערלאָרען געגאנגען לויפענדיג אין דער אונגליקליכער וועג מיט דיא בריליאנטען צוזאמען און וועט שטארבען פאר הונגער".

— אָט דיעזע ווערטער, — האט דער פּראָפעסאָר געזאגט, ווען ער איז פערטיג געווארען מיט זיין איבערזעצונג — האט א שפּאניער מיטגע־טהיילט, ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט נאך שפּאניען און דיא „קוואר־טא עפּאָקא", האט דאס קאפּירט פון א זיכערע קוועלע.

מארקוס'ן האבען דיעזע ווערטער אזוי איבערראשט, אז ער האט אויפ'ן פּלאץ גאר ניט געקענט ריידען.

— אלזא, האט ער ענדליך געזאגט—איז דאך דיא גאנצע געשיכטע ווירקליך דארט דער שאַץ, וואס בעטרעפט אזוי פיעל וויא אן אייראַפּייאישעס קעניגרייך!

— אזוי שיינט עס,—האט לאקאמב געענטפערט—אבער יעצט מוז מען שווייגען קיין ווארט דאריבער ריידען. קיין מענש דארף דערפון ערפאהרען. איך פרייע מיך וואס דוא האסט זיך אן מיר פערטרויט, איך האָף אז עס וועט זיך בעצאהלען פאר דיא מיה וואס מען וועט זיך געבען.

ג.

# דער ווילדער אינדיאַנער.

עס וואר דעם 18טען מאי ....188, ווען מארקוס ריעזמאן און פּראָפעסאָר לאַקאַמב, האבען בעשטימט זייער רייזע אנצופאנגען נאך דער ווילדער געגענד וואו דיא בריליאנטען ווארען בעהאלטען שוין בייגאהע 400 יאהר. לאקאמב איז ניט ארים געווען, זא האט ער דאס גאנצע רייזע געלד געגעבען. מארקוס האט אויפגעגעבען זיין שטעלע און האט ערקלערט אז ער מוז אפרייזען. פון דער געהיימנים האט קיינער ניט געוואוסט, אויסער ער און זיין פריינד דער פּראָפעסאָר.

לאַקאמב וואר א געאייגנעטער מענש צו דיזער אונטערנעהמונג. זיינע פערגאנגענע רייזען, האבען איהם גענוג געלערנט, וויא פאָרזיכטיג מען דארף זיין אין דיזע געגענד צווישען דיא ווילדע אינדיאנער.

ער האט געקויפט גענוג געוועהר פאר זיך און זיין פריינד. יעדער האט געטראגען צוויי שווערע רעוואָלווערס, א קורצעס שטיך־מעסער און אויף דיא אקסלען א נייעם ווינטשעסטער־ביקס.

בלויז איין הונדערט מיילען האבען זיי געקענט מיט דער באהן פאהרען, דיא איבריגע רייזע האבען זיי געמוזט מאכען צו־פוס. לאקאמב, וועהרענד זיינע לעצטע רייזען, איז צו דער ערפאהרונג געקומען, אז צווישען דיא אינדיאנער איז זעהר געפעהרליך צו וואנדערן, ווען עס איז ניט דא

אן עקספּעדיציאָן פון מעהרערע צעהנדליג מענשען. דאריבער וויא זיי זיינען אנגעקומען אויפ׳ן אינדיאנישען טערריטאָריום (לאַנד), האבען זיי זיך געווענדעט צו אן אינדיאנישע פאמיליע, א פאטער מיט א זון, מיט וועלכע זיי האבען אנגעפאנגען צו אונטערהאנדלען זיי זאָלען זיי בעגלייטען אויף זייער רייזע ביז צום „וועג פון דיא אייביגע יאַגד־פעלדער״, וויא דיא אינדיאַנער האבען דיא געגענד נאך איצער גערופען. דער אלטער אינדיאַנער וועלכען מען האט גערופען „דער ווילדער אָקס״, איז א מאל געווען אין זיין יוגענד א הויפטמאן איבער א באנדע אינדיאַנער, נאָר אויף דער עלטער האט ער דאס שלאַכט־פעלד פערלאָזען און האט געוואָלט פערברענגען זיינע איבריגע יאהרען אין פריעדען. ער איז אויך געווען א גוטער און עדלער אינדיאַנער, ער איז נאך ניט פערדאָרבען געוואָרען, דורך דעם אומגאנג מיט ווייסע מענשען. זיין זוהן, „דיא שטאַרקע האַנד״, איז שוין אבער ניט געווען וויא זיין פאטער. זיין וואָרט איז קיין וואָרט געווען און דיא ווילדקייט, בלוט־דורסטיגקייט, איז איהם געלעגען אין זיינע אויגען וואס האבען זיך געוואָרפען וויא ביי א טיגער. דער אלטער „דער ווילדער אָקס״, האט אויך פון איהם זעהר וועניג געהאלטען און האט חושד געווען זיין ווייב, אז זיין זוהן „דיא שטארקע האַנד״ איז א ממזר, דערפאר וואָס ער האט ניט דעם פאטערס נאַטור.

דיעזע צוויי אינדיאנער האט לאַקאָמב פערשפּראָכען 150 דאָלער, ווען זיי וועלען זיי צופיהרען ביז צום „וועג פון דיא אייביגע יאַגד־פעלדער״ און צוריק.

לאַקאָמב האט אויך געוואוסט, אז אין דער געזעלשאפט פון דיעזע אינדיאנער איז ניט אזוי געפעהרליך, ווען מען בעגעגענט זאגאר אנדערע ווילדע, וויל צוליעב זיי וועלען דיא אנדערע אינדיאַנער קיין אנגריף מאכען אויף דיא ווייסע מענשען.

— מיינע ווייסע ברידער, — האט דער אלטער געזאגט — ווילען א רייזע מאכען צום „וועג פון דיא אייביגע יאַגד־פעלדער״ איך וועל זיי בע־

גלייטען פאר דער פערשפּרעכענדער סומע. מיין זוהן וואָלט אבער געקענט צו הויז בלייבען. נאָר ווען איהר ווילט אונבעדינגט ער זאָל אויך מיטגעהן, ווייל לויט וויא איך פערשטעה, ווילט איהר א גרעסערע בעגלייטונג האַבען, מעג „דיא שטארקע האנד" אייך אויך בעגלייטען און דער גרויסער גייסט זאָל אונז העלפען.

מארקוס און דער פּראָפעסאָר האבען אנפאנגס ניט פערשטאנען וואס דער אלטער האט געמיינט, אבער אין א קורצע צייט שפּעטער, האבען זיי שוין אלעס ערפאהרען.

איידער זיי האבען אבגערייזט, האבען זיי געקויפט צוויי פערד פאר זיך אליין, ווייל דיא אינדיאנער האבען געהאט זייערע אייגענע. זיי האבען אנגעקויפט עסענוואַרג גאנץ גענוג פאר דער קליינע עקספּעדיציאָן און אלעס האט מען אויף דיא פערד אנגעלאַדען.

עס וואר אונגעפעהר דריי אוהר נאכמיטאג, ווען אלע פיער האבען פערלאזען דאס שטרוי־שטיבעל פון אינדיאנער און האבען אנגעהויבען זייער רייזע פּאָרטצוזעצען אויף דער פלאכער געגענד, וואס וואר בעוואקסען מיט טיעפען גראז. דאָ און דאָרט, האט מען אויך געזעהן א בוים, אדער דיא גאנץ ניעדעריגע ביימלאך פון פערשיעדענע גאָלדענע פריכטע, וואס וואקסען אין יענער געגענד.

וויא דיא זון האט אנגעהויבען ווייטער צו געהן, האבען דיא פערד אנגעהויבען בעסער צו שפּאנען, דען דיא שטיקענדע לופט, האט יעדעס מאל אנגעהויבען קיהלער און קיהלער צו ווערן.

זיי האבען געמאכט אין איינינע שטונדען א גאנץ גוטע רייזע, אבער ווען עס איז געקומען אונגעפעהר אום 10 אוהר ביי נאכט, זיינען זיי גראדע צוגעקומען צו א וואסער, וואו זיי האבען דיא פערד פריהער אנגעטרונקען, דאן זיינען זיי א קליינעם בארג אריבערגעפאהרען און דער אלטער „דער ווילדער אָקס", האט ערקלערט דאס מען דארף רוהען. דיא פערד זאָלען

זיך אביסעל ערהאָלען, ווייל זיי האבען נאך פאר זיך א גאנץ ווייטע שטרעקע צו מאַכען.

אלע רייטער זיינען פון זייערע פערד ארונטערגעשפרונגען, האבען אויפ'ן גראז אויסגעשפרייט דעקען, דיא זאטלען פון דיא פערד אראָפּגענומען און זיך געזעצט עסען זייער נאַכטמאהל מיט גרויס אַפּעטיט. דיא לבנה האט געשיינט וויא ביי טאג און אונזערע רייזענדע האט דיא נאַכט גאר ניט געקימערט זיי זאלען קענען אלעס זעהן וואס ארום זיי טהוט זיך. מארקוס'ן האט דער יונגער אינדיאַנער „דיא שטאַרקע האנד" פון אנ־פאנג אן ניט געפעלען און ער האט ניט אויפגעהערט איהם צו קוקען אין געזיכט און שטודירען אלע זיינע ציגע, דעם גאנצען וועג וואס זיי זיינען געפאהרען און ווען זיי זיינען אויפ'ן גראז געזעסען. זיין שטיל־שווייגען, זיינע ווילדע אויגען האבען אויף איהם א שלעכטען איינדרוק געמאַכט און ער האט געפיהלט, אז אן אונבעקאַנטע מורא בעהעררשט איהם.

וויא זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט זייער נאַכטמאל, האבען זיי זיך אנגעהויבען אויסצובעטען מיט זייערע פעקליך און זיך לייגען שלאָפען. מאַרקוס איז צוגעגאנגען צום פּראָפעסאָר און האט איהם דערצעהלט פון דעם איינדרוק וואס דער אינדיאַנער האט אויף איהם געמאכט. לאַקאָמב האט זיך אויסגעלאכט און האט איהם געהייסען זיך לעגען שלאָפען אָהן זאָרג. נאכדעם וויא זיי האבען זייערע פערד צוגעבונדען און געלאזען זיך פאַשען אויפ'ן גראז, זיינען דיא אינדיאַנער געוועזען דיא ערשטע וואס האבען זיך געלעגט, נאכדעם לאַקאָמב. מארקוס האט זיך אויך צוגעלעגט, אייניגע שריט ווייטער פון פּראָפעסאָר, אבער ער האט זיינע אויגען ניט געקענט צומאכען.

עס איז פאַראיבער אן ערך פון א האלבע שטונדע, זיינען זיי שוין אלע געשמאַק געשלאָפען. „דיא שטאַרקע האנד" האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען, ארויסגענומען פון זיין גארטעל א לאנגען מעסער און וויא א קאַץ האט ער זיך אנגעפאנגען צוצורוקען צום פּראָפעסאָר. ער איז

שוין געווען נאָהענט לעבען איהם, זיין מעסער האט א בליץ געגעבען אין שיין פון דער לבנה און איין אויגענבליק האט דאס באלד דורכגעבויערט לאַקאַמב׳ס ברוסט.... אין דער זעלבער צייט האט געקראַכט א שאָס, און דער אינדיאַנער מיט׳ן מעסער אין האנד איז צוריק געפאַלען טוידט.

דער פּראָפעסאר לאַקאמב און דער אינדיאַנער „דער ווילדער אָקס" האבען זיך אויפגעהאַפּט און ווען לאַקאָמב און דער אלטער אינד־יאנער האבען זיך אומגעקוקט, האבען זיי בעמערקט מאַרקוס׳ן שטעהן מיט א רעוואָלווער אין האנד, וועלכער האָט זיך נאך געררייכערט. דער יונגער מאן האט אין קורצע ווערטער ערקלערט וואס עס איז געשעהן, וויא אזוי ער האט געראַטעוועט לאַקאָמב׳ס לעבען. ער האט געמיינט אז דער אלטער וועט זיך וועלען אן איהם נוקם זיין, אבער וויא ערשטוינט איז ער געוואָרען, ווען ער האט געהערט דעם אינדיאַנער זאגען:

— מיין ווייסער ברודער האט מעהר ניט געטהאן וויא רעכט איז און דער שולדיגער האט בעצאהלט גאנץ עהרליך פאַר זיין זינד.

„דיא שטארקע האנד" איז געווען דורכגעשאָסען דורך׳ן קאָפּ און דער אלטער, נאכדעם וויא ער האט איהם גאנץ אויפמערקזאם בעטראַכט, האט ער ערשט ערקלערט, וואס ער האט געמיינט דערמיט, וואס ער האט געזאגט איידער זיי האבען אפגעריזט.

— מיין זוהן,—האט ער ערקלערט—איז געווען א שלעכטער מענש איך וויים, אז ער איז ניט פון מיין בלוט, דערצו האבען איהם נאך דיא ווייסע מענשען שלעכט געמאכט, דערמיט וואס ער האט זיך אבגעלערנט זייערע שלעכטע מדות. ער האָט געזעהן ביי אייך געלד און דאס האט ער גע־וואָלט אוועקרויבען.

אלע האבען שוין דיעזע נאכט מעהר ניט געשלאָפען. אויפ׳ן צווייטען מאָרגען, האבען זיי אויסגעגראבען א גרוב און דעם יונגען אינדיאַנער בעערדיגט.

— זאָל איהם דער גרויסער גייסט מוחל זיין,—האט דער אינדיא־

נער געמורמעלט געריהרט ווען מען האט איהם אין גרוב אריינגעלעגט— ער האט געוואָלט מיינע וויסע ברידער הרגנען, דערפאר וואס זיי האבען זיך אן איהם פערטרויט, דיא קוגעל פון מיין ווייסען ברודערס רעוואָלווער האט אבער שוין אן ענדע געמאכט פון זיין שלעכטעס הערץ.

לאקאמבּ׳ס פערד וואס ער האט געקויפט איז ניט געווען אם בעס־טען, דערפאר האט ער דאס איבערגעלאזען און האט זיך אויפגעזעצט אויף דעם גוטען פערד, וואס איז איבערגעבליעבען פון דעם טוידטען אינדיאנער און האט זיין רייזע פאָרטגעזעצט.

ד.

## דער סקעלעט.

נאך איינער רייזע פון צוויי טעג מיט צוויי נעכט, זיינען אלע דריי גליקליך אנגעקומען צום בעשטימטען פלאץ. מארקוס׳ס הערץ האט גע־קלאפּט פאר אויפרעגונג.

דער פּראָפעסאָר האט שוין גאנץ גוט געקענט דיא געגענד און ער איז גלייך געגאנגען אין דיעזער ריכטונג, וואו דער קלאץ איז געווען.

עס איז געווען א מין העהל וואס דיא נאטור אליין האט געבילדעט ווער ווייסט מיט וויאפיעלע טויזענד יאהרען צוריק. דיא געגענד איז דאָרט זעהר שטיינעריג און דער קלאָץ, וואס איז געווען זעהר גרויס און דיק, איז געלעגען אין דער העהל, אבגעווענדעט פון לופט און רעגען, דאס איז אויך געווען דיא אורזאכע, ווארום ער האָט זיך אזוי פעסט און שטארק געהאלטען נאך פיעלע הונדערטער יאהרען. דעם אינדיאנער האבען זיי מיט דיא פערד געלאזען און זיי האבען זיך גענומען צו דער ארבייט.

וויא זיי האבען אנגעפאנגען אריינצוגעהן אין דער העהל האבען זיי געמוזט אנצינדען ליכט, ווייל דיא זוהן האט א הין ניט אריינגעשיינט. דאס וואר דער קלאָץ, וואו דער אונגליקליכער ראָדעריגאָ איז מיט פיער הונ־דערט יאהר צוריק געווען. זיי זיינען ענדליך צוגעקומען צום קלאָץ און

מארקוס האט זיך צוגעבויגען, ארויסגענומען א בליישטיפט און האט אנ־געפאנגען נאכצוקוקען דיא בוכשטאבען. אלעס איז געווען פיעל דייטליכער וויא אויף דער צייטונג וואס ער האט געלעזען. נאך איינער קורצער אר־בייט, איז איהם געלונגען זעהר פיעלעס צו ענטדעקען, וואס האט איהם געמאכט ער זאָל אויפשפרינגען פאר פרייד.

— אלעס איז אונזערעס! — האט מארקוס אויסגעשריען.

נאך א קורצע בעראַטהונג, האבען זיי אנגעהויבען ווייטער צו געהן. וויא זיי זיינען אפּגעגאנגען א דרייסיג שריט, האבען זיי זיך אפּגעשטעלט.

— דא איז נאך דער סקעלעט! — האט לאַקאָמב אויסגעשריען צייגענדיג אויף א מענשליכען סקעלעט וואס איז געלעגען אן א זייט פאר זייערע אויגען.

— דאָ דארפען אויך זיין דיא ברילּיאַנטען! — האט מארקוס געזאגט.

זיי זיינען צוגעגאנגען צו דעם סקעלעט און האבען איהם גאנץ גוט בעטראכט, עס ווארען אבער מעהר ניט וויא ביינער, וואס זיינען שוין דאָרט געלעגען בײנאהע פיער הונדערט יאהר. דיעזע ווארען פון דעם ארמען חיים ראָדעריגאָ, וואס איז געקומען צוזאמען מיט קאלומבוס׳ן נאך אמעריקא.

דיא ערד איז זייער הארט געווען. זיי האבען ארויסגענומען זייערע מעסערס און האבען אנגעפאנגען צו פּראָבּירען אין אלע זייטען, אבער זיי האבען מעהר ניט געטראָפען וויא שטיין. ענדליך האט לאַקאָמב אונטער־געהאלטען דעם סקעלעט און אונטער איהם איז שוין דאס מעסער לייכ־טער אין דער ערד געגאנגען. ער האט געגראָבען און געגראָבען, ביז דאס מעסער האט אנגעריהרט עפּעס וויא א וייכען געגענשטאנד. מארקוס האט געהויבען נעהענטער דאָס ליכט און — עס האט אנגעהויבען צו בלישצען אין דיא אויגען. דאָרט זיינען דיא ברילּיאַנטען!

עס וואַר ריכטיג ווי זיי האבען זיך פאָרגעשטעלט: דאָרט האט דער אונגליקליכער א הילצערנע קעסטעלע מיט ברילּיאַנטען בעגראבען, אבער

אין דער לאנגער צייט, איז דאס האָלץ פערפוילט געוואָרען, אבער דיא בריליאנטען זיינען געבליעבען. — דאָס איז געווען אן אונגעהייערעס רייכטהום! זיי האָבען אנגעפאנגען גאנץ לאנגזאם אויסצוקלייבען דיא טהייערע שטיינער פון דער ערד און אין א קורצער צייט האבען זיי אנגעפילט א קליין זעקעלע מיט בריליאנטען.

זייער פריידע איז געווען זעהר גרויס.—מארקוס האט געזאגט אז ער וויל מקיים זיין דעם וואונש פון דעם לאנג־פערשטאָרבענעם און זיינע ביינער וועניגסטענס בעערדיגען אויף א אידישען בית־עולם. דער פראפעסאָר איז איהם אויך ניט דאגעגען געווען און ווען זיי זיינען ארויסגעקומען, האט מארקוס מיט זיך מיטגעטראגען דעם סקעלעט, וועלכער האט זיך באלד צושאָטען, וויא ער איז ארויס אויף דער פרייער לופט. ער האט דיא ביינער צוזאמענגענומען און זיי שפעטער בעערדיגט אין סאן־פראנציסקאָ אויף דעם אידישען בית־עולם.

דיא קליינע עקספעדיציאָן האט זיך אומגעקעהרט גאנץ גליקליך און קיינע אינדיאַנער האבען זיי בעמערקט.

„דער ווילדער אָקס“ האט פאר זיין מיה בעקומען 300 דאלער און דיא צוויי רייזענדע האבען נאכדעם אבגערייזט נאך נאָרד־אמעריקא און אייראָפּא, וואו זיי האבען דעם גרעסטען טהייל פון זייערע בריליאנטען, פערוועגדעט אין געלד.

---

אין דער וועלט־שטאדט פאריז, לעבען איינעם פון דיא גרעסטע האָטעלן, זעהט מען שטענדיג שטעהן פיעלע רייכע עקיפאזשען פון בארא־נען, גראפען און מארקיזען. מען הערט פאכט יעדען אבענד שפיעלען מוזיק, מען לעבט דאָרט א גוטען טאג. דא אין דיעזען האָטעל וואוינט אונזער גליקליכער מארקוס ריעזמאן. גאנץ פאריז קלינגט מיט דעם רייכען אמעריקאנער.

ער האט זיך בעגעגענט מיט דיא שעהנסטע פרויען פון׳ם פאריזער

אדעל און זיינע בליקען זיינען ענדליך געבליעבען צוגעקלעפּט צו דער יונ־גער גרעפין שארלאָטע־דע־מאָנטיבאָן.

דיעזע שארלאָטע, וועלכע וואר קוים צוואנציג יאהר אלט, האט זיך דורך איהר בלענדענדער שענהייט אין גאנץ פּאריז בעריהמט געמאכט. מיט רעכט האט זיא פערדיענט דעם נאמען „מוסטער דער שענהייט". דאס אויג וואס האט זיא נור דערזעהן, האט זיך ניט געקענט זאַט אנ־קוקען, דאצו וואר זיא זעהר געבילדעט און ריידענדיג מיט איהר, האט מען געמוזט גלויבען, אז זיא איז דיא גוטסקייט אליין.

— דאס איז דיא וואס איך זוך—האט זיך מארקוס געקלערט.

און ער האט אנגעהויבען ארום איהר צו טאנצען וויא אן עכטער פּאריזער קאוואליער.

שארלאָטע וואר דיא טאָכטער פון דעם בעקאנטען גראף עמיל דע־מאָנטיבאָן, וועלכער האט זיך בעריהמט געמאכט דורך זיין פערשווענ־דעריש לעבען. זיין פּאלאץ וואר פון דיא שעהנסטע פּאלאצען אין פּאריז און אָבוואָהל מען האט געמורמעלט, אז אין דעם פּאלאץ איז אזוי פיעל ציעגעל ניט דאָ וויא פיעל טויזענדער פראנק דער גראף איז שולדיג, פון דעסטוועגען האט דאס אלץ געהייסען „דעם גראף מאָנטעבאָן'ס פּאלאץ" און א הער האבען זיך געצויגען דיא פיינסטע לייט פון פּאריז. דען אין דיעזע רייכע זאלען פון דער פּראכט־געביידע, האט מען געלעבט וויא אין גן עדן און דאצו וואר די יונגע שארלאָטע אזא מאגנעט, וואס האט צו זיך געצויגען דיא שעהנסטע יונגע לייט.

דער רייכער אמעריקאנער האט אנגעהויבען שארלאטען דיא קור צו מאכען און האט דאס גליק געהאט פון איהר אליין, וויא אויך פון איהרע עלטערן אויף דעם פריינדליכסטען ארט בעהאנדעלט צו ווערן. שארלאָטע האט זיך צו איהם פיעל מעהר אלס צו אלע איבעריגע קאוואַ־ליערען צוגעלאָזט. עס האט לאנג ניט געווערט, האט זיך שוין מארקוס געוואגט פאר איהר צו קניען און איהר זיין פייעריגע ליעבע צו ערקלערן.

די „מוסטער דער שענהייט“ האט הערענדיג מארקוס׳ס פייעריגע ווארטען גליקליך געשמייכעלט און האט, נאר אהנע לאנג צו דענקען, איהם איהר האנד געגעבען מיט די ווארטען:

— די האנד האט געהערט צו דיר פון דער ערשטער מינוט, וואס איך האב דיך דערזעהן, מיין טהייערער מאקס. מיט דער גרעסטער פריידע גיב איך דיר זי יעצט דוא זאלסט מיך פיהרען וואוהין דוא ווילסט.

אויב עס טרעפט א מאל, דאס אין דער וועלט גיעבט איינער וואס איז דער גליקליכסטער אונטער דעם הימעל, איז דער איינער קיין אנדערער געווען וויא מארקוס.

ער האט ערדייכט וואס ער האט געוואלט, ער האט געפונען וואס ער האט געזוכט און מיט פערגניגען האט ער זיך פארגעשטעלט די איבערראשונג פון דעם פראפעסאר לאקאמב, אלס ער וועט דערזעהן שארלאטען און ער וועט מוזען געשטעהן, דאס ער האט יעצט אין פאריז געפונען א פיעל טהייערערען בריליאנט, וויא די אלע בריליאנטען וואס זיי האבען געפונען אין „ווילד וועסט“.

א שרעקליכע מהומה איז געווארען אין דער פאריזער אריסטאקראטישער וועלט אלס די צייטונגען האבען בענאכריכטיגט, דאס די טאכטער פון דעם גראף דע מאנטעבאן, איז פערלאבט געווארען צו דעם יונגען אמעריקאנער מיליאנער, וועלכער איז ניט לאנג א הער געקומען פון קאליפארניען.

אין א שעהנעם אבענד, ווער דער פאלאץ פון דעם גראף דע מאנטעבאן פראכטפאל אילומענירט, הונדערטער עקיפאזשען האבען א הער געבראכט טויזענדער רייך־געקליידעטע הארען און דאמען.

דאס איז מען געפאהרען אויף דער מזל'דיגער חתונה פון אונזער גליקליכען מארקוס מיט גרעפין שארלאָטע פאָן מאָנטעבאַן.

אין דעם זעלבען אבענד האָט דער קאבעל געבראכט צום פראָפעסאָר לאקאמב, אין סאן־פראנציסקא, פאָלגענדען בעריכט:

„גראטולירט מיך, פריינד, איך האָב געפונען דאָס, וואס איך האב געזוכט. דאס איז דיא גרעפין שארלאָטע דע מאָנטעבאַן. דער גליקליכסטער אין דער וועלט איז יעצט אייער — מארקוס".

דער פּראָפעסאָר האָט זיך אויף איינינע מינוטען פערטראכט און האט זיפצענד געזאָגט:

— ניעב גאָט ער זאָל קיין חרטה האבען!

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער מאָנאט יאַנואר איז אָנגעקומען.

דער ווינטער האָט זיך ארויסגערוקט מיט זיינע זאווערובעס (שטורם־ווינד'ס) און האָט דיא איינוואוינער פון סאן־פראנציסקאָ אין זייערע הייזער פעריאָגט, דען אין דער גאס זואר אונמעגליך ארויסצוגעהן. יעדער איז געזעסען לעבען דעם ברענענדען אויוען, אדער געגען קאמין און האָט זיך געוואָרעמט. אויך דער פּראָפעסאָר לאקאָמב איז געזעסען אין זיין פרעכטיגען זאל נעגען קאמין און האט זיצענדיג אויף א ווייכען שטול פערגניגט גערויכערט זיין לאנגע פייף.

ער האָט געמאָנט פערגניגט זיין, דען זיינע מיליאָנען, וואָס ער האט ערוואָרבען פון זיין טהייל בריליאנטען, האבען איהם צוויי הונדערט טויזענד דאָלער יעהרליך איינקינפטע געבראכט. ער האט אין דער קורצער

ציִיט, וואס ער איז רייך געוואָרען, זיך א גרויסען נאמען ערוואָרבען דורך דיא פיעלע וואָהלטהעטיגקייטען וואס ער האט געטהאן.

זיין בעליעבטע בעשעפטיגונג נאכצופאָרשען דיא אלטע היסטאָריע פון דיא אלטע פעלקער, איז איהם אויך יעצט ליעב געווען און זיצענדיג אזוי אין זיין ווייכען זעסעל האט ער געטראכט וועגען אן אלטען דאָקומענט געשריעבען אויף פאַפּיער, וואס איהם איז דיא טעג א קאָפּיע דערפון אין דיא הענד געקומען.

פּלוצלונג האט ער דערהערט א קלונג אין דער טיהר־גלאָק.

— ווער קען דאס ביינאכט אזוי שפעט קומען? — האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט אויפהייבענדיג דעם קאָפּ.

זיין בעדינטער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט דאס א יונגער מאן ווינשט אויגענבליקליך מיט דעם פּראָפעסאָר צו שפּרעכען.

— זאָל ער אריינקומען — האט לאָקאָמב געענטפערט.

אין איינינע מינוטען ארום האט זיך דיא טיהר געעפענט און א יונגער מענש, זעהר ארים געקליידעט איז אריינגעקומען.

— מארקוס! — האט דער פּראפעסאר העכסט ערשטוינט און ערציטערט א געשריי געטהאן.

— יא, פּראפעסאר, דאס בין איך דער אונגליקליכער מארקוס — האט דער גאסט וויינענד געענטפערט.

— אבער אום גאָטעס ווילען, וויא אזוי ביסט דוא אונגליקליך געווארען? דוא האָסט דאָך מיר געשריעבען, אז דוא ביסט דער גליקליכסטער אין דער וועלט, וואו איז דיין שארלאָטע?

— א! דערמאנט ניט דעם נאמען פון דיזען טייפעל,—האט מאר־

קוס צארניג געשריען—זיא האט מיך אין אבגרונד געשליידערט.

— אבער וויא אזוי?

— גאנץ איינפאך, איהר פאטער איז געוועזן א בעל־חוב איבער דיא אויערן און דיא טאכטער, וואס איז ניט בעסער פון איהם, האט זיך ענטשלאסען מיך אין איהר נעץ צו פערשטריקען, אום מיט מיין געלד דעם פאטערס חובות צו בעצאהלען. קוים האב איך זיא געהייראטהעט, האט זיא מיך אין א קורצער צייט אזוי אבגעשונדען, דאס איך בין געבליעבען אהן א סענט און, אלס איך האב שוין קיין געלד געהאט האט זיא מיר אזעלכע שמערצען פערשאפט, דאס איך האב געמוזט אנטלויפען וואוהין דיא אויגען וועלען מיך טראגען. מיט דער גרעסטער מיהע האט מיר געלונגען א שיפסקארטע אלס קאיוטען־פאסאזשיר צו בעקומען און האב מיך קוים פערשלעפט אהער. יעצט בין איך אבערמאלס דא נאך ארימער אלס איך וואר בעפאר איך האב דיא בריליאנטען געפונען.

דער אונגליקליכער האט מעהר ניט געקענט ריידען. ער איז קראפטלאז אויף א שטול געפאלען און האט זיך וויא א קליין קינד פאנאנדערגעוויינט.

— איך האב געבעטען גאט דוא זאלסט קיין חרטה האבען, — האט דער פראפעסאר זיפצענד געזאגט — אבער ער האט מיין תפלה ניט אנגענומען. נור פערפאלען. דוא וועסט שוין דעם פעהלער ניט פערריכטען. דוא דארפסט ניט זארגען, מיין קינד, דען פון יעצט אן און ווייטער, וועל איך דיין פ א ט ע ר זיין. דוא ביסט א שותף צו מיין געלד, וואס איך האב דורך דיר ערווארבען און ווייטער זאלסט דוא קליגער זיין.

— א, פאטער! —האט מארקוס א געשריי געטהאן פאלענד דעם

